## באַמערקונג:

מיט „פּעננונביקסלער“ איז געמיינט דער אוטאָר. דאָס קומט דערפון, וואָס אַ געוויסע צאָל פּאָלעמישע נאָטיצן האָבן זיך אָריגינעל געדרוקט אין דער סעריע פעליעטאָנען מיטן נאָמען "פ ע נ ו נ - ב י ק ס" (פען און ביקס).

# אַן ענטפער די הערן קריטיקער *

מיין בלאָנדע נאַרוועגערין האָט מיך געפרעגט:

— ווער זענען די מעשוגענע דערווישן, מיט צעשויבערטע בערד און צעסאַרפּעטע אויגן, וואָס שטייען הינטער אונדזער פענצטער און פאָכען מיט די הענט און שרייען „גיט אונדז זיין קאָפּ״?

און איך האָב זיך געטוליעט צו איר און געזאָגט — ניט אַרויס־קוקנדיק דורכן פענצטער:

— שרעק דיך נישט, מיין טייער לעבן. דאָס זענען מיסטאָמע אידישע ציימונגסשרייבער. עס איז אַ ראַכמאָנעס אַף זיי. זיי נייטיקן זיך נעבעך אין אַזאַ קאָפּ ווי מיינעם. ביטע, הייס גרייטן צום טיש די טערקישע, שמעקעדיקע קאַווע!

און טרינקענדיק די ביטער־געשמאַקע קאַווע, און רויכערנ־דיק מיין פּרימאָרגנליולקע, האָב איך — צווישן רויכרינגען — דיק־טירט צו מיין סעקרעטאַר דעם פאָלגנדיקן האַלבענטפער צו די הערן פון דער קריטיק:

קאָלעגן פון דער ק.! מיין שוואַכלעכע קאָמעדיע „סוקסעס״ איז נישט געשריבן געוואָרן, צו דערהויבן די בינע, אָדער וועמען נישטיז. איך האָב געשריבן מיין טעאַטערשטיק מיטן זעלבן צוועק ווי עס איז געפירט געוואָרן די איצטיקע מילכאָמע: — די לעצטע איז געפירט געוואָרן קעדיי אָפּצושאַפן מילכאָמעס, און איך האָב געשריבן מיין פּיעסע מיט דעם צוועק צו מאַכן אַ גרויס פּאַרמעגן און נישט דאַרפן מער אָנקומען צו פּיעסנשרייבעריי.

מיט מיין דראַמאַטורגעריי האָב איך געוואָלט באַווייזן צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז אַפילע איך, אַ נישטדראַמאַטורג, קען אויך אָנ־שרייבן אַ „וואונדערבאַר מייסטערווערק״ פאַרן אידישן טעאַטער. און צווייטנס, אַז אַפילע איך, דער גלענצנדיקער, לירישער, דיכטערישער נאַדיר קען אויך נישט אָנשרייבן קיין ליטישע פּיעסע. אוןביידע זאַכן זענען מיר אומגעהויער געלונגען.

קאָלעגן פון די טעגלעכע גאַזעטן: איך בין זיך מוידע, אַז איך האָב באַגאַנגען מאַיעסטעט־באַליידיקונג קעגן זיין האַהייט, עקסע־

---

*) מיין ערשטע פּיעסע „סוקסעס״, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן פון מאָריס שוואַרצן אין זיין קונסט־טעאַטער, האָט אַרויסגערופן אַ שטורם פון „קריטיק״, אַ דאַנק דעם, וואָס די פּיעסע באַהאַנדלט דעם שאַפלען שטאַנד פון דער אידישער דראַמאַטורגיע פון יענער צייט. (1918).

לענץ, האַכווירדען, דורכלויכט, רעווערענץ און אַלערהייליקייט —
דעם אידישן ציטונגשרייבער, האַלעלויע!

איך בין אַ פּאַרנומענער מענטש, האָב איך נישט געהאַט קיין צייט זיך צו דערוויסן, אַז אַ מאַנצביל וואָס באַשעפטיקט זיך מיט אַזאַ דורכאויס-נאָבעלער ארבעט ווי שרייבן אין די בלעטער איז די קרוין פון אַלע קרוינען, דער שפּיץ פון אַלע שפּיצן, די מאַיעסטעט פון אַלע מאַיעסטעטן. און אַז דאָרטן וואו אַ דראַמאַטורג מעג זיך באַנוצן — צו גוטן אָדער צו שלעכטן — מיט דעם נעשאָמע-מאַטעריאַל פון איטלעכן קלאַס מענטשן, טאָר ער אָבער בעשום-אויפן נישט אָנרירן די אומבאַפלעקטע, געטלעכע יונגפרוילעכקייט פון דער הייליקער בסולע, מיטן נאָמען „קונסט".

איך האָב דאָס נישט געוואוסט, מיינע דורכאויס-ערהאַבענע ברידער פון דער שער-און-פעדער! איך האָב נישט געוואוסט, אַז אייך, הערן פון דער ק., מעג מען בלויז באַשיר-האַשירים'ען — ווי איך האָב עס געטון אין מיין „ערהאַבענער", „געטלעכער", „אונ-ערהערטער" מייסטערסקיצע מיטן נאָמען „אַף דער ברעזע פון פערל און גאָלד", וואָס דאָס איז אייך באַכישעם זייער געפעלן געוואָרן.

יאָ, איך האָב נישט געוואוסט, אַז דער דורכאויס-נאָבעלער, דורכ-אויס גראַנסעניאָרישער ציטונגסמענטש איז אַזוי נישט-צום-אָנרירן ווי אַן איידעלע אַלפּענבלום, און זיין פּאַרשוינלעכקייט איז הייליק, ווי קאָרפּוס-קריסטי, אָדער — אַן אַלט שטיקל שיימעס, וואָס וואַלגערט זיך אין פּאַליש.

געליבטע! פרעג מיך: וואָס דען האָב איך יאָ געוואוסט? און איך וועל דיר ענטפערן: איך האָב געוואוסט, אַז ב'טעווע איז מיין קאָלעגע דער אידישער ציטונגסשרייבער שאַפלדיק ווי גראָז, און אַ ניכנע פאַר יעדן איינעם וואָס האַלט אין דער האַנט ס'שנירל פון זיין פּאַרנאָסע-נעבעך, אומבאַשריען! איך האָב געוואוסט, אַז דו, מיין קאָלעגע פון דער פען, ביזט דער שמייכל אַפן הער רעדאַקטאָרס פּאָנים — ווען ער שמייכלט, די טרער אין זיין אויג — ווען ער וויינט, און דער צאָרן-קנייטש אַף זיין פּאָנים — ווען ער איז אין קאַס. איך האָב אָבער נישט געוואוסט, אַז דו, אידישער ציטונגסשרייבער, ביזט אַזוי נאַריש-שטרויספויגלדיק, און אַז דו גראָבסט איין דיין שוואַך קעפּל אין זאַמד, קעדיי די דרויסנדיקע וועלט זאָל נישט זען דיינע שוואַכקייטן.

הערן פון דער ק.! איר באַשולדיקט מיך, אַז איך האָב גע-וואָרפן אַ כשאַד אַף דעם „ערלעכן נאָמען" פון דער אידישער ציטונגסשרייבעריי, אַף דער ריינקייט פון זייער ליליען-פון-שאָרענ-

דיקער רעפּוטאַציע אַלס פאַרהייראַטע מענטשן? מיין ענטפער איז: עס איז נישט וואָר. אַדראַבע. וואָס מען זאָל נישט זאָגן וועגן די אידישע צייטונגסמענטשן, אָבער זיכער איז, אַז זיי זענען די בעסטע, ערלעכסטע, געטרייסטע, נאָבלסטע פאַמיליענפאָטערס וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן. טויזנטער פון זיי זיצן טאָג-ווי-נאַכט אינדער-היים און וויגן די „בעיבעלעך", און העלפן זייערע ליבע פרויען אין דער קיך-אַרבעט, און זיי האָבן אַפילע נישט קיין צייט צו לייענען אַ ביכל — אָט וואָסאַרע נאָבעלע פאַמיליענפאָטערס זיי זענען!

און וועגן די נאָבעלע, דורכאויס-מאַגדאַלענישע פרויען פון די אידישע צייטונג-מענטשן, האָב איך שטענדיק געהאַט די בעסטע מיינונג. זיי זענען ענגלען — וואָהרע ענגלען, אַזוי זאָל אונדז גאָט העלפן. איינס ווי איינס געקליבענע און דורכגעזיפּטע מאַלאָכימלעך, וואָס די גאָטהייט האָט זיי אַראָפּגעשיקט אַף אונדז. איך האָב בלויז געוואָרפן אַ שטיקל כשאַד אַף דער גוטסקייט פון איין-איינציקער פרוי פון איין-איינציקן אידישן ליטעראַט, און אַף דער סיכלדיקייט פון איין-איינציק ליטעראַריש מיידל פון איין-איינציקן ליטעראַרישן קאָפּ.

פאַרשטייט איר עס, איר גאָטבאַגאַבטע פאַמיליענפאָטערס?

ווען אַ דראַמאַטורג שילדערט, צומביישפּיל, אַ אידישן בלעכערס אַ פרוי אַלס האַלב-פאַרדאָרבענע, קומען נישט צולויפן אַ דעלעגאַציע פון בלעכערס און שרייען: „וואו איז דער דראַמאַטורג? מיר ווילן אים קעפּן!" ניין. בלעכערס זענען נישט קיין צייטונגסמענטשן. זיי זענען באַלעסיכל. פאַרשטייען זיי, אַז עמיצנס פרוי מוז דאָך (לייכאָל הדייעס) זיין אַ פאַרדאָרבענע, אַז נישט — וואָס וועלן טון די ראָמאַנענשרייבער, דראַמאַטורגן, סקיצנשטעפּער, און אַזוי ווייטער? „און אויב אַזוי", טראַכטן זיך די בלעכערס — "וואָס שפּילט אַ ראָליע איין פאַרדאָרבענע פרוי צישן אַזוי פיל ערלעכע בלעכער-ניצעס?"

אָבער ווען עס פּאַסירט, אַז עמיצער וואַרפט כאָלילע אַ שאָטן פון אַ שאָטן פון אַ כשאַד אַף אַ ווייב פון אַ אידישן שרייבער (אַ שרייבער, מערקט אייך, וואָס „פּאַרפירט" טאָגטעגלעך עטלעכע יונג-פרויען אַף דאַף גימל פון דער צייטונג, און מאַכט דאַפון אַ שיין לעבן!), אַך, וואָס פאַר אַ מאַרכשטורעם עס הויבט זיך אויף! און אַך, ווי מען לויפט נאָך דעם פיין-אויסגעפוצטן משה נאַדיר, און מען וויל אים קרייציקן מיט אַ העכשער פון האָראַוו רעב זישעלע, ניירע יאָאיר!

אַגעוו, פאַרשטייען די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן פון קריטיק, אַז די דראַמע (איבערהויפּט די קאָמעדיע און לוסטשפּיל)

האַנדלט נישט מיט דער רעגעל, נאָר מיט דער אויסנאַם? און אויב די מאַדאַם אַשקענאַזים און סאָניעס און קאַרליקס און בוכבינדערס און שאַפּירס זענען בלויז אַן אויסנאַם אין אונדזער פּאַפּירענער וועלט, איז דאָך דאָס אַ באַווייז, אַז אַלע איבעריקע פעדערפירער זענען כאַכאָמים־דע־לוקס, גרויסע דענקער, נייוויאַים, סאַנהעדרין, איבער־מענטשן, סופער־שרייבער, און עס קומט דאָך מיר דערפאַר אַ דאַנק פון דער דזשואיש־סענטראַל־פעדערייישאָן־אָוו־קונסט־קריטיקער!

פאַרשטייט זיך, אַז ווען אייער פּאַפּירענע הויכקייט וואָלט געהאַט אויגן נישט נאָר אַף צו קוקן, נאָר אַף צו זען, וואָלטן זיי עפּשער באַמערקט אַף מיין ברעם אַ וואַסערפונק פון ראַכמאָנעס צו זיי, — די גייסטיקע באַלבעלאָכעס וואָס האָבן נעבעך אַלע יעסורים פון אַ געווינערין, אָן דעם נאַכעס פון האָבן אַ קינד. — וואָלטן זיי אַרויס־געהערט פון מיין אַשקענאַזין און פון ברענערן, אַז נישט אויסלאַכן בין איך געקומען, נאָר מעלאַנכאָליזירן איבער זיין פּסעוודאָ־קינסט־לעריש וועלטל, וואָס איז אַזוי פרעמד צו אַלעמען — אַפילע צו זיין אייגענער פרוי, און אַפילע צו די „ליטעראַרישע" מיידלעך, וואָס וואַרימען זיך באַם גראָשענעם ליכט פון זיין רוהם, און — ווי זיין שאָטן — פאַרלאָזן זיי אים, אַזוי גיך ווי ער טרעט אַריבער אין דער פינצטערניש פון אומדערפּאָלג.

געזונטע קינסטלער, געזונטע מענטשן, האָבן נישט קיין מוירע, אַז מען רירט זיי אָן, אַז מען ווייזט זיי זייער פּאָנים אין די קרומע שפּיגלען פון סאַטירע. נאָר די שוואַכע, די היסטערישע, די מיעס־פּאָנימדיקע דערשרעקן זיך אַף טויט, ווען עס פאַלט אַף זיי דאָס ליכט פון אַ שמייכלדיקן אויג.

— 1918.

# אַ בריוול צו אַב. קאַהאַן

דאָס איז אַ בריוול צו דעם מעשוגענעם פּאַרעצל, וואָס גייט אַקעגן זיין שאָטן מיט אַ ביקס, און וואָס שיסט, יעדן אָפּדערנאַכט, אין דער זון אַריין, קעדיי זי צו פאַרלעשן.

דאָס איז אַ בריוול צו דעם פּאַטעטישן האָן, וואָס פּרובט אויפ־הויבן אַ פליגל און — פליען. ער פאַרגעסט, אַז ער איז שוין עפּשער זיבן דוירעס קיין פויגל נישט געווען. און איצט קען ער בלויז אַרומגיין מיטן אויפגעשטעלטן קאַם, זיך בייזערן און — שלינגען ווערים.

דאָס איז אַ בריוול צו דעם גרויסן „טשיפּטאַן" פונעם ווילדן פּעני־פּעני־שייוועט, וואָס טאַנצט אין אַ שטרויען קליידל און טראָגט אַ — צילענדער. דאָס איז אַ בריוול צו דעם צירק־פּאַרזעניש, וואָס שפּילט אַף אַ פידעלע און שמייכלט צו דער „פּלענטעיענטע", און פּאַכעט מיטן עק פון זיין פערדל, ווי מיט אַ שווערדל (גראַם). און שרייט, אַז ער איז אַ מעשוגענער, פּליז, לאָז מען אים שענקען אַ קיניגרייך!

איך האָב פאַר דיר גאָר ווינציק דערעך־ערעץ, דו שיין־פּאָנים־דיקער נאַר! שוין עפּשער צוואַנציק יאָר, ווי מיין אויג פאָלט צייטנ־ווייז אַף דיין שווינדלעריי. איך הער דאָס וואָיעוועז פון דיינע קרעפּטיקע לונגען. כ׳זע די שפּיציקייט פון דיינע ווייסע ציין. און איך פאַרשטיי, ווי שלעכט עס מוז זיין אָן ערלעכע וואָנצע אַף דיינע ליפּן: וואָס מוז זי זיך אָנהערן פאַר אַ נאַרישקייטן! וואָס מוז זי זיך אָנאָטעמען מיט דיין הייסן אַפּעטיט פאַר... קנישיקלעך מיט קונסט, פאַר פרויען־ליטקעס מיט... סאָציאַליזם, פון וואַרעניקלעך מיט... מוזיק!

— מעקאַנע זיין? — דו מיינסט, אַז יעדער איז דיך מעקאַנע, דו פּוקס, דערפאַר וואָס דו ביזט אַ קאָמבינאַציע פון אַ פוקסן־עק מיט אַ ווינט־פענדל, וואָס דרייט זיך מיטן ווינט? דו מיינסט, אַז קיינער ווייסט נישט, אַז דיין טראָן, דיין קרוינשטול, איז בלויז אַ קינדעריש „טשעיר" מיט אַ טעפּל פון הינטן? מיר האָבן שוין באַ גרעסערע „קרוינשטול־שטעקערס" די פּענצטער אַרויסגענומען. זיי

געלאָזט פאַר דער וועלט — נאַקעט און נאַריש. דעמאָלט זענען זיי פון דער טאָגס זון פאַרסאַמט געוואָרן.

דו, פון די צען גאָרן מיט שוויינעריי!

דו ביזט אַ זומפּל, אַ קליין, געדיכט זומפּל, מיט אַביסל שימל־בלישטש פון אויבן. אָבער אונטער דיין בלישטשענדיק הייטל איז די כאָלעריע! ווי אַ זומפּ שפּיגלסטו אָפּ אַלצדינג מיטן קאָפּ אַראָפּ! ווי אַ זומפּ ציסטו די פליגן צו זיך. אַ קרעטשמע פול מיט רויך איז דיין האַרץ. אַ וואָרט־קרעטשמאַר, אַ בעזהאָלאָוויע־טרעפער פון... קריטיק. דו, וואָס האָסט (ווי איך האָב דיר שוין אַמאָל געזאָגט אַף אַ באַנקעט פאַר שלום אַש'ן) פאַרכוויזעקט און פאַרלוויזיקט די אידישע שפּראַך. דו, וואָס דו לערנסט דיינע לעזער אַף שלעכטן אידיש צו ווערן גוטע באַלבאַטימלעך. דו אַסימילאַטאָר און קליינבירגער! דו שאַטנעז־מענטש. דו קאַסאָקע פּאָליטיקער, וואָס איין אויגל שטייט באַ דיר טאָמיד צו מיזרעך און ס'אַנדערע צו מאַירעוו!

דו, וואָס דו שלעפּסט זיך אַרום מיט דיין האָנאָר, ווי אַ פליג מיט אַ... פלוי! דו, וואָס באַ דיר איז רעכט דערהאַרגענען באַדאַי אַ טעאַטער־שטיק אָדער אַ בוך, אַבי צו באַפעסטיקן דיין נאָמען אַלס וואָרזאָגער און טרעפער. דו, וואָס דו פאַלסט אַף די קני און טוסט אין די הויזן פאַר יעדן וואָס האָט אַ העכערן קאַפּעליוש פון דיר. (אַף קאָפּ, און אַף עמעסע הויכקייט, ביזטו נישט קיין מייווין!). דו, וואָס דו ביזט שטאַרק — קעגן אַלע וואָס ליגן אַף דר'ערד, איבער־געפאָרן; און שוואַך, קעגן אַלע וואָס שטעלן אַנטקעגן דיין נאָז די פינף בלייכע קנעבלעך פון אַ פויסט!

דו האָזן־יונג, מיט דער וואָנצע פון אַ לייב. דו גייסטיק פאַר־זעעניש. דו, וואָס דו ביזט באַשאַפן צו האַנדלען מיט קוילעטשן אַף אַ יאַריד, — דיר איז איבערגעגעבן געוואָרן אין דער האַנט אַריין די וואַשקעס צו דעם אידישן „קולטור־וואָגן", מישטיינס־געזאָגט. ווי אומענדלעך טרויעריק דאָס איז. אָבער — דו וועסט פאַראיבערגיין, ווי אַ שלעכטער ווינט, וואָס בלאָזט פון שטייענדיק וואַסער! דו ביזט אַ זומפּל! בלויז אַ זומפּל! מיר וועלן דיך אויס־טריקענען, און ווייטער גיין. און עפּשער — מ'קען דען וויסן? עפּשער וועלן מיר נאָך אַף דיין אויסגעטריקנטן אָרט אונדזערע גערטנער בויען! דו ווייסט דאָך: פון אַ טומע מעג מען בויען עפּעס בעסערס. שלעכט איז נאָר, וואָס דו האָסט דערווייל אַף שיין־מענטשלעכע סענטימענטן דיין טומע אויפגעבויט — צען שטאָק שוואַרץ.

פאַרוואָר! דו האָסט דיך איינגעשפּאַרט, אַז דו מוזט אַליין

אַנטדעקן אַלע דײַנע צײַטונג־טאַלאַנטן, װי די מעשוגענע פּרינצעסן אַגדאַ, האָסטו אַ טעװע צו נעמען אַ קינד צישן די קניעס און שרײַען, אַז דו ביזט ערשט געלעגן געװאָרן דאַמיט. װי יענע מעשוגענע אַגדאַ, גײסטו דורך אַלע יעסורים פֿון געבורט און װערסט געלעגן מיט — װינט. װי יענע אַגדאַ, טײַלסטו דערנאָך לעקעך און בראָנפֿן צו די „הױפּלײַט", און הײסט דיר אָפּגעבן „מאַזל־טאָװ!" נאָר אַמאָל טרעפֿט, אַז אײנער איז אַביסל צו גרױס פֿאַר דיר — די קענסט אים נישט נעמען צישן די קניעס און... געבױרן. אָך, ביזטו דעמאָלט בײז! דײַן טיגער־װאָנצע שטעלט זיך אױף װי אַ גלאַנצבערשטל. דײַנע אױגן הױבן אָן שפּײַען מיט טינט. װי אומגליקלעך דו ביזט דעמאָלט! דאָס לעבן גײט דיר נישט אײַן — אַפּילע נישט דאָס זאַמלען פֿון אַלטע גומע־בענדלעך, װאָס דו נעמסט אַראָפּ פֿון צו־נעשיקטע קסאָװים. אַפּילו נישט דײַן דאַר טײַסטערל מיט די צװײ קנאַק־שלעסלעך, אין װעלכן דו קלױבסט קאָװעד, געלט, שאָטנס — דער רואַך װײסט דיך פֿאַר װעמען!

... װעגן מעקאַנע זײַן! איך האָב אַמאָל גאַנצע צען מינוט נאָכאַנאַנד מיך אָנגעשטרענגט דיך מעקאַנע צו זײַן מיט דײַן געלט, מיט דײַן מאַכט, אָבער איך בין אינמיטן דרינען אַנטשלאָפֿן געװאָרן. אַז איך האָב מיך אױפֿגעכאַפּט, איז מײַן אַלטער בלאָלעכער פּאַפּוגײַ געלעגן אױף דײַן צײַטונג — אַקוראַט דאָרט װאו דײַן נאָמען איז, און רואיק געטאָן זײַנס. די זון איז דעמאָלט געװען אױף דער אײבערשטער שױב פֿון מײַן פֿענצטער. אין דרױסן האָבן אידן געטראָגן אַ נײַ סײפֿער־טױרע אין שול אַרײַן. און די מוזיק האָט געשפּילט: „יעס סיר, דעהט׳ס מאַי בײבי!"

דעמאָלט איז מיר געקומען אין זין דײַן „רפֿאל נעריצך", און דײַן ליטעראַרישער בורלעסק־טאַנץ, צו דער מוזיק פֿון דעם נעגער־לידל:

"Isn't it a shame to steal on Sunday—When you can steal Monday—And Tuesday, and Wednesday—And Thursday and Friday and Saturday too?"

דער קעלבערנער סאָציאַליזם דײַנער: „גאַנװעט נישט... אױס שאַבעס, איך בורזשױען". ס׳איז נישט אָנשטענדיק! קױלעט נישט קײן מענטשן — אומגעװאַשן! פֿאַרגװאַלטיקט נישט... פֿאַרן דאַװע־נען."

נײַן, קאַהאַן־לעבן! איך שמאַטעװע מיך נישט אַרום מיט קינע צו דיר. ס׳איז עמעס: דו עסט דרײַ מאָל אַ טאָג. ס׳איז אױך עמעס, אַז דו „פֿאַרדינסט" צװאַנציק מאָל אַזױפֿיל װיפֿיל איך. אָבער

דאָס איז דאָך יווישערדיק און פּראָסט! אויב דו פּאַרדינסט, לאָמיר זאָגן, 500 דאָלאַר אַ וואָך, און אויב „אַרבעט" ווערט באַצאָלט לויט אומפּייאַיקייט (וואָס אומפּייאַיקער אַלץ מער) — זאָג איך דיר דעם עמעס, אַז איך דאַרף דאַנקען גאָט וואָס איך דערלייג כאָטש נישט אַ הונדערטער אַ וואָך צו מיין שרייבן.

ווייטער שרייב איך דיר, מיין פּינצטערער, אַז — דו ביזט אַרומגערינגלט מיט שאַמאָסים און אונטערלעקערס. אָבער וויסן זאָלסטו, אַז זיי האָבן דיך פיינט, ווי דו האָסט פיינט יעדן ברעקל טאַלאַנט, יעדן ערלעכן מענטש, יעדן אָרנטלעכן אַרבעטער.

וויסן זאָלסטו, דו מיעסער מענטש, אַז זיי זענען גרייט אויס־צולעשן דיין שטיקל נאָמען, ווי דו ביזט גרייט אַרויפצושטעלן דיין פּוס אַף יעדן פונק פייער וואָס קען דיין געצעלט אַרומנעמען.

:: :: ::

ס'איז ניט ווייט דער טאָג, ווען דער רעוואָלוציאָנער אַרבעטער וועט זיך דערנענטערן צו דיר, דו זומפּל, און זאָגן: „אויסטריקענען!"

:: :: ::

## טוירע און סכוירע און געפּוצטע שטיוול

אַף דעם באַנקעט לעקאָוועד כ' אָלגין דאָ אַנומעלטן, אין דעם „קאַפּיי פון די צימבלען", האָבן זיך אַרויסגערוקט די „זיידענע שרייבער" פון לעבן אונדזער טיש, די כאָסן־באָכורים, וואָס שטייען אין שידוכים מיט שיינע אידייען, און וואָס עסן דערווייל קעסט וואו ס'לאָזט זיך, און עס איז אַוועק אַ גערייד וועגן דעם, אַז די „פּרייהייט" מיט אירע רעדאַקטאָרן און שרייבער מעג זיך שעמען אין ווייטן האַלדז אַריין. פאַרוואָס? ווייל־אַזוי. ווייל, ערשטנס, לעמאַי זענען מיר נישט קיין עסרוויגים? צווייטנס, פאַרוואָס האָבן מיר נישט קיין קאָשערע פּיטעמס? דריטנס, זענען מיר נישט גענוג דזשענטללייט — מיר שלאָגן נידריקער אַפילע פון אידישן גאַרטל און מיר שאַנעווען אַפילע נישט דאָס אָרט, וואו דער פּלישטי איז אידישער ווי אומעטום.

האָבן מיר וויפיל מאָל אַוועק? דריי מאָל! פּערטנס: פע, מיר רעדן גראָבע רייד און מיר בענטשן נישט נאָכן עסן. פינפטנס, פאַר־וואָס לייגן מיר נישט אָפּ די קלאָסן־מילכאָמע ביז וואַנען די כאָשעווע קאָלעגן אָפּאַטאָשו און לעיעלעס און מנחם וועלן זיך האָבן אויס־געפּרעסט די הויזן און אָפּגעמאַכט האַוודאָלע?

:: :: ::

דער שפּיץ פון אַט־דעם לאַנגן פּאַלעמישן ציגאַר־שפּיץ איז געווען אונדזער כאַווער ליוויק. כאַטש גערויכערט האָט אַפּאַטאָשו, און געטשאַדעט האָט קאַלעגע מנחם. ליוויק דער „רויטער" האָט דערמאָנט, אַז מען קען זיין רויט אַרום דעם מויל — נישט נאָר פון אַן אויסגעשלאָגענעם צאָן, נאָר פון... עסן איינגעמאַכץ.

ליוויק איז אַ . . . קומיסט. ער האָט זיך ביז איצט אַנטפּלעקט (שאַ, שטיל. זאָגט קיינעם נישט אויס!) אין די ווערטער: „אויפ־קום", „אָפּקום", „אונטערקום". באַ כ' אַלגינס באַנקעט האָט זיך קאַלעגע ליוויק אַנטפּלעקט פאַר אַן . . . אויסקומיסט. אַ איד, וואָס קען אויסקומען מיט אַלע ליטישע מענטשן, מיט אַ שיין זיידן־אידיש ספּאָדיקל, רויט דאַפון וואָס איז בעשאַם „שאַלישידעס" — ווען דער רעבע האָט געטאַנצט אַ געטאַנץ — אַריין אין פעסל בוריקע־באָרשט און איז אַרוים אַ רויטס, אַ לעבטיקס, שיער־שיער אַ רעוואָלוציאָ־נערישס...

:: :: ::

איך געדענק אַף מיין געזעגן־אָוונט, איידער איך בין אַוועק־געפאָרן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט ליוויק אויך געזיפצעט דאָס אייגענע געזיפץ וועגן קונסט־שמונסט, און וועגן מיסיע־שמיסיע, און וועגן דעם, אַז מיר... אַ קליינינקייט, מיר! — מיר די סאַמע־סאַמע! די קינסטלער, די קייאַנים, וואָס האָבן אַ קאָנצעסיע אַף מאָשיכ'ן — מיר דאַרפן זען. מיר דאַרפן „וואַטשן". מיר טאָרן נישט אַראָפּלאָזן אַן אויג פון דער אידישער געשיכטע.

זאָל מיר (פּשעפּראַשעם, טויזנט מאָל!) דערלויבט זיין צו זאָגן, דעם קאַלעגע ליוויק, אַז מיר פלעגט אַמאָל זייער נישט געפעלן זיין מאָשיכיסטיק און איצט געפעלט מיר שוין גאָרנישט זיין אויסקומיס־טיק, זיין ליטישקייט, זיין רייטן אַפן קינסטלערישן פערדל צוליב גימנאַסטיק. מיר געפעלט גאָרנישט — און ס'איז מיר קיינמאָל נישט געפעלן — די פירמע „אויגן־גלאָצעניש אונד זעהנע".

ליוויק איז געזעסן אין סיביר, האָט געליטן פאַר זיינע איבערציי־גונגען, האָט ער דערפון אַ היבש ביסל גוטע לידער געמאַכט. שפּעטער איז געקומען דער „הייליקער גייסט", האָט אים איינגערוימט אין אויער, אַז ער איז איינער פון די דריי קלוגע און הייליקע ליט פון בייס־לעכעם, האָט אים אַרונטערגערוקט אונטערן אָרעם צוויי פראַנצויזישע לאַבנס ברויט, וואָס האָבן אויסגעזען ווי לוכעס, און ער איז אַוועק צו די פאַרהאָרעוועטע מיט זיין משיכיזם (ער האָט זיי געוויזן די לוכעס, אָבער נישט אַוועקגעגעבן!), מיט זיין „אויסלייזונג" מיט זיין מיסיע־שמיסיע, און דערגליטשט האָט ער זיך ביז זיין

„מאָנונג", אַז מיר זאָלן למאַני־שעם זען צו נייען די נוויאים נייע קאַפּאָטעס אַף שאַבעס, — און נישט פאַרגעסן די וואַרעניקלעך מיט קאַשע פאַר דעם אינגסטן נאָווי, מיטן שוואַכן באהכל...

:: :: ::

איך רעד צו לייוויק'ן און נישט צו די אַנדערע „זיידענע יונגע־לייט", ווייל יענע שטייען ביכלאַל אין שידוכים מיט דער אידייע, מיט יענער אידייע.

לעיעלעס און אַפּאַטאָשו זענען — .אַזוי צו זאָגן — דערווייל אביסל פאַרהייראַט מיטן „טאָג". האָבן זיי זיך צייט אַרומצוגיין און אָנקוקן קאַלעס. לייוויק'ן אָבער האָט דאָך אַמאָל ווײ געטון!

וואַרעמט ער היינט אויף די אַלטע סענטימענטן, ווי אַ קוגל אַף זונטיק, און מיט וואונדן פּעדלט ער, און טאַינעס האָט ער, פּאַרוואָס מ'טראָגט די קינסטלער נישט אַף די קעפּ, און — פון ברייטן אידעאַליזם איז בא אים געוואָרן אידעל־ליזם.

געווען אַ מאָדע בא לייוויק'ן (ווי קימאַט בא אַש'ן) שטענדיק צו קומען אַריינצורייטן אַף אַ פערד. אין די אַלע רעדעס, וואָס איך האָב געהערט לייוויק'ן די לעצטע 3-2 יאָר, איז ער געווען אַ קאַוואַ־לעריסט. ס'מאַכט זיך אַמאָל, אַ הינקעדיקער זאָג איך... דאַרף מען אויך מיטן פערד אין שטוב נישט אַריינרייטן.

:: :: ::

איך געדענק, אַז אינגלוויז פלעג איך מיך ווינטער גיין גליטשן הינטער די יאַטקעס. דאָרטן איז דער גליטש געווען רויט פון בלוט. אָבער איך בין געווען אַ „זיידן קינד" און איך האָב פון די געקוילעטע שאָף און רינדער און אָקסן און לעמער נישט געטראַכט, איך האָב נאָר געוואוסט: אַ גוטער גליטש און אַ שלעכטער גליטש...

און אַז אַפן רויטן (עסטעטישן) גליטש איז נאָך געפאַלן אביסל נאַראַיעווער ווינטער־זון, איז שוין געווען גאָר־גוט.

ערשט איצט, נאָכדעם ווי איך בין דורכגעגאַנגען פּאָליטישע עלעמענטאַר־שול אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, פאַרשטיי איך ערשט די טיפע סינע, וואָס מ'טראָגט דאָרטן צו האַלבע סאָנים, און צו פערטל סאָנים — צו די קאַסאָקע און סאַמעטענע, צו די וואָס זענען צו גאָט און צו לייט. מער סינע טראָגט מען צו זיי, ווי צו גאַנצע סאָנים. די לעצטע זענען נישט האַלב אַזוי שעדלעך, ווי יענע, בא וועמען די ציין זענען רויט פון איינגעמאַכטס...

זייער וואויל האָט אין זיין פּראָסטן, גוטן, געזונטן צאָרן כאַווער מיילאַך עפּשטיין געענטפערט די קאָלעגן אַפּאַטאָשו, לעיעלעס און מנחם־באָריישאָ: אַז „נישט איר האָט אונדז ליב, נישט איר האָט

אונדז פיינט. איר קומט צו אונדז נישט פון א סאָציאַלן שטאַנד־פּונקט, נאָר פון א קינסטלערישן. מיר גיבן אייך א לעזער, מיר גיבן אייך דעם מאַטעריאַל אין וועלכן איר האַמערט־אויס אייער אומ־שטערבלעכקייט. איר פאַרבינדט זיך מיט אונדז נישט מיט א בריק פון פליישׁ־און־בלוט — נאָר מיט א פּאַפּירענעם בריק פון סקיצן און לידער."

:: :: ::

די „זיידענע" וועלן מיר פירוואַרפן: סטייטש, דאָס זאָגט נאַדיר! ער האָט דאָך אַליין „געדונערט פון באַרג סינאַי" אַף ביאַליק'ן פאַר זיין העברייאישקייט, גערופן אידיש „די הייליקע שפּראַך".

וועל איך אייך דערמאָנען, אַז איך האָב אויך געזאָגט (און שוין א סאַך פריער!), אַז עס איז נישטאָ קיין אידן אַף דער וועלט. עס זענען נאָר דאָ געפּאַטשטע גויים. הערט־אויף פּאַטשן א איד — האָב איך געזאָגט — און ער ווערט א גוי. און פאַרקערט: פּאַטש א גוי א פּאָר יאָר, ווערט ער א איד.

אידיש — אַף אַזוי פיל ווי עס איז דער פּאַטש־פלעק אַף אונדזער באַק, איז עס אונדזער מאַרטירער־צייכן. פאַרגייט דער פלעק, פאַר־גייט די „הייליקייט"! אַף אַזויפיל ווי מ'אונטערדריקט אין אַנדערע לענדער אונדזער שפּראַך — רעדן מיר זי אַף־צו־להאַכעס. פאַרבן מיר נישט איבער דעם פּאַטש־פלעק אַף הויט־קאָליר, נאָר מיר ווייזן דעם „הימל" אונדזער וואונד, אונדזער באַק, און מיר זאָגן: „כולי־גאַנעם!" אַף אַזויפיל אָבער ווי אונדזער שפּראַך איז (ווי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד) גלייכגעשטעלט מיט אַלע שפּראַכן, רעדן מיר זי יאָ, אָדער מיר רעדן זי נישט — ווי אונדז געפעלט!

נאָכאַמאָל, און קוקט אַריין אין סידערל, קינדער: דאָרטן וואו חיים נחמן ביאַליק לויבט און קרוינט די שפּראַך אַף וועלכער יעהאָווא האָט זיך געזידלט און געטופּעט מיטן פּוס און געשריגן, אַז ער איז דער איינאַונאיינציקער גאָט, און אַלע געטער זענען סמאַרקעס קעגן אים, האָב איך מיך אָנגענומען פאַר דער „שיפכע"... אָבער אַזוי גיך ווי די שיפכע קריגט א גוידער, און לאָזט זיך — אַף דער עלטער — אַריינשטעלן אַפּענדריזן, האָב איך זי נישט מער ליב די גווירטע...

אַפּן וועג צום מילכאָמע־פראָנט קען יעדער זעלנער רעדן וואָסער שפּראַך ער וויל, אָבער דער וואָס שטעלט זיך אָפּ און רעדט אידיש (אָדער טאָטעריש), דעם קומט צו מישפּעטן.

פרעגן פרעגט זיך: וואָס איז בעסער: אידישלעכקייט און

פּאָגראָמען? אָדער נישט קיין אידישלעכקייט און נישט קיין פּאָגראָמען?

איך בין זיך מוידע, אַז אין די נײַן כּאַדאָשים, וואָס איך בין געווען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, איז מײַן „אידישקייט" צערונען ווי שניי קעגן דער זון. און טאַקע ווייל איך האָב מיך באַצייגט, אַז... אין אַ שול דאַרף מען קיין מזוזע נישט, און אַז מ'הערט אויף פּאַטשן אידן, מען הערט־אויף פּאָגראָמירן, רינט־אויס דער מאַטעריאַל פון וואָס עס ווערט אידישקייט געמאַכט.

דאַרף מען, הייסט דאָס, באַשליסן: וואָס איז בעסער: „גאָלעס" און פּאָגראָמען און... מאַטעריאַל פאַר „אידישער קונסט"? אָדער אַ פריי, מענטשלעך לעבן, אָן שרעק פאַר פּאָגראָמען, אָן נידריקייט, אָן מאַטעריאַל פאַר „אידישער קונסט"?

פּאָגראָמען? אָדער אידישע קונסט?

„גאָלעס" מיט ש. ניגער'ס קריטיקן, אָדער נישט־גאָלעס אָן ש. ניגער'ס קריטיקן?

איך האָב שוין אַמאָל פריער געזאָגט, אַז אויב מען וויל, אַז דער פּאָסעק „האָב ליב דײַן ברודער ווי זיך אַליין" זאָל מקויעם ווערן, מוז מען זיך אַליין אויפהערן צו שטאַרק ליב צו האָבן.

אויב מײַן שפּראַך, מײַן פאָלק, מײַן קולטור איז (בּאַ מיר) בעסער פון מײַן שאָכנ'ס, איז זייער גרינג צו פאַרשטיין פאַרוואָס בּאַ מײַן שאָכן זאָל זײַן שפּראַך, זײַן קולטור, זײַן פאָלק זײַן בעסער פון מיר!

זאָל עס הייסן בּאַ אונדז: דער גוי, דער אייסאָוו, דער כאַם, דער איוואַן־שטינק, און — מיר בּאַ אים: דער זשיד, דער שיני, דער „קאַיק"? אָדער — איך חיים, און דו — איוואַן, און מיר ביידע: כאַוויירים, שכיינים. „געסט אַף אַ מינוט אין דעם ווײַנ־גאָרטן פון דער וועלט"?

זאָלן מיר, אידיש־ריידנדיקע מענטשן, וואָס האָבן אַזויפיל עמעסע וואונדן איבערגעלעבט, איצט — ווען די וואונדן האָבן זיך פאַרהיילט, זיך נייע וואונדן אָנפאַרבן... צוליב דעם כיין פון דער געשיכטע, צוליב דער „עסטעטיק פון מאַרטירערישקייט"?

אין שויץ־גריבער ליגן מיר, וואַרטן אַפן פייער, אַפן זיג. איז דער געדאַנק באַוואָפנט, נישט ווייניקער ווי דער קערפּער. זענען מיר נישט קיין „שיינע לייט" און מיר שיסן נישט מיט קיין זיידענער וואַטע. אַ בלאָטע האָבן די פּלישטים איבערגעלאָזט — אַ ווערימ־דיקע, אַ שטינקענדיקע. שטייען מיר דערוויי́ל אין אָט־דער בלאָטע און פּרואוון זי אויסטריקענען מיט דער ווארימקייט פון אונדזער

פלייש און בלוט. קומט אונדז אָבער אַ סוינע אַנטקעגן, וואַרפן מיר וואָס מיר קענען: אַמאָל שטיינער, און אַמאָל אַפילו בלאָטע... רע־וואָלוציע איז נישט קיין „פיינע זאַך", נישט קיין שאַבעס־אויבס. דורך בלוט און בלאָטע פון רעוואָלוציע גייען מיר צו שיינקייט און גייסטיקייט,דורך די טוכלע אונטערשטע היילן צו דער זון און צום באַרג.

איז אונדז דאָס גראָבע וואָרט נייטיק — נוצן מיר עס. נאָך מער: וואַרפט עמיצער אַ האַק אַף אונדז און די האַק טרעפט נישט, הויבן מיר זי אויף און — זי קומט צוניץ.

זאָל זיין פון סוינע, אַבי אַנטקעגן סוינע...

... מיט בלאָטע אויך און מיט גראָבע רייד אויך — צוליב דער אָפּשאַפונג פון בלאָטע און פון „מויל־מיסט"...

אַ „לייטישער כירורג" האָט אין זין זיין בערדל — אַ מענטש־לעכער כירורג האָט אין זין — זיין מעסער...

און ער עקלט זיך נישט פונעם געריך. ער ווייסט, אַ לעבן שטייט אין קאָן, לעבנס!

:: :: ::

דער אַרבעטער איז נישט קיין הייליקער. נישט קיין אָפּגאָט. מיר דינען נישט צו אים. מיר דינען צו אונדז און צו אונדזער ווילן צו מאַכן פון דער שטאָל אַ שטוב, ווייל אין שטאָל איז שווער צו לעבן!

נישט „הייליקע", נישט קייאַנים, נאָר ברידער זענען מיר — כאַווירים.

איך דערלויב מיר אַזאַ פּראָזן־שפּיל: צו זיין אַ העלד אין אַ לאַנד, וואו ס'איז אַ גרויסע העלדישקייט צו זיין אַ העלד, איז קיין העלדישקייט נישט; צו זיין אַ העלד אָבער אין אַ לאַנד, וואו העלדיש־קייט ווערט נישט געזען און נישט געהערט (ווייל עס איז דאָ אַזוי פיל דערפון) — דאָס איז שוין עפּעס!

איך האָב געזען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אַ סאַך קינסטלער, און קימאַט אַלע האַלטן זיי עס פאַר אַ פּריווילעגיע, וואָס די מעלוכע באַ־האַנדלט זיי נישט ערגער ווי דעם אַרבעטער, וואָס טוט די געפער־לעכסטע און נוצלעכסטע אַרבעט.

אַ שרייבער שרייבט לידער אין אַ טרוקענער וואַרעמער שטוב און אַרבעט ווען ער וויל, און רוט ווען ער וויל. בעאיים דער קאַנאַל־גראָבער שטייט אין שמוץ, אָטעמט אומריינקייט, פינצטערניש, און פאַרדינט אויך נישט מער ווי אַ „קינסטלער".

אַ דאַכשלעגער ליגט אַפן שפּיץ דאַך און איז אין געפאַר אַראָפּ־

צופאלן און געהארגעט ווערן. פונדעסטוועגן באצאָלט איס די מעלוכע נישט מער ווי זי באצאָלט... א גוטן אקטיאָר.

דאָס איז נישט אינגאנצן יווישערדיק, אָבער — כאפט זיי דער גוטער יאָר, די „קינסטלער״! זיי זענען ווי קליינע קינדער: נאאיוו און כיטרע. מען קען אף זיי קיין פאריבל נישט האָבן, וואָס זיי ווילן פארדינען פונקט אזויפיל ווי אן עמעסער ארבעטער!

פארשטייט דאָס, ברידער, שוועסטער, און לאָזט זיך נישט פאר־בלענדן די אויגן.

קינסטלער ווערן גרויס ווען זיי שטעלן זיך אף יענעמס פלייצעס.

נאָר אזוי ווערט מען גרויס.

נישט אנדערש.

זעלטן־זעלטן, אז איינער ציט זיך אליין אויס אף דעם סדאָם־בעטל פון זעלבסט־פיין, און דאפון ווערט מען אויך בלויז א קליין ביסל דינער און א קליין ביסל העכער.

גערענקט דאָס, איר אלע וואָס ארבעט מיט האמער און נאָדל, מיט שרויף און בלאָזאָק...

געענוג האָבן די קייאָנים מיט ווייסע הענט געדוכנט איבער אייערע קעפּ און אייך איבערגעשראָקן מיט די „לעמפערטן, וואָס זיי האלטן אין קעשענע״.

איך האָב געזען אין א מאָסקווער קלויסטער א „הייליקע״, וואָס מ׳האָט אירע גאָלדענע קליידער אף מעש פארביטן. די אויגן־דימענטן — אף גלאָז. דעם פארוק אף א זייט איבערגערוקט, און זי האָט אזוי דריט־קלאָסיק אויסגעזען!

גאָרנישט ווי קיין הייליקע.

דער בריק־בויער שטייט אפן שפּיץ בריק אין דער גרעסטער געפאר צו ברעכן האלדז־און־נאקן — וואָס איז נוצלעכער? ער אָדער לעיעלעם׳עם לידל?

פונדעסטוועגן ארט עס דעם בריק־בויער נישט, אז זיין נאָמען איז נישט אָנגעשריבן אפן שפּיץ בריק, און וואָס שפּעטער מיט טויזנט יאָר וועט קיינער נישט וויסן, אז ער האָט דאָס געבויט, און — לעיעלעם וויל אן אומשטערבלעכקייט־קאָנצעסיע אף „אייביק מיט א טאָג״.

אנישט גייט ער, כאָלילע, אוועק פון אונדז...

:: :: ::

דער עמעסער מייסטער בויט זיין טורעם אזוי הויך, אז ווען ער קריצט אפילע אויס זיין נאָמען אפן שפּיץ קען עס קיינער נישט

זען. מ׳זעט נאָר דעם טורעם אַליין — און דאָס איז דעם ערלעכן מייסטערס נאָמען.

בויט אייער טורעם צו אונדזער רויטער זון אַזוי הויך, קאָלעגן שרייבער, מ׳זאָל אייער נאָמען נישט אַרויסזען אַפן שפּיץ.

:: :: ::

אַף אַ מעטאַלענער טאַבליצע, וואָס איז געווען אָנגעהאַנגען פון אונטן אַף אַן אווטאָמאָביל, האָב איך אַנומעלטן געזען:

"If you can read this sign, your car is too damn near."

דאָס האָט מיר געגעבן דעם געדאַנק־שטויס וועגן גרויסע נעמען, און וועגן אונדזערע „קינסטלער", וואָס רוקן אייך זייערע „זיידענע נעמען" שטענדיק פאַר די אויגן, און פאַרגעסן נישט אַף אַ מינוט, אַז זיי „נידערן אַרונטער" צום אַרבעטער־קלאַס...

:: :: ::

וואָס־זשע וועט פאָרט זיין מיט אידיש?

מיר ווילן ריידן אידיש, שרייבן אידיש, ווייל — פאַרוואָס נישט?

און טאָמער ווילן מיר — אין מאָסקווע — מיט דער צייט כּאַלילע אויפהערן צו ריידן אידיש, זאָגט מיר ס׳האַרץ, אַז סי וועט זיין בלויז דאַפאַר וואָס מיר ווילן... נישט ווילן ריידן קיין אידיש.

און דעמאָלט וועט מען אונדז גאָרנישט נישט קענען טון.

צום אַלעם ערשטן ווילן מיר ס׳רעכט צו טראָגן אַ קאַשקעט אָדער אַ יאַרמולקע, אָדער אַ האַרטן קאַפּעליוש, דערנאָך — טראָגן מיר, וואָס אונדז איז באַקוועמער און בעסער...

אַף אַזויפיל ווי מיר איז פאַרווערט צו טראָגן אַ קאַשקעט, בין איך מיט ליב־און־לעבן פאַר קאַשקעטן. אַף אַזויפיל ווי מיר איז דערלויבט צו טראָגן אַ קאַשקעט, — ווייס איך נאָך נישט, צי מיט אַ הוילן קאָפּ איז נישט בעסער ווי אַלצדינג. —

:: :: ::

פאַרגעסט די אינטעליגענטישע פּראָבלעמען פון אונדזערע זיידענע יונגעלייט, כּאַוויירים.

באַוואָפנט זענען מיר, דאַרפן מיר זיין. באַוואָפנט זיך!

אַנו: צו דעם מאַרש פון דעם מעשוגאָים־הויז אַרויס, אין דער ליכטיקער וועלט אַריין, וואו די זון גייט־אויף!

די פיס צעגויפגערוקט! די לעבנס צעגויפגעלייגט!

פון הענט — אַ קייט, פון אויגן אַ בריק. אַ לעבעדיקער וואַלקנ־ברוך איבער דער נימעס־מיעסער וועלט פון די פּלישטים. אַלע

אינאיינעם, כאוויירים, ברידער, שוועסטער, קינדער פון מענטשן. „ישראלים”, פּראָסטע פּראָסטאַקעס! מאַנטיק־דינסטיקדיקע לייט, שניידער און שוסטער, האָלצהעקערס און וואַסערטרעגערס און קוימענ־קערערס — דעם ליכטיקן מיטוואָך אַקעגן. מיט גראָבע רייד, מיט דינע רייד, מיט קונסט, אָן קונסט, מיט לייוויק'ן, אָן לייוויק'ן, מיט נאדיר'ן, אָן נאדיר'ן. סי שפּילט קיין ראָליע נישט — דער עיקער איז דערוויל: די האַנט און דער האַמער, די האַנט און דער סערפּ, די האַנט און די האַק...

און אַלע הענט וואָס אַרבעטן — סיי באַ קונסט, סיי באַ וויכטיקערס!

און נישט קיין „עסטעטישער” וואָך־פּאַראַד איז דאָס, און נישט בלויז די וואַרימע און זוניקע זייט פון דעם וועג קען מען אויסקלייבן, און נישט מיט „טוירע און סכוירע און געפּוצטע שטיוול” וועט עפּעס געטון ווערן, ווי עס ווילן די „זיידענע יונגעליט פון לעבן אונדזער טיש”...

:: :: ::

פּ. ס. זאָל מיר דערלויבט זיין צו זאָגן, אַז איך ווייס, אַז ס'וועט זיין „אַז אָך און ווי צו מיר” דאַפאַר, וואָס איך זאַטשעפּע מיט אַזוינע „אָנגעזעענע זיידענע מענטשן”, וואָס האָבן לויטער פריינט אומעטום, אַף דער גאַנצער וועלט, און ציִשן אַלע שיכטן. אָבער ס'אַרט מיך נישט! אַ מיליאָן רובל האָב איך אַריינגעכאַפּט פון די באָלשעוויקעס אין מזומען געלט... דער אַנדערער מיליאָן גייט שוין אַף דער פּאָסט. מיט אַזאַ פאַרמעגן אין קעשענע וועט שוין קיינער נישט זאָגן, אַז איך בין נישט קיין ליטישער מענטש; און סי וועט זיין קלאָר פאַרוואָס „מאָסקווע” האָט מיך אַזוי איבערגעקערט, און פאַרוואָס מיין אייגענער „זיידענער טאַלענט” איז געפאַלן אַ קאָרבן פון דער רעוואָלוציע.

אָקטאָבער ד, 1927.

# דריי מעלאַמדים און ש. ניגער

דריי מעלאַמדים געדענק איך: איין מעלאַמעד איז געווען אַ „סוינע־יסראָעל". דער אַנדערער איז געווען אַ רוויצייעך — ער פלעגט אונדז מערדערן מיט אַ האַרטן פּאַנטאָפל איבערן קאָפּ, געבן אַ „סטים אין האַרץ" און אָפּשלאָגן אַ לונג. דער דריטער איז געווען אַ שטילער, אַ פרומער, אַן אויסגעדאַרטער, מיט אַ קאָשער שמייכעלע אויף די דינע־ליפּן. דער איז געווען דער גרעסטער ראָשע פון אַלע. ער פלעגט נישט שלאָגן עפּנטלעך, נאָר הינטעראַרומעט, הינטערן טיש, פלעגט ער אַ קניפּ טון. — מיט אַ שאַרף, אַכזאָריעסדיק, סאַדיסטיש, פריע־קניפּעלע, און אויף זיין פּאָנים איז נישט געווען צו דערקענען, אַז ער טוט אָפּ אַ רישעס.

אַט־דעם־אָ דריטן מעלאַמעד האָב איך פיינט געהאַט מער ווי אַלע אַנדערע — נישט אַזוי פאַר דעם בייזן „קניפּל", ווי פאַר דעם, וואָס ס'פּאָנים זיינס האָט זיך געמאַכט טאַמעוואַטע, גלייך עס ווייסט גאָרנישט וואָס דאָ טוט זיך.

אַז איך טראַכט פון ש. ניגער, דערמאָן איך מיך אָן מיין דריטן מאַלאַמעד, נעספּריטשקים.

וואָס פאַר אַ פרום פּענימל דאָס האָט! וואָס פאַר אַ בייז־מעלאַמדיש פריע־קניפּעלע דאָס גיט הינטנאַרומעט, אַזוי אַז קיינער זאָל נישט מערקן וואָס פאַר אַ ראָשעלע דאָס איז...

מעלאַמעדל, מעלאַמעדל — ווער ס'איז אויף דיר קיין מיוווין נישט!

וויפל יאָר איז שוין, אַז דו שרייבסט? 20? 22? 30? איז האָסטו די גאַנצע צייט גאָרנישט באַשאַפן אַליין, נאָר געשטאַנען באַם שליסל־לאָך און אַריינגעקוקט און — געזיפצט אויף אונדזערע זינד, וואָס זענען דיר פרעמד, אויף אונדזער פרייד, וואָס איז נישט פאַר דיינע קויכעס.

ביזטו, האַרציק־לעבן, געשטאַנען באַ דעם טויער פון אונדזער „ווייִנגאָרטן" און געהיט, מישטיינס געזאָגט. וואָס פאַר אַ וועכטער ביזטו געווען, אַז יעדעס מאָל, וואָס דו האָסט דערהערט, אַז אַ פוקס גייט, האָסטו געמאַכט אַ גוואַלד און: זענען זיך מענטשן צענויפ־געלאָפן און געווען מיט דיר, ביזטו געווען אַ „העלד"; איז אָבער קיינער נישט געקומען אָנצולויפן אויף דיין רוף, האָסטו אַראָפּגערוקט ס'היטל איבער די אויגן און מער נישט געזען גאָרנישט.

העכער 20 יאָר, אַז אַ מענטש מאַכט פון זיסער טינט — זויערע, פון רויטער טינט — שוואַרצע, און ס'איז נישט באַקאַנט ער זאָל אַמאָל האָבן גערעדט אָן אַ „מיניען". ער זאָל האָבן אָנ־געגומען באַ דער האַנט כאָטש איין יונגן און בלאָנדזשענדיקן טאַ־לאַנט, ער זאָל האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר דעם קאָוועד פון איינעם וואָס איז נאָך נישט מעפורסעם בייכאָל ארבאַ פּינעס האַאיילאָם.

אַ טויבער „וועכטער", וואָס זעט אַמאָל — אָפּן שניי — די אָנגעקומענע טריט, אָבער ער הערט קיינמאָל נישט די אָנקומענדיקע.

ש. ניגער שרייבט נישט, נאָר ער היט זיך, ער באַוואָרנט זיך.

דאָס פּיצעלע קאָוועד זיינס — ווי היט ער עס אָפּ! פּונקט אַזוי היט מען אָפּ אַ פּלוי אין אַ פּלויען־צירקוס! ווי שלעפּט ער אים נאָך די שלעפּ! ווי פּוצט ער דאָס קאָוועדל זיינס, עס זאָל גלאַנצן! ווי זאַלבט ער עס מיט בסאָמים — עס זאָל פאַרשמעקן די וועלט!

ווער איז באַ דעם ראָשעדיקן מעלאַמעד אַ גוטער טאַלמיד? דער וואָס קען טאַקע לערנען? גאָר! דער וואָס קומט פון אַ פיינער מישפּאָכע, דער איז באַ אים אַ גוטער טאַלמיד! דער וואָס טראָגט אַ זייגער מיט אַ גאָלדענער קייט, דער וואָס שטייט אין שיינע שידוכים — דער איז באַ אים אַ גוטער טאַלמיד. און דער וואָס לויבט דעם רעבען — דער איז דער בעסטער טאַלמיד!

ש. ניגער איז פון יענע מענטשן, וואָס אַנשטאָט צו לעבן ערלעך, לעבן זיי פון ערלעכקייט.

דערפאַר וואָס ער האָט אַ נאָמען פאַר אַ „קאָשער לעמעלע", איז ער באַוואָרנט מיטן שטיקל ברויט באָם שווער. פאַרלירט ער כאָלילע די „בסולים", וועט אים קיינער נישט וועלן. וואָרין קיין שאַרפע קיילע איז ער נישט, און זיין „גייסטיקע שאַנקייט" האָט די ווערט אַ בלעכן קנעפּל.

פאַראידלט אין דער גאַנצער שוואַרצקייט פון פאַרקילט בלוט, שטייט ש. ניגער אָפּן באַלעמער פון יענער שול, וואו... ס'איז דאָ מער לופט! און שטענדיק מיט איין (1) פוס אין דרויסן ארויס, טאָמער מאַכט זיך אַ סרייפע...

ש. ניגער'ס רייט־פערדל: נעשאָמע, עסטעטיק.

באַ דער וואַנט געשטאַנען אין די אונטערשטע ועש, דעם טויט פאַר די אויגן געזען און — זיך געזעצט היטן ס'קאָוועדל, דאָס נאָמענדל.

אָן עסטעט? אַ באָהעם?

אָן עסטעט, וואָס האַלט שטענדיק אַ האַנט אַף זיין „ערע". אַ באָהעם מיט אַ... קראָכמאַלעטער מאַנישקע. אַ נביא, וואָס שטראָפט

אף.. פּראָצענט: 33 און אַ דריטל פּראָצענט פון דער „גראָם איינ־נאַמע" פונם שטראָף־שפּעקטאַקל. אַ באַצאָלטער מיוזין אף פּארפום, וואָס האָט שטענדיק אַ קאַטאַר אין דער נאָז. דאָס פרומע פאַר־שרויפטע פּיסקעלע, וואָס וויינט און קלאָגט און — עסט וואַרעניקעס!

דאָס מענטשעלע, וואָס איז אַ „מענטש" נישט בלויז באַ זיין באַלעבאָס, דעם מיסטער שאַפּיראָ, נאָר באַם גאַנצן פאָלק ישׂראל!

אַ „מענטש" באַ יענעם — אַ שמעק געטון אונטער די עקן פון אַ צוויי־דריי פאַרשימלטע קולטורן, גייט ער אַרום מיט אַ פאַרלייגטער נאָז, און ס'איז באַ אים רעכט שעלטן, און ס'איז באַ אים רעכט בענטשן — ס'וועגדט זיך ווי דער טאָג פאָדערט!...

ווייטיקן? יעסורים? הא? כ'הער נישט! געהאַט אַמאָל יעסורים, דאַיגעס־פּאַרנאָסע. האָבן זיי מיט דער צייט אויסגעוועפּט. מ'איז דאָך עפּעס אין אַמעריקע: אין דעם לאַנד פון 40 דאָלאַר פאַר אַ לעקציע! און 85 דאָלאַר אַ וואָך סכירעס! וואָס־זשע טוט מען? אַז „יעסורים" שטייען אים זייער גוט צו זיין פרום פּענימל, דאָס ווייסט ער. נעמט ער און קנייפּט זיך אַליין אין הינטן, און שרייט גוואַלד, אַז מען מוטשעט אידן...

די „יעווסעקן" מאַכן אים קאַליע די עסטעטיק, די קולטורעוואַטע אידישקייט פון — קוגל־און־פלוימענצימעס.

אידן אף ערד, אף פערד? מאַכטייסע. אָבער וואו איז אַ פּיירעק מישנאַיעס, אַ בלאַט ניגער, אַ קאַפּיטל גדליהו בובליק?

וואָרין, גייט כאָלילע אונטער די אידישע ליטעראַטור, וואָס וועט ער טון? נעמען זיך צו מעלאַמדעס — דינט שוין דער קאָפּ נישט. און מיט „קניפּלעך" אַליין קען מען לעבן בלויז אַז מ'איז אַ קריטי־קער...

:: :: ::

ער, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער וואַנט, האָט דאָס רישעס פון שאָוויניזם פאַרגעסן, אַליין געוואָרן „אַ איד מיט אַ פּינטעלע", גלויבט אינעם „שוויענטי דוך" פון דער קונסט. אַן עסטעט וואָס קייט שטענדיק „בסאָמים", די באַקאַנטע „סען־סען"־מיענטעס.

האָב איך מיר מיין כשאַד, אַז די אַלע וואָס קייען פּאַרפומירטן „סען־סען", בעאַיים זיי רעדן צו אייך, האָבן מיסטאָם נישט קיין ריינע מיילער.

פון ריינע מיילער שמעקט — שפייעכץ, נישט קיין פּאַרפום! ווי א קורווע שטעלט אוים אירע הויכע בריסט, אזוי שטעלט ניגער אוים די נעשאָמע זיינע: „זעט, אידישע קינדער, וואָס פאַר אַ ציטערדיקע נעשאָמע איך האָב, עמעסער דרעלים!"

דער „ספּעץ" אַף נעשאָמעס, דער נעשאָמע-טאָפּער, דער קראַצער פון זעלן. קראַצסטו מיין זעלע, קראַץ איך דיינע...

— „אנו, וואו איז אייער זעלע? זייט אזוי גוט, דעקט-אויף!"

דעקסטו נישט אויף, ווייסט ער נישט, איז ער קיין מיווין נישט, באַשליסט ער — איר האָט קיין נעשאָמע נישט...

דער שאַרפער פריע-נאָגל בלויז ארבעט, גראבלט זיך הינטערן טיש, לאָזט אריין אַ קניפּעלע אין די ליטקעס.

:: :: ::

ווער איז באַ ניגער'ן דער „גרויסער טאַלאַנט"? דער טויטער, דער „אָפּגעוואויגענער", אָדער דער שאָכען זיינער לעאָן קאָברין, וואָס קלינגט צו אים 8 מאָל אַ טאָג דורכן טעלעפאָן.

ווער איז באַ ניגער'ן אַ „גראַפאָמאַן" — דער שוואכער, נאָך-נישט באַרימטער, דער וואָס האָט קיין אָנגעשמירטע עלנבויגנס נישט, קיין פריינט, קיין גויעל. און ווי זי היט זיך, און ווישט זיך דאָס פאַרשרויפטע פּיסקל, די מומע ניגער!

„אונדזער ליטעראַטור זאָל זיין געזונט".

און ס'ראָוו „הינער" וועגן וועלכע ער פאַסקנט „קאָשער-צי-טרייפע", זענען שוין לאַנג אויפגעגעסן.

„די צייט" (די קאַניבאַליכע) האָט שוין לאַנג אויפגעגעסן אַ סאַך פון זיינע געקאַשערטע הינער און קאַטשקעס און טירטל-טויבן...

און אַז איך קוק אַף אים — אַף דעם בוימלדיקן, גלאַטן, צע-שראָקענעם ש. ניגער, דערמאָן איך מיך אָן יענעם קינד, וואָס האָט אָנגעוויזן אַף אַ „מאָדנעם פאַרשוין" און געפרעגט:

— „טאַטע, דאָס איז אַ מענטש, צי דאָס איז אומיסנע?"

ש. ניגער, דער „קוועטשער" פון ליטעראַטור, דער מענטש וואָס שרייבט אָן „אויסגעשטאָפּטן אידיש", האָט אַלערליי גרייטע רעצעפּטן פאַר ליטעראַטור-מאַכעריי. דער רעבע, דער בעזדעטניק, גיט אייצעס צו אקאָרעס ווי אזוי קינדער צו האָבן. „קונסט" — גיט ער אַ מאַך — „איז... שכינע". „סי גיט אייך", מאַכט ער, "אַ באַפאַל די שכינע און איר קענט זיך נישט העלפן."

און ווי יעקב גאָרדין, אים צו לענגערע יאָר, קערט ער איבער ס'פּעלצל פון א פּאַסעק און סי ווערט אַן עפּיגראַם: „א מענטש קען זיצן אַף א בוידעם, אָבער דער בוידעם קען נישט זיצן אַף קיין מענטשן".

אַזוי־אָ ענטפערט ער אַף מיין פאַרגלייך צישן שרייבעריי און שניידעריי. „פאַרקערט", מאַכט ער, „די בעסטע שרייבער זענען די, וואָס שרייבן טאַנדעט". (אויך נישט זיין כאָכמע. עס איז מענ־דעלעס: „איך מאַך גרייטע היטלען און ווען ס'פּאַסט דער טראָגט געזונטערהייד.")

מיילע, רעדט מען נישט דאַפון, וואָס היינטיקע צייטן ווייסן שוין אפילע מעלאַמדים, אַז שרייבער „פּאַלן נישט אריין אין דער קונסט" בלינדערהייד, ווי א פליג אין דער סמעטענע. דער „רואַך־האַקוידעש" קומט אָפּט צו יענעם, וואָס אַרבעט ווי א... רואַך. נאָר לאָמיר אָנ־נעמען, אַז ש. ניגער איז גערעכט, אַז א „קינסטלער" איז בלויז יענער, וואָס שרייבט „טאַנדעט" און נעמט פון קיינעם קיין מאָס נישט אַף זיין אַרבעט. אויב אַזוי, זענען דאָך ש. ניגער'ס רעצענזיעס זיכער נישט קיין „קונסט", וואָרין ער נעמט דאָך שטענדיק א מאָס אַף עמיצן, און בעאיים ער שטייט קלוימערשט פאַכמאַניש אַף די קניעס, לאָזט ער פונדעסטוועגן אָפּט אריין א סאַדיסטיש „קניפּעלע" אין „גראָבן פליש".

„קונסט", „קונסט" — שטענדיק איז דאָס באַ ש. ניגער'ן אַף די ליפּן, ווי די גאַסן־מענטשן נוצן אַלע ווײַלע דאָס גרעבסטע וואָרט... אַזוי נוצט ער דאָס וואָרט „קונסט". און איך ווייס, כ'לעבן, נישט וועלכס וואָרט ס'איז גרעבער!

וועגן מיין נעשאָמע, מיין ליבער „אומיסנע", דאַרפט איר זיך נישט זאָרגן — איך וועל שוין ווי־עס־איז צורעכט קומען מיט זיך.

און הערט מיר אויף, איך בעט אייך, צו שטופּן אייער לאַנגע „ליטעראַרישע נאָז" און די ניפּלען פון אייער בלאָער, טרוקענער נעשאָמע — אין מויל אריין!

איר קענט מיך נאָך אַמאָל אריינטרייבן אין קאַס, וואָס דאָס איז אַווידע־זאָרע.

גיט א קוק אריין אין אייערע ספּאָרימלעך, וועט איר זען.

וואָס עמעס איז עמעס: אייער שרייבן, ש. ניגער, איז אַוואַדע מער קונץ, ווי מיינס. ווי איינער האָט אַמאָל געזאָגט: א קונץ איז צו זיין א שריפטשטעלער, אַז מ'האָט טאַלאַנט? א קונץ איז צו זיין א גרויסער שרייבער אָן א פונק טאַלאַנט.

מאַי 15, 1928.

# „הייליק! הייליק! הייליק!*)

(אַן ענטפּער דעם כּאַשעווון קאָלעגע ראובן בריינין אַף זיין אַרטיקל „פאַרשוועכונג פון אידישן וואָרט", אין דער ניו־יאָרקער ציימונג „דער טאָג", 31טן מאַי, 1928*)

צוערשט די גרוסן, מיט די קאָמפּלימענטן, קעדיי אָפּצוגעבן „קאָוועד דעם וואָס קאָוועד געבירט", און קעדיי אָפּצופּאַטערן מיין „זשענטלמאַנישן" כּויוו צום הייליקן „וואָרט", און צו דעם זייער איידעלן, ליבן און וואוילן קאָלעגע ראובן בריינין, וואָס האָט שוין מיט 14 יאָר קריק — אויב איך געדענקט — נעוויעס געזאָגט, אַז איך וואַקס אַ קיילע.

דער גוטער בריינין זשאַלעוועט מיר נישט קיין קאָמפּלימענטן — נאָרט מיך אַריין (צו דעם האָב איך שוין גאָר קיין מאָשל נישט מיט מיינע מעלאַמדים!) אין זיבעטן הימל אַריין. דאָרטן זאָגט ער מיר אַף זיין זשענטלמאַנישן לאָשן, אַז איך בין אַ סמארק, אַ לײדאַק, אַ נישט־שב'נישט, לאָז אַף מיר קומען אַ פינצטער יאָר, און אַלדאָס גוטס, אָמיין... און ער גיט מיר זיין בראָכע, און ער וואַרפט מיך אַרויס...

שאַ, וואו נאָך קאָן מען ערגעץ אַ קניפּ טון דעם נאַדיר'ן, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ טעווע צו פאַרבייטן דעם הייליקן „בסאָמים־בעכער" אַף (אַזוי שרייבט בריינין בעפּירעש) אַף אַ... נאַכט־טעפּל (אַנטשולדיקט פאַר דעם אויסדרוק: „בסאָמים־בעכער"!)? אין גראָבן פליש האָט אים שוין ש. ניגער געקניפּט, און — ווער נישט? די קניפּלעך העלפן נישט... עפּשער אים ווידער אויפוואַרפן זיינע „גראָבע רייד"? — איז די מאַיסע ווי מיט יענעם אידן, וואָס האָט געזאָגט צו זיין זון: „דו שייגעץ, אין אַ מאָקימקאָדיש זאָגט מען אַזאַ גראָב וואָרט? איך גיב דיר אַ זעץ אין בויך, וועסטו זיך —".

דער איד האָט, ווי ראובן בריינין אַרויסגעזאָגט דאָס גרעבסטע וואָרט אין מאָקימקאָדיש. און דער רואָך האָט נישט גענומען נישט דעם אידן און נישט דעם מאָקימקאָדיש...

:: :: ::

---

*) זאָל מיר קיינער נישט מעקאַנע זיין מיין הייגטיקן „אָנפאַל". מע באַדאַרף זיין אַ כּאַריף אַ שיסער, אַריבערצושיסן איבער ראובן בריינינ'ס קאָפּ אַף ש. ניגער'ן, אַזוי אַז באַ בריינינ'ען אַליין זאָל מען מער נישט ווי דורכלעכערן דעם קאַפּעליוש... מ. נ.

... דאָס הייליקע וואָרט — דאָס אָפּגעדרוקטע! מאַכטס אַ וואָרע, אידן, לאָסיך טון כיישעך! דאָס הייליקע וואָרט גייט! אויסגע־גלעקלט, אויסגעפּלעקלט קומט עס פון סאַמע בייסאַמיקדיש אַרויס — היט זיך און שיטס צימרינג, און ברענטס ווירויך...

די הייליקייט פון וואָרט!... וויליאַם הוירסט דרוקט ווערטער, דער „מאָרגן־זשורנאַל" דרוקט ווערטער, מוסאָליני רעדט נישט ווייניקער ווי ווערטער. אַפילע פּיטעם־האַקטוירעס אַליין באַשטייט אויך ס׳ראָוו פון ווערטער...

... דאָס וואָרט — דאָס איז דער עיקער; די קונסט איז אַזאַ מין אידענע, וואָס זי מעג אַפילע דערהאַרגענען דעם אייגענעם טאַטן, אַבי זי פאַרקעמט זיך שיין די האָר, און אַבי זי רעדט נישט קיין גראָבע רייד, און אַבי זי פאַרקאַטשעט די אויגן־פּאַרטוכלעך, ווען מ׳דאַרף, איז זי קאַדויש־קאַדויש־קאַדויש...

דאָס הייליקע וואָרט.

אָפּן מיזבייעך פון וואָרט ברענגט דער ראָשע (ווי דער נאַר און דאָס צאַדיקל) אַ קאָרבן דעם מענטשן, דאָס מענטשלעכע, דעם עמעס.

אָט־די פרומע לייט פונעם וואָרט טראָגן העניטשקעס אָף דער צונג, פאַרטוכלעך אָף די אויגן.

„ניוול פּע".

ניוול־לעוו איז קאָשער...

ווער קען וויסן, וואָס איז אַ קאָשער האַרץ־זעקל טוט זיך? וואָס פאַרא „גראָבע רייד" עס זידן דאָרט, וואָס פאַר אַ טרייפענע לײדנשאַפטן?...

ווי זאָגט ראָשבאַרבערן: „אָנשטענדיקע מענטשן רעדן גראָבע רייד, אומאָנשטענדיקע טראַכטן זיי."

אַזוי זאָגט דער פילאָזאָף ראָשבאַרבערן, און איט מוז מען דאָך גלויבן, ווייל ער איז דאָך שוין טויט העכער 190 יאָר!

לאָמיר נאָר זען, אַדויני ראובן בריינין, מיט וואָס איז אַזוי גרויס מיין זינד דעם קענן דעם „היטער פונעם ווייַנגאָרטן", וואָס האָט זיך (סי פּאַסט פאַר בעלם!) געלאָזט צובינדן צום גאָרטן, קעדיי מ׳זאָל אים אַליין כאָלילע נישט צוגאַנווענען?

איך האָב אָף מיין אומוועגעטאַרישן אויפן געזאָגט ניגער׳ן: „שמואל, דו געפעלסט מיר נישט". איך האָב באַ אים געפרעגט אַ פּאָר קאַשיעס, ווי, לעמאָשל: צי איז ער אַמאָל — ווי אַ ווייטער מעכוטן כאָטש — אָקעגנגעגאַנגען דעם כאָסן (ר׳ טאַלאַנט) מיט אַ שטורקאַץ? און פאַרקערט, צי איז ער אַמאָל כאָלילע נאָכגעלאָפן

נאָך אַ גאַנעווס פור, און געהויבן די פויסט, און געוואָרפן שטיינער און געקריצט מיט די ציין?

העכער 20 יאָר ווי אונדזער וועכטער וועכטערט. נישקאָשע. ער האָט זיך כאָלילע נישט איבערגעהויבן אין די 20 יאָר. איז מען געקומען צו'ן אים אהיים, געשיקט אַ ביכעלע, אויפגעשטעלט די באַק, האָט ער געגעבן אַ פּעטשל, אַ גלעטל, יויצע געווען.

אַז דער רעבע זאָל לעבן האָט מיט זיין שוואַך פרום הענטל געגעבן אַ פּעטשל (אָדער אַ גלעטל, ס'ראָוו האָט מען נישט געקענט וויסן דעם כילעק, ווייל דער רעבע האָט עס געטון מעכאַניש, פון שלאָף...). האָט מען עס געהאַלטן פאַר אַ גוטן סימען!

אוואַדע האָט ש. ניגער „באַרייכערט" אונדזער ליטעראַטור — וואָדען! אַף אונדזער פעלד זענען געשטאַנען די יונגען מיט די גראָבע הענט און געגראָבן און געאַקערט, און געמיסטיקט, און דער „באַרייכערער" איז געזעסן אַף אַ ווייך שטרוי־זעקל, געקרעכצט, און געמאַכט „העפּ", יעדעס מאָל, וואָס אַן אַרבעטער האָט אָנגעשפּיגן אין די הענט אַריין איבערצוקערן אַ פור מיסט...

באַרייכערט? — פאַר דעם וועכטערס אויגן האָט מען קוימענס אַראָפּגעגאַנוועט, טירן אָפּגעשרויפט, אייער פון די נעסטן אַרויסגעלאַקכנט, און ער האָט זיך געדאַוונט זיינס, זיך געזאָגט זיין קאַפּיטל ניגער, זיך אויפגעבויט אַ פּיין, לייטיש נאָמענדל באַ אידן — 85 דאָלאַר אַ וואָך!

נו, איר זעט שוין, האַ, אַז איך בין אַ גראָבער פּליגל! איך צייל גאָר ש. ניגערס געלט. איך קריך גאָר אַריין אין זיין „פּריוואַטן לעבן" און כ'וויל וויסן צי לייענט ער ביכלעך און... וועלכע? און אויב דער רעבע טוט „וואונדער אונטערן טיש", הייס איך אים גאָר פאַרקאַטשן ס'טישטעך.

ש. ניגער איז אַ „לייטישע באָרד" אַף אונדזער ליטעראַטור — דאָס יאָ. אַלטפּרענקישע מענטשן מיינען, אַז ליטעראַטור איז אַ... יאַטקע, וואו „הייליקע" מענטשן קוילן קעלבלעך. מיט זיי פּערזענלעך האָט דאָס קעלבל־בלוט גאָרנישט וואָס צו טון. זיי דאַרפן נאָר אַכטונגטון סי זאָל זיין קאָשער...

— „אויב קאָשער" — מאַכט ער — „דאַרף מען דאָך האָבן אַ מענטש מיט אַ באָרד."

נישטאָ באַ אונדז קיין בערד. מיר זעמיר אַ יונגע ליטעראַטור — סי שפּראָצט אונדז נאָך נישט קיין בערדל...

דאַרף מען איינעם צוקלעפּן אַ בערדל און זאָגן, אַז דאָס איז

דער „מאַשגיעך", אים אַרויסזעצן אין פענצטער אַריין, ווען מען שווין מעגן פאַרקויפן „טרייפענע קישקע".

ש. ניגער איז דער מאַשגיעך־האַקוילעל. די באָרד איז אונדזערע. יעדער האָט צוגעטראָגן אַ האָר, איז געוואָרן אַ... ראָוו, אַ ש. ניגער.

דער רעבע „פירט אַ טיש", זאָגט נוויעס, טרעפט. (אַמאָל יאָ און אַמאָל נישט.)

מיט לאָגיק געווינט מען אין דער לאָטעריי נישט, אַדוינֿי!

ווי דער דייטשער פילאָזאָף מאָשלט:

„אַ בלינדער פאַרקויפט אויגנוואַסער און ער זאָגט, אַז דאָס איז אַ גרויסע רעפוּאָ. נאָר מ'דאַרף גלויבן אין דעם. אָט, זאָגט ער, האָב איך נישט געגלויבט, בין איך טאַקע בלינד געוואָרן — אַזאַ שאַרף וואַסער איז דאָס"...

און אַז דער רעבע וויל זיך אַביסל „וואַילן", כאַפּט ער אַפיר ס'בענקל פון עמיצנס געזעס בעאיים יענער וויל זיך אַנידערזעצן, און ער טוט אַפילע נישט קיין שמייכל דאַביי.

נאָר אַז איר כאַפּט אַמאָל באַם רעבין אַוועק ס'בענקל, און ער בלייבט זיצן אַפן הוילן, ווערט אַ געוואַלט, אַז מ'שלאָגט אידן...

אַז דער וועכטער (שוימער־סכאַר) גייט אַרום מיט זיינע שווערע טשאַביטעס איבער דעם יונגן גאָרטן, וואו איך האָב ערשט פאַרזעצט מיינע ציבעלעס און רויזן, און איך שריי: „אַראָפּ פון די בייטן!" זאָגט מען, אַז איך האָב באַפאַלן דעם וועכטער, און לאָז אים נעבעך נישט היטן.

וואָס טראָגסטו דאָ הינטער דער פּאָלע, וועכטער? — קולטור?

— „אָלרייט". אָבער גיי אין דער זייט, נישט אינדערמיטן.

דו קענסט נישט פלאַנצן — צעטרעט נישט!

:: :: ::

איז געוואָרן אַ מאָדע: כניפע צום קריטיקער. „ווי שיין ביזטו, ניגער. דיין האַלדז איז אַ טורעם, דיין קאָפּ איז אַ בוידעם, דיינע צוויי בריסט זענען צוויי לאָקשנקוגלען."

קען זיך עמיצער דערמאָנען אַ „גרויס וואָרט" פון ניגער'ן? נאָך זיינע 20 יאָר שרייבן? כאָטש איין זאַג, וואָס זאָל האָבן אַריינגעפאַלן — אויב נישט ווי קיין בליץ, איז כאָטש ווי אַ דונער?

באַ ניגער'ן „אויסקוועטשן" אַ געדאַנק, איז ווי אויסקוועטשן מילך פון אַ... פּיראַמיד!

און ער קאָסט אונדז — בלוט...

האָבן מיר זיך מעיאַשעוו געווען: איידער אַזאַ קאַלטן, בייזן,

פארשלאָפענעם מאשגיעך פאר 85 דאָלאר א וואָך, איז שוין בעסער פארקויפן קאָשערע פלייש...

ווען איך וואָלט געווען ש. ניגער (דער איבערשטער זאָל אָפּ־היטן!), וואָלט איך, אַנשטאָט צו פאָרן אין דער פראָווינץ האַלטן „לעקציעס" און לערנען אַנדערע, בעסער אויסגענוצט די צייט אַף צו לערנען זיך אַליין, אַף צו לייענען די יונגע און נייע שרייבער, אַף צו האַלטן אויג אַף די קוואַלן, די האַשפּאָעס, פּלאַגיאַטן, פעלשונגען.

כ'וואָלט אַפילע געמאָסטן דעם שפּריי־רעגן און דעם טוי, וואָס פאַלט איבערן גאָרטן, וואָלט געהיט די נייע ציטערדיקע ביימלעך, מער ווי די אַלטע דעמבעס.

א כאָכמע איז דען צו שרייבן וועגן שעקספּיר'ן, פּרצ'ן, שלום־עליכמ'ען, ווען אַלע ווייסן שוין דעם „קורס", די ריינקייט פון דער גאָלד־פּראָבע? א כאָכמע איז צו שרייבן וועגן גאָר א נייעם מעטאַל, וואָס קיינער ווייסט נישט זיין ווערט, זיין נוצן, זיין באַשטאַנדטייל.

כ'וועל אייך זאָגן עפּעס שענערס: ווען איך וואָלט געווען ש. ניגער, וואָלט איך אַפילע פון די 85 דאָלאַרן א וואָך, וואָס איך קריג פאַר מיין אַרבעט אין „טאָג", אָפּגעשפּאָרט 18 דאָלאַר א וואָך פאַר אַן אינטעליגענטן סעקרעטאַר, וואָס זאָל מיר העלפן מאַכן נאָטיצן, בלעטערן און לייענען, לערנען און נאָכזוכן.

נישקאָשע, א „הייליקער" מעג אויך אַמאָל שענקען א מאַטאָנע זיין קאַלע, און נישט שטענדיק וואַרטן, אַז זי זאָל אים עפּעס קויפן.

איידער לייענען ניגער'ס קריטיקן, וואָס דערמאָנען אָן א אידן, וואָס אַז ער גיט א קליינעם נאָס, טוט ער זיך א צי באַם אויער און זאָגט: „וואַקסן זאָל איך, וואַקסן זאָל מיין ווייב, וואַקסן זאָל מיין מעבעלע, וואַקסן זאָלן מיינע קאַקריזעס..." — איידער אַזאַ קריטיק, וואָס איז אויסן א שטול אין גאַנאיידן, דאַפאַר וואָס עס פּאַטשט א פרעמד קינד אין טעכיסל, איז שוין בעסער גאָרנישט.

אין מיין אַרטיקל „דריי מעלאַמדים און ש. ניגער" האָב איך געזאָגט, אַז ניגער, ווי א „רייסטער־פירער" פון אונדזער ליטעראַטור, פירט קיין רייסטער נישט. לאָז מיך ש. ניגער שוין בעטן, וועל איך אים אָנווייזן זייער דייטלעך, אַז זיינע אויגן היטן בלויז די אייגענע נאָז. אַפילע ווען איך וואַרף אים אין פּאָנים אַריין אַזאַ הייסע זאַך, ווי מיינע „דריי מעלאַמדים און ש. ניגער", קען ער אויך אַליין נישט באַשליסן באַ זיך, צי ער דאַרף זיך „פילן אָפּגעבריט", צי נישט.

מ׳דאַרף הערן, וואָס די „וועלט" וועט זאָגן, דאָס ליטעראַרישע קאַפּיי.

אַז נישט, דאַרף מען אָננעמען אַ פּרעמדע האַנט, און מיט איר אַ קניפּ טון דעם סוינע... אונטערן טיש. —

ראובן ברייניך איז אַ גוטער שאָכן, לאָזט ער זיך אָננעמען בּאַ דער פּאָטערלעכער האַנט. צום ערשטן איז דאָס אַ מיצווע. „דער קאָוועד פון דער ליטעראַטור" (אונדזער ליטעראַטור איז פון הינטן ביז אַרויף לויטער „קאָוועד"!), און דערנאָך איז טאַקע די פּרעמדע האַנט נישט מעכויעוו צו וויסן וואָס מ׳טוט מיט איר...

:: :: ::

וואָס האָט משה נאַדיר פּיר מיט ניגער׳ן?

וואָס הייסט וואָס? ניגער האָט אים נישט גענוג געלויבט. — נאַדיר האָט ליב, אַז מען לויבט אים. אַ ראַיע האָט איר: נח שטיינבערג האָט אָנגעשריבן וועגן אים אַ גאַנץ בוך, האָט אים טאַקע נאַדיר גוט... אויסגעזידלט.

ווי מיר זאָגן דאָרטן אין אַ שטיקל ליד:

„זיי שטופּן מיר בלומען אין אויער,
מיר קריכן די בלומען פון האַלדז."

אַ. לעיעלעס האָט געלויבט מיינע ביכער אין גיפּל אַריין, האַלט איך טאַקע דאַפאַר, אַז — ווי איר ווייסט שוין.

דיטאָ: משה יונה חיימאָוויטש.

דיטאָ: ז. וויינפּער.

פון דעמאָלט אָן זענען „14 לאַנגע יאָרע" אַוועק, און איצט, אַז איך (די מאַמעשי) גיב דעם קינדעשי (ניגער) אַ פּאַטש, וויינט נעבעך ס׳קינד — נישט דאַפאַר וואָס דער פּאַטש טוט וויי, נאָר פּאַרקערט: ס׳קינד וויינט, וואָס די מאַמע איז נעבעך שוואַך, און איר פּאַטש איז שוין נישט דאָס וואָס אַמאָל!...

אָף דעם זאָגט ר׳ אייזעלע כאַריף, אָדער היינע, אָדער משה נאַדיר:

אַ קלאָג איז צום קינד, וואָס האָט באַדאַרפט וואַרטן ביז די מאַמע וועט אים אַ פּאַטש טון, קעדיי אויסצוגעפינען אַז די מאַמע לעבט קוים.

אייער „הייליקייט פון וואָרט"!

דער לעבעדיקער מענטש איז נישט הייליק — זעט ווי ער גייט פון הונגער אויס, קראַפּירט אין די קוילנשאַכטעס פונעם רייכן אַמעריקע, ווערט באַגאַנוועט און באַגאַזלט פון יעדן ליידאַק, פון יעדן „שטינקער אין שטעקשיך", און — דאָס וואָרט איז... שמייליק!

אזוי איז אָנגעגומען אין אונדזער ווייגגאָרטן.

איך קאָן אַ געוויסע שטאָט, אין אַ געווים לאַנד, וואו איינער פון אירע באַרימטע מאַלערס איז אַ — פּימפּ, האַנדלט מיט פרויען.

פונדעסן : שאַ, שטיל : די הייליקייט פון וואָרט!

„פּאַני אַזוי" און „פּאַני אַזוי", און „וואָס מאַכן זי?" — אַלע „פּירער פונעם וואָרט" גיבן אים גאַנץ שיין אָפּ קאָוועד.

און פּריפּט אין יענער שטאָט פון יענעם לאַנד זאָגן „נאַכטעפּל" — וועט מען אייך פאַרשטיינען!

אין יענער שטאָט פון יענעם לאַנד ברענגט אַפילע אַ טויט־קראַנקער נישט אַף די ליפּן דאָס וואָרט „קאַנע", נאָר ער זאָגט : „גיטס מיר, כ'בעט אייך זייער, יענע גומענע זאַך מיטן שפּיצל, דזשענקוי־יע!"

:: :: ::

ניוול־פּע? וואָס איז דאָס אַזוינס? בער־האָפמאַן האָט דאָ אַנומלטן אַף דער דיסקוסיע וועגן „קונסט און שונד" געזאָגט : „פאַר דרויסנדיקע מענטשן איז עפּשער טאַקע שווער צו וויסן דעם כילעק פון קונסט ביז שונד. אָבער מיר ליטעראַטן פילן דאָס אינסטינקטיוו. פאַר אונדז איז דער איניען קלאָר. קונסט איז אַ זאַך וואָסאיך שרייב. שונד, ווידער, איז אַ זאַך, וואָס דו שרייבסט."

רכילעס... ניוול־פּע — נו, אַוואַדע. פּונקט ווי ס'איז מעגלעך צו זיין אַ גוטער שרייבער און נישט האָבן צו טון מיט רכילעס, מיט אונטערהערן זיך וואָס פרעמדע הערצער טראַכטן, וואָס פרעמדע „נעשאָמעס" פילן, און זיי דערנאָך באַשרייבן.

דאָסטאָיעווסקי איז דער גרעסטער רכילעסניק אין דער וועלט.

טאָלסטאָי שטייט שטענדיק באַם שליסל־לאָך פון זיין העלד'ס „פּריוואַטן לעבן" און הערט זיך אונטער...

ניוול־פּע? איז דען עמעסע ליטעראַטור נישט דאָס פּאַלמעסן פון טויטע און לעבעדיקע, קעדיי צו דערקענען און צו פאָרשן, צו היילן און צו פאַרהיטן?

זאָגט אַ סטודענט פון אַנאַטאָמיע, אַז ער זאָל נישט אָנרירן קיין אומאַנשטענדיקע ערטער אין מענטשלעכן קערפּער!

רעדט צו אים וועגן דער „הייליקייט פון מעסער"!

גראָבע ווערטער? וואָס קען זיין אַ גרעבער וואָרט, ווי אַז איר שרייבט „פרוי" אָדער „מאַן"? סיידן איר נעמט־אָן, אַז אייערע לעזער האָבן גאָר קיין פאַנטאַזיע נישט.

:: :: ::

דאָס ווייצידקאָסכאַ־פּענימל פון ניגער׳ן: ס׳טייטש, ער איז באַ־שיידן!

נו, גוט, „וואָס האָט ער אזוינס געטון, ער זאָל האָבן א רעכט צו זיין באשיידן?״

האָט ער עפשער דערהערט די אָנקומענדיקע טריט פון איציק קיפּנים׳ן? פון טשעסטער׳ן? פון טאָפּעל׳ן? פון קאָטלער׳ן? פון פּראַדל שטאָק? פון אָליעווסקי׳ן? פון וויינערמאַנ׳ען? פון א סאך אנדערע?

האָט ער מיך אמאָל געכאַפּט בא דער האַנט, אז איך האָב געזאָגט מיינע אייגענע כאָכמעס אין נאָמען פון... דענקער מיט גוואַלטיקע נעמען?

וואָס מ׳שרייט אַף ניגער׳ן ארויף — דאָס זעט ער; וואָס מ׳וואַרפט אַף אים ארויף — דאָס הערט ער...

נאָר איך איינער, מיינט איר, וויל נישט אָנטון ש. ניגער׳ן די ליב און זאָגן, אז א קריטיקער דאַרף „פּאַרעהרט״ ווערן פון „יעדן רעכטדענקענדן״ מענטשן? ניין, ס׳איז דאָ נאָך א פּאָר אזוינע — ווי לעמאָשל: הויסמאַן, פּויכטוואַנגער, אנדרע ראָבינס, יונעקער, אַלעקסאַנדער פּאָופּ, גאַגען, וכו׳.

נעמט אפילע אזא שטילן, אָנשטענדיקן שרייבער ווי אנטאָן טשעכאָוו, שרייבט ער בעפּירעש אין א בריוו צו זיינעם א פריינט: „איך קען נישט פאַרטראָגן די קריטיקער: זיי גייען ארום און שרייען אין די גאַסן „איוואַן מאַכט גוטע שיך״, „סטעפּאַן מאַכט שלעכטע שיך״ — ווענעמען קומט דערפון עפּעס ארוים? ווער דאַרף דאָס האָבן?״.

:: :: ::

ניין, ש. ניגער איז נישט פון די מענטשן וואָס זאָגן ליגן — יענעמס. ער איז פון יענע „ערלעכע לייט״, וואָס זאָגן זיך אליין נישט דעם עמעס — אויב דער עמעס איז קעגן זייערע אינטערעסן.

דאָס זענען די פרומע ליגנער, די הייליקע באַטריגער.

:: :: ::

א קריטיקער דאַרף „באַדינען״, נישט וועלן באַדינט ווערן. ער דאַרף אויסקערן די שטוב און זיך אוועקשטעלן אָן א זייט.

א בעזים טאָר זיך נישט היטן זיין „ריטערלעכקייט״!

און ווילסטו נישט, און קענסטו נישט — ווער אוים בעזים...

און טו קיין רישעס קיינעם נישט, און זיי נישט אומזיסט מעצאַער די, וואָס זייער געמיט איז דאָס געצייג פון זייער ארבעט.

דער קריטיקער אנטדעקט בלויז דאָס, וואָס איך, דער שרייבער,

האָב דערפונדן. אויב דיר, הער אַנטדעקער, איז עפּעס נישט קלאָר אין מיין דערפינדונג, קום און פרעג מיך, וועל איך דיר קלאָר מאַכן.

אָבער גיי מיך נישט איבערדערפינדן,—דאָס איז נישט דיין פאַך.

סי דאָך נאַריש גערעדט: אַפילע אַזוינע צוויי עקספּערטן ווי ש. ניגער און ראובן בריינין ווייסן אויך נישט אַקוראַט וואָס קונסט איז.

לויבט ניגער מיין „געניאַלן-אידיאָט", זאָגט בריינין, אַז ווייסיך וואָס!

טאַינע איך דאָך טאַקע: פאַרוואָס האָט ניגער אַנגעוויזן מיט זיין פריע-נעגעלע דאַווקע אַף מיין „געניאַלן אידיאָט" און נישט אַף מיין „בראָדוויי", מיינע „דעלוזיעס", מיינע „קינדער-געשיכטן", מיין „לעצטער איד"?

ניגער איז אַ קולטור-טרעגער — זאָל ער טראָגן די קולטור ווייטער. ווער נעמט אים דען אַוועק די פּאַרנאָסע?

נאָר אַז איך זאָג: „שמואל, דו געפעלסט מיר נישט" — דאַרפט איר, ה. בריינין, נישט ווערן אַזוי אין קאַס.

און דער פינף-און-צוואַנציגסטער פילאָזאָף ווס. נאַטאַנסאָן (פון שיקאַגע אַזש!) דאַרף מיר נישט אויפוואַרפן, אַז די כאָכמע „ס'איז אַ כילעק פון לעבן ערלעך ביז לעבן פון ערלעכקייט" איז אַ „ריין-ניגערשער אויסדרוק".

אויב ש. ניגער קען זאָגן אַזאַ קלוג וואָרט, איז צו גאָט אַ האָפענונג, אַז ער וועט נאָך זאָגן אַ סאַך קלוגע ווערטער מיינע.

גלויבט מיר, איך זשאַלעווע קיינעם נישט.

לודוויג בערנע האָט אַמאָל געזאָגט, אַז „יעדער קאַרליק איז אַ האַלבער ריז". דאַפאַר גייען אַפּאָנים קאַרליקעס אַמייסטן צו צוויי, צו דריי, צו פיר, צו — פופצן.

ס'ניגערשע „וואָרט" — וואָס איז דאָס אַזוינס? בע, מע, פּע, הע-הע!" הע-הע דאַרף זיין אַן „אויסקוועטש" פון לויב, נאָר אַזוי ווי באַ ניגער'ן איז אַלדינג אונטער דער נאָז, ווייסט מען נישט, צי ער גענִיצט, צי ער זינגט שירע.

איר „פרומע לייט" גייט באַ יעדן „הייליקן וואָרט" זיך וואַשן אין מיקווע אַריין.

אָבער — די מיקווע אַליין?

ווער וועט אויסוואַשן די מיקווע?

האָניק-שמירער האָבן מיר איבערגענוג. אַביסל ביטערער ווין — נאַדירשער — קען נישט שאַטן גאָרנישט!

און מיט אייערע „ווערטער וועגן ווערטער" וועט איר מיך נישט איבערשרעקן — שלאָגט זיך דאָס אַרויס פון קאָפּ!

איר רייצט אַף מיר אָן אייערע פסוקים, אָבער איך רייץ אַף אייך אָן מיין אייגן הינטיש לעבן!

פאַרשטייט איר מיך?

און אַז איינער — אָן אָפּגעריסענער, אָן אָפּגעשליסענער קומט פלוצטאַלבן צעגיין מיט אַ דימענט אַפן פינגער, שעם איך מיך נישט צו פרעגן, „וואו האָסטו גענומען?"

אפילע היפּאָליט טען (כ'האָב אייך נישט געוואָלט אויסזאָגן, קאָלעגע ש. ניגער) האָט אַליין געשריבן ליטעראַטור, איידער ער האָט גענומען שרייבן איבער ליטעראַטור.

בראַנדעס (ווי איר ווייסט עפּשער נישט, קאָלעגע ניגער) האָט געשריבן לידער.

ש. ניגער קוועטשט קוים־קוים אויס נאָטיצן פון „אַ לעזער און אַ שרייבער" איינמאָל אין 7 לאַנגע טעג, 24 שאָ אַ טאָג!

קיין אייגן העמד האָט ער נישט, נאָר דימענטן טראָגט ער, אונדזערע דימענטן!

זאָל איך אייך אָפּגעבן קאָוועד, פּאַני ניגער, און שטילערהייד צונעמען אייער קניפּעלע?

פאַר דעם „קאָוועד פון דעם אידישן וואָרט", וואָס איז בא אייך בלויז אַ... וואָרט?!

פאַרגיט מיר — אויב איר ווילט, מיין איידעלער קאָלעגע ראובן ברייינין.

איך, אַז איך וואַרף־צו עמיצן אַ שטיקל ברויט אַף צו פאַר־סאַמען זיך, שמיר איך עס אַף ביידע זייטן מיט סאַם.

איר, קאָלעגע ברייינין, אַז איר האָט מיר צוגעוואָרפן אַ שטיקל בלאָטע־ברויט אַף צו באַליידיקן מיך — האָט איר עס אַף איין זייט אָנגעשמירט מיט האָניק —!

איך זאָג קיינמאָל נישט צו יאָסל קאָטלער: „יאָסל, האַלט מיר צו דעם צילינדער אַפן קאָפּ, כ'גיי מיך שלאָגן."

איך שלאָג מיך אָן אַ צילינדער, שטעלט זיך פאַר!

אזוי וויניק „ריסטצייג" פון דער מאָדערנער עסטעטישער קרי־טיק" פאַרמאָג איך!

און דאָס וואָס די פּלישטימדיקע פּרעסע וועט אין טאָג פון מיין טויט שרייבן מיט גרויסע אויסיעס: „משה נאדיר ענדלעך גע־שטאָרבן!" — מאַכט מיר אויך נישט קיין לאָך אין ספּאָדיק.

איר וועט מיך מיט קיין פרומע יאַרמיקעס נישט פאַרטרייבן, און מיט קיין „הייליקע" ווערטער אוואַדע נישט.

אז איך זע ווי ש. ניגער באמיט זיך צו פאריכטן די לידער פון די סאוועטישע דיכטער, קומט מיר פאר ווי א לאטוטניק לייגט א לאטקעלע אף . . . אן אטעם!

:: :: ::

„געלייענט און געשריבן" *)—דאס איז אדער אניוועס, אדער—פלינקייט, ווי איינער רעדט: אט עס איך און אט —

איך קען זיך פארשטעלן, אז די ערשטע זאך, וואס איז ש. ניגער'ן געקומען אפן געדאנק איז געווען אומגעפער אזוי: שטעל די „אומשולד־נאז" פאראוים, וועט דאס זיין א ספאסיב צו... פארנאסע.

דערהערט בא זיך אזא געדאנק, האט ש. ניגער א כאפ געטאן די פען און ארויפגעשטעלט „פון א לעזערס נאטיצבוך"...

באלד האט ער זיך אבער געכאפט, אז וואס טוט ער? ער קוילעט זיך דאך אן א מעסער! טאקע א גוואלדיקער אנעוו און אלצדינג, אבער גלאט אזוי „פון א לעזערס נאטיצבוך" — וועט'ן דאך מיינען, אז ער איז טאקע ניט מער ווי א לעזער...

— א לעזער?... פע! א לעזער בין איך זיי גאר? כ'בין זיי גאר א לעזער, בין איך זיי, די יאלדן!

געקומען צו זיך פון דער אויפרעגונג, האט ער באשלאסן, אז — באשיידנקייט אין א זייט, ער מוז איינמאל פאר אלעמאל ארויסקומען מיטן גאנצן עמעס און דערקלערן, אז די נאטיצן זיינע זענען שרייבערישע נאטיצן, ליטעראַרישע נאטיצן, פון א ליטעראַרישן אידן, איבער בעלע־ און אנדערע סארטן ־טריסטיקס.

האט ער געכאפט און ארויפגעשטעלט א בייזן און גרויסן קאפ:

„נ א ט י צ ן   פ ו ן   א   ש ר י י ב ע ר"

דאס האט באדארפט הייסן: פון א שרייבער טאקע, א שווארץ יאר אף אייך...

האט ער זיך אבער מעיאשעוו געווען קריק: וואס טוט ער דא? ער פארגעסט גאר, אז ער איז אן . . . אנעוו? ווינציק האט ברוך־בעני וולאדיק־טשארני פון יעהופעץ־איסט־סאיד מיט אים ארייננגע־טאינעט: באיעלע, האט ער געטאינעט, וועסטו זיין אן אנעוו, וועט דיר זיין גוט, וועסטו האבן ברויט מיט פוטער אט אזוי ווייט! וואָרין אין באשיידנקייט וועט דיך קיינער פון דיינע קאלעגן נישט אַרונ־טערשטייגן: וועט יענער זיין קליין, וועסטו זיין נידעריק! וועט יענער

---

*) אונטער דעם־א קעפל שרייבט ש. ניגער זיינע „ליטעראַטור־קריטיק" פארן „טאג".

זיין נידעריק, וועסטו זיין . . . פיצל! וועט יענער זיך אָנבויגן ביז צו דר'ערד, וועסטו זיך איינגאַנצן אוועקליגן!... וועט יענער זיך אויך אוועקלייגן, וועסטו זיך ארונטערליגן אונטער איס...

האָט ש. נ. געטראַכט און געטראַכט און ענדלעך באַשלאָסן מאַכן א קאָמפּראָמיס: „פון א לעזערס און א שרייבערס נאָטיץ־בוך"... געלייענט און... געשריבן, געשריבן און געלייענט, — סי טוצאָך אביסל!

:: :: ::

וואָס „מענדעלי" זאָגט וועגן קריטיקער:

„קריטיקער, ווי פּובליציסטן, זיינען פאַרשווינען, וואָס מאַכען מעשה־אונן, מיט זייערע מוחות, ווארשיינליך דערפאַר, וואָס זייערע מוחות טויגען ניט צו קיין בעסערע באַשעפטיגונג.

אליין טויגען זיי ניט אפילו א קאַץ א ווידעל צוצובינדען, און זיי קומען דאָס לעהרנען אנדערע וואָס צו טאָן און ווי אזוי צו שרייבען.

זיי דערמאָנען מיך שטענדיג אין יענע בטלנים, וועלכע זיצען כל ימיהם אין בית המדרש, הינטערן אויוועז, ניט נאָר זיי לעזען ניט, נאָר זיי זעהען ניט אָן קיין צייטונג, און דאָך פוילען זיי זיך ניט צו רעדען איבער פּאָליטיק.

אָט די דאָזיגע שלימזלניקעס דערשרעקען זיך פאר א קאַץ און אנטלויפען כמתחווי קשת פאר יעדען אומשולדיגען הונט, און אפילו פאר א קליינעם שגץ'ל ווערען זיי ממש דערציטערט, און דאָך דיסקוטירען זיי די תכסיסי מלחמה און זאָגען דעות ווי אזוי א מלחמה צו פיהרען.

זיי דערמאָנען מיר אויך יענעם טשיקאווע אידעל, וועלכער האָט אויף זיין לעבען ניט פאַרדינט קיין מזומנ'עם רובל, און דאָך זאָגט ער מבינות אויף בענק און באַטראַכט ראָטשילד'ן פאר א שוטה ווארים ער טוט אזוי און ניט אזוי.

נאָר ביי אונז אידען קען עס געשעהן, אז פולשטענדיגע טויגע־ניכטסען זאָלען ווערען אויסווידער מלמדים, אָדער גאָר ליטעראַטור־קריטיקער...".

## „אוי אַבראָם, איך קען אָן דיר נישט זאַהן!“

(אָן ענטפער אַב. קאַהאַנען)

„דו — אָן דיר, און איך — אָן מיר
קענען מיר ביידע נישט זיין;
געדענק־זשע, געדענק־זשע, דו שמענדריקל,
ביזט בלויז אַ קליינער פענדריקל,
אוי וויי, יענטעניו,
מיר קענען דיך שוין „פלענטעניו“.

אהוש! (אָדער עפּעס אַן אנדער וואָרט, וואָס מ׳זאָגט אַז מ׳יאָגט די פליגן מיט אַ יארמולקע). אָבער זיי האָבן זיך אָנגעזעצט אַף דער נאָז — די בייזע פליגן, „דיזע נימעסע קאָסטימער“.

בידנעקע פליגן!

כ׳האָב באַדאַרפט זאָגן וואנצן, אָבער מען טאָר נישט, ס׳איז אַ גראָב וואָרט.

דאָס „אומפליט“ לויפט אַרום האַלב־פאַרסאַמט און שרייט: „אָנשטענדיקייט! ווישער!“

און וואו איז אייער „ווישער“ צו לעבן אַף פרעמדע... פּלייצעס? און קריכן אין פרעמדע בעטן?

דער מיסטברענגער פאַרקויפט שמעקעדיקע וואַסערלעך פאַר אַ מיטל קעגן אים אַליין.

דער „איד מיטן פאַרך“ טאַינעט, אַז פע, וואָס איז׳ם פאַר אַ מאָדע קראַצן גאָר!

דער מענטש מיטן „אומריינעם קאָפּ“ וויל האָבן, אַז — דער עיקער איז... קאַפּעליוש. הוראַ פאַר קאַפּעליושיזם!...

די זשאַבע טאַינעט, אַז פע... קרייען גאָר? קוואַקען איז אַ סאַך שענער!

די טשערעפּאַכע האַלט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין ערגערע זאַך ווי... פליגל.

דאָס שטומפּיקע פוטער־מעסער גלויבט בייעמונע שליימע, אַז צו שניידן פלייש איז באַרבאַריש.

און די פעסט-באַציל טאַינעט, אַז ס׳איז נישט אָנשטענדיק צו נוצן קיין פייער...

דער שמענדריק האָגאָדל פון „פאָרווערטס“ האָט מיך געכאַפּט

בא גנייווע, האינע, זייט וויסן, אַז מיין „געניאַלער אידיאָט" האָט א טאָפּ־געטון דעם טויטן אוועקשענקאָ'ן איבער די קעשענעס.

מיילע, וואָס איז דאָ צו רעדן? עס כאַטאָאַי, מיינע זינד, טו איך מאַזקיר זיין, אַז איך האָב אָפּגעמאַכט מיט מיין „גענ־איד", אַז ער איז נישט מעכוויעוו צו געבן קיין פּערצן־קעראַטנע קונסט. אַדרבא. און אויב עס פעלט אויס צו דער האַנט א כאָכמעלע און מ'פּוילט זיך צו קוקן אינעם נאָטיץ־ביכל, זאָגט מען איבער א פאָלקס־כאָכמעלע, אָדער אַן אַנעקדאָטל פון דער האַפּטוירע, אָדער מען ניצע־ווערט־איבער אַן איינענעם מאַימער.

די כאָכמע מיט דעם זינגער איז איבערגעגעבן געוואָרן אין דער דייטשער פאָלקס־צייטונג, ווי א שפּעקולאַציע פון אַן אימפּרעסאַריאָ. אַז ס'איז אוועקשענקאָ'ס, איז נישט געווען דערמאָנט. האָט זיך מיין „גענ־איד" דערמיט באַנוצט — פּונקט ווי ער באַנוצט זיך אָפּט מיט אַלערליי אַנדערע רויע מאַטעריאַלן. פּונקט ווי אַנ־סקי האָט נישט געפונען פאַר נייטיק צו זאָגן, אַז דער רויער שטאָף פון זיין „דיבוק" איז איינגאַנצן גענומען פונעם אידישן פאָלקס־אויצער, אַזוי געפינט קיין שום שריפטשטעלער נישט פאַר נייטיק אָנצוגעבן וואו ער האָט גענומען זיין רויען שטאָף — דאָרט, וואו דער „רויער פלאַקס" האָט אף זיך נישט קיין שטעמפל פון א יאָכיד'ס שאַפן.

אוואַדע ווערן אַפילע גרעסערע שרייבער פון מיר אַמאָל גע־שטרויכלט.

לעמאָשל, „דיזער" טאָלסטאָי, אָדער „דיזער" י. ל. פּרץ (זע האַנס קריסטיאַן אַנדערסענ'ס „בילדער־בוך אָנע בילדער"), אָדער אַפילע אַזאַ מייסטער, ווי אונדזער שלום־עליכם, האָט אויך עטלעכע מאַיסעס, וואָס זענען באַאיינפלוסט פון פרעמדע קוואַלן (זע זיין מאַיסע מיט דעם לואַך־פאַרקויפער און זע עליי פּערקינס „בוק־אײדזשענט"!). מענדעלי האָט מיט זיין „מסעות בנימין השלישי" גאָרנישט דערלייגט צו סערוואַנטעס'ן...

דער גרויסער כאָכעם פידאָצער האָט שוין געזאָגט:

„א שרייבער מוז זייער־זייער א סאַך לייענען, קעדיי אויסצומיידן די געפאַר פון צעגויפטרעפן זיך מיט אַנדערע שרייבער."

ווייטער האָט געזאָגט דערזעלבער פידאָצער (אין נאַדיר'ס נאָמען):

איך נעם מיינע זאַכן, וואו איך געפין זיי, איר נעמט אויך מיינע זאַכן, וואו איר געפינט זיי.

דער אָדן, האַר־גאָט פון דער וועלט, ווייסט, אַז איך פאַרגעס אין איין טאָג מער כאָכמעס, ווי איך קען גאַנוועגען אין א יאָר בא

דעם נודנעם מ. ג. סאַפיר אָדער באַ דעם שלימאַזלדיקן פּעטער אַל־טענבערג (אין מיין אידישער איבערזעצונג פון זיין בוך „ווי איך עס זעהע" ווייגאַס אין מיין איבערזעצונג פון סאַפיר'ן און דזשעראָם ק. דזשעראָמ'ען, האָב איך אונטערגעזאָגט אַ היבש ביסל כאָכמעס מיינע — אַוועקגעשענקט זיי ב'קאָווּעד גאָדל, ווי איך בין שטענדיק גרייט צו אַזאַ מין גמילעס־כעסעד, ביטנאַי, מען זאָל מיר דערנאָך נישט ווערן קיין דאַם־סוינע!).

נאָכמער: איך האָב אַפילע אַ היבשע צייט געדרוקט אין „קונדעס" מיינע אייגענע זאַכן אונטער דעם נאָמען מ. ג. סאַפיר, ווייל מיינע אייגענע זאַכן האָבן דעמאָלט נישט גויסע־כיין געווען אין דעם רעדאַקטאָר'ס אויגן.

אַגעוו: אויב איך האָב כאָלילע אומגערן גענומען אַווער־טשענקאָ'ס אַ כאָכמע, דאַרף ער מיר קיין פאַריבל נישט האָבן, וואָרין איך האָב אים אָפּגעצאָלט מיט אַ גאַנצער פּיעסע, וואָס הייסט „דער לעצטער איד".

ווען מען האָט געשפּילט די נעמלעכע פּיעסע, האָב איך (אין די פּראָגראַם־צעטלעך פונעם טעאַטער) אָנגעגעבן, אַז דער סוזשעט איז אַנטנומען פון אַווערטשענקאָ'ן. —

געטאָן האָב איך דאָס, צוליב סטראַטעגישע סיבעס — בענייגייע אונדזער קריטיקער. פונדעסן האָט זיך דער גרויסער אַווערטשענקאָ־קענער (צביון) נישט געכאַפּט, אַז באַ אַווערטשענקאָ'ן איז אין ערגעץ נישטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל האָבן אַ שאָטן פון אַן ענלעכקייט צו מיין פּיעסע!

חנא גאָטעספעלד האָט זיך מיט מיר צעטיילט העלפט־אַף־העלפט מיט דעם „סוקסעס" פון מיין „מאָשיעך אין אַמעריקע" — אין זיין פּיעסע „די אַמעריקאַנער כסידים".

האָב איך מיך יאָרלאַנג געשלאָגן קאָפּ־אין־וואַנט — באַם אידישן טעאַטער. זאָג, צוליב וואָס? זאָג, צוליב ווען?

בין איך דען אַ טעאַטער־קריטיקער, ווי מוקדוני? איז דען קריטיק ביכלאַל מיין פּראָפעסיע? (באַ אַנדערע איז ליב־האָבן און פיינט־האָבן אַ פּאַך, באַ מיר איז דאָס בלויז אַ טעווע!).

שפּעטער איז געקומען דער וועכטער פון ווײַנגאַרטן:

„נאַדירל, נאַדירל, ביסטאָך שוין עפּעס אַן עלטערער מענטש, אַ שוואַכער, וואָס טויג עס דיר איינצוריסן מיט דער וועלט — זיך מאַכן סאָנים אומעטום? אַמער זיץ דיר שטילינקערהייט און שרייב

דיר ווערקעלעך און זינג דיר לידעלעך, און ליב דיין פּאָלקעלע, און מאַך דיר פּריינטעלעך, וועלן זיי דיר מאַכן באַנקעטעלעך, וועסטו האָבן אַ האַנאָעלע און וועסט וויסן פון אַ לעבנדל."

איז אָבער די אומרו אין מיר ווי פּייער, ווי אַ וואַלד־פּייער, וואָס אַז דו לעשסט עס דאָ, כאַפּט זיך עס אָן דאָרטן.

ווינטש איך דען עמיצן שלעכטס?

פאַרקערט, איך קען צוליינגן אַ שוועבעלע צו די ווינקלען פון דער וואַנט, וואו די וואַנצן זענען, און — ס'הארץ זאָל בישאַם־מאַיסע ווייגען אַף דעם גורל פון דעם אומצוכט...

א. לעיעלעס, דער יונגערער „פּאָעט־אימפּעראַטאָר", זינגט זייער ריכטיק אין אַ לידל, וואָס ער ווידמעט מיינעם אַ פריינט:

„דאָס פייער, וואָס דו ווילסט מיר אונטערלייגן,
ברענט קווידעם־קאָל דיין אייגן הארץ."

אָבער די האַנט טאָר נישט ציטערן!

ווילסטו אַ ריינעווירטשאַפט, מוזטו זיך פּאַטשקען מיט די, וואָס פאַראומרייניקן.

איך בין מיך מוידע, אַז ניט איינמאָל שלאָגט צום הארץ דער געדוך, עם איבלט דער רייעך פון צעקוועטשטן „אומפּלייט". אָבער וואָס זאָל טון דער גערטנער, וואָס האָט מעשוגע־ליב דעם עפּל־בוים און ער זעט, ווי ווערים האָבן „פאַרצויגן אַן אײדלען זייד" אין די בלי־קעפּלעך פון דער יונגער פרוכט? זאָל ער נישט איינ־טונקען אַ שמאַטקעלע אין נאַפט, עם אָנצינדן און צעשטערן די „זיידענע נעסט"?

שאַרף איך מיין געצייג אַף אַ האַרטן שטיין, שרייט דער שטיין, אַז ער איז דער עמעסער שאַפער...

ווייסיך! זיי דו — דער „שאַפער", אַבי מיין מעסער איז שאַרף.

אוואַדע קען דער אומשולדיקער „כאַלעף" נישט פאַרלאַנגען, אַז די געקוילעטע קעלבלעך זאָלן אים ליב האָבן.

נאָר אַז די קעלבלעך נעמען זיך אַלע מיטאַמאָל צענויף און גייען (ווי איך האָב שוין אַמאָל געזאָגט) קוילן דעם כאַלעף, איז דאָס אַ קאָמעדיע!

אב. קאַהאַן וויל נישט קיין „יאַטקע־אידיש" — דער קאַניבאַל, וואָס ליידט אַפּן בויך, איז געוואָרן אַ... וועגעטאַריער!

אוואַדע קען מען נישט קיין פאַריבל האָבן, וואָס דאָס אומפּלייט האָט פאַראיבל, נאָר איבלען איבלט עס!

און אַז „דיזער קאָסטימער, יונאָ" וואַרפט מיר אויף, אַז איך האָב אים צוויי מאָל געשיקט זאַכן צום דרוקן (מען קען מיינען, אַז

דאָס איז געווען ערשט נעכטן !), איז דאָס אקוראט, ווי מ׳זאָל אים, לעמאָשל, אויפוואַרפן, אז אזא אלטער איד, ווי אב. קאהאן, האָט זיך נישט געשעמט צו שפּילן מיט דער מאַמעס ברוסט.

מיט 17-18 יאָר קריק, ווען איך בין אוועק פון „קונדעס”, און ס׳האָט געמאַנגלט ס׳שטיקל ברויט, האָט מיך מיין דעמאָלטדיקער קאָלעגע, י. אדלער, געראָטן צו גיין צום „פאָרווערטס” בעטן ארבעט.

איך בין נישט געגאַנגען.

נאָר ווען י. אדלער האָט מיך צוגערעדט איך זאָל צושיקן זאכן, האָב איך אים איינמאָל צוגעשיקט צוויי מאַיסעלעך. „דיזער קאָסטי־מער” האָט געפּאַסקנט, אז סי טויג נישט, ווייל ס׳איז נישט געשריבן אין קיין „פּלעינעם” אידיש, אל פּי נוסעך קאהאן: „סעמעלע, זיי אזוי גוט, באָיטשקל, גיי אוועק פון ווינדע. נעם בעסער א הענקי־טשע און וויש אָפּ דאָס פּעיסעלע און זעץ דיך אַף א טשערל לעבן דער ווינדע”.

מער האָב איך (אפילע דורך פּאָסט) קאהאנ׳ס פּאָנים נישט אָנ־געקוקט. אין דער גרעסטער נויט האָב איך מיך נישט געווענדט צו אים נאָך ארבעט.

דאָס קען ער מיר נישט מויכל זיין, דער שונד־און־שאַנד־שאַנדאַר, „דיזער קאָסטימער” וואָס האָט איינגעפּירט אין זיין בלאַט א ליטעראַריש „הייזל”, און עס אויסגעהאַנגען מיט מזוזעס, כדי צו ציען וואָס מער קאָשערע „קאָסטימער”.

ס׳איז עמעס: זיינע „פּרויקעלעך” האָבן נישט קיין „גראָבע מאַניערן” — פאַרקערט: זיי „רעדן אלע מיט גאָט”, האַלטן צוקאָפּנס ערעץ־יסראָעל־ערד, וואַרפן קאַפּיקעס אין ר׳ מייער באַל־האַנעס־פּושקע... טראָגן נישט קיין פּאַטשיילע אום שאַבעס.

אָ, דו „אָנשטענדיקער”, פּאַפּירענער אלפאָנז !

דו, וואָס לעבסט פון אומצוכט, און באַשלאָפעריי — גיסט סייפער־טוירעס אין שול אריין.

און רופסט „דיינע לייט פון נאָענט און פון ווייט”, מ׳זאָל מיך מאַכרים זיין, דערפאַר וואָס איך זאָג, אז מען דאַרף אונטערצינדן דיין הייזל, אויסראַמען דאָס אומפלייט...

וויסן זאָלסטו, דו וואָס פאַרמאַמזער־בען־האַנידעסט אונדזער גאַנץ ביסל ליטעראַריש בלוט, — וויסן זאָלסטו, אז — —

מיט דיינע „ווערק” וועט מען פאַרשטעקן דעם קוימען.

דיין „רום” וועלן מייז ארומשלעפּן אַף בוידימער פון פאַרלאָזטע הור־הייזער.

מיר וועלן דיך אָפּווישן — אַזוי ווי געלן זשאַווער פון אַ שווערט!

:: :: ::

פּע, סי ווערט מיר נישט גוט, ווען איך דערפיל דעם טאַם פון דיין „קויעך‟, — דו, וואָס האָסט אָנגעהויבן ווי אַ מענטש און געענדיקט ווי אַ . . .

אָבער ס׳איז גאָרנישט.

יאָרנלאַנג ביזטו עפּשער טאַקע געווען דער וואָרעם אין צאָן, וואָס האָט געפוילט אין דער יאַסלע פון אונדזער היגער אַרבעטער־שאַפט, פון אונדזער ליטעראַטור, אָבער איצט ביזטו אַ וואָרעם פאַר זיך אַליין.

אַרויסגעריסן פונעם מויל פון דעם אידישן אַרבעטערשאַפט און אָפּגעשניטן פון אַלע לעבעדיקע זאַפטן, וועט אויך דער שאָקל־דיקער פוילער צאָן באַלד ווערן אַ טויטער ביין, און זיין לעבעדיק־סטער וואָרעם וועט פאַרטריקנט ווערן, און זייער ביידנס געדעכעניש וועט אָפּגעמעקט ווערן פון דר׳ערד.

און ווער ס׳איז מיך מעקאַנע מיט מיין „דזשאַב‟ אַלס שמויץ־ריניקער!

אָבער צומערשטן מוז מען אויסרייניקן — דאָס ראַכמאָנעס־האָבן קומט שפּעטער.

וואָס מער „מעפּונעק‟ די שטוב־ווירטין איז, וואָס ציכטיקער, אַלץ מער מוז זי ווידמענען איר צייט צום — אומציכט.

די „קולטוריסטן‟ קערן אויס די שטויב, פאַרשאַרן ס׳מיסט אונטערן בעט, און פאַרהענגען ס׳בעט מיט אַ ווייס פאָרהענגל.

איך האַלט פון ריינקייט צוליב געזונטקייט, נישט צוליב שיינקייט.

פּאָרע איך מיך דאַריבער אין אַלע באַהאַלטענע ווערעמדיקע ווינקלען און פאַרשפּרייט וואַנצן־סאַם וואו מען דאַרף.

און וועט טרעפן, אַז אַ „געציפער‟ וועט פון מיין סאַם נישט פאַרסאַמט ווערן, וועט מיין סאַם נישט שולדיק זיין.

שולדיק וועט זיין דעם וואַנצ׳ס זאַטקייט.

(די „פאָרווערטס‟־וואַנצן האָבן שוין אַזאַ טעווע, אַז זיי זענען זאַט!)

אנו, גיט זיך אָפּ׳סניי אַ נעם צו מיר, מיסטער קעי! רוף די „ברידער‟ פון י. ל. פּרץ פאַראיין, מ׳זאָל מיך צוערשט אַריינגאַרן אינעם פאַראיין, קעדיי מ׳זאָל מיך שפּעטער קענען אַרויסוואַרפן.

רוף זיי!

רוף זיי, די דערשראָקענע, פאַרנאָסעדיקע, וואָס כלינען איבערן שטיקל ברויט, איבער דעם טעפּעלע קאַווע.

רוף זיי — דו צעשטערער, זיי זאָלן דיר העלפן מיינע הענט שוואַך־מאַכן.

רוף זיי — יענע פאַלשע גערטנערס, זיי זאָלן העלפן צע־ברעכן די „געשאַרפטע שווערד" פון דעם, וואָס זיין האַרץ איז אפן הענטל פון דעם שווערד.

רוף זיי!

א טייל וועלן זיך עפשער אָנרופן.

די שוואַרצע „מאָגען־דאָוויד־טרעגער" וועלן אין נאָמען פון זייער וואַטענעם גאָט „קולטור" (אָדער פון זייער גרין־אויגיקן גאָט „קינע") מיט זייערע שטומפּיקע שטאָל־פעדערן מיר וועלן מאַכן וואונדן אין בויך.

און זיך באַלעקן — ווי זיי באַלעקן זיך שטענדיק, ווען זייערע נעז דערשמעקן אַן אָדנ'ס קנאַפּל. (נישט אַלע קענען דאָך פאָרן אזש קיין וואַרשע מיך זידלען אין די „ליטעראַרישע בלעטער", ווי מיין קאָלעגע א . . „ — נישט אַלע האָבן דאָך געלט אף הויצאָעס;)

פאָרווערטס, איר אָפּטריניקע אידישע שרייבער, — איר האָט גאָר נישט צו פאַרלירן, און גוטע „דזשאַבס" צו געווינען...

דער רייכער שאַבשעוויטש פון אַמעריקע האָט זיך אַרויפגעאַרבעט: זעט זיין זיידן יאַרמולקעלע, די גאָלדענע ציין, דאָס סאַמעטענע טפילין־זעקל, אין וועלכן ער טראָגט מוסטערן פון זיין בינטל בריוו...

:: :: ::

און עפשער וועט שוין טאַקע זיין דערוויילע געגנוג אף א מינוט.

אַכוץ „רייניקן דאָס אומפּלייט" איז נאָך דאָ אַנדערע זאַכן אין שטוב צו טון.

מ'איז א לעבעדיקער מענטש.

מאָרגן וועט עפשער א שמייכל טון אונדזער שטראָלן־קוועטשערין, די זון, דער יאַם (אין קוני־איילאַנד) וועט זיך א שטעל־טון צו דער אַרבעט, און איך וועל שווימען מיטן פּאָנים אַרויף און — שמייכלען אַזוי קליין און פיין און שטיל, — וועל איך פאַרגעסן דאָס אומפּלייט, דעם „פאָרווערטס", קריטיקער, געל־זעכטיקע שוויצער פון „קונסט", און ס'וועט זיין גוט, זייער גוט.

א גוטן טאָג!

יוני 24, 1928.

# אַ בריוול צו דער רעדאַקציע „פרייהייט“ *)

זיי־זשע מוחל, כאַשעווע רעדאַקציע „פרייהייט“, און גיב מיר א שטיקל פּלאַץ פאר א בריוול צו די כאַווירים, אונדזערע לייענער:

שוין באַלד זעקס כאַדאָשים, ווי איך האָב מיך פאַרשלאָגן אין א פאַרוואָרפן ווינקל, אַפן לאַנד, קעדיי צו פאַרלאַטען אביסל מיין געזונט. אין דער איינזאַמקייט פון וואַלד און דאָרף, דערגרייכן אָבער אַמאָל צו מיר בייזע מענטשלעכע רייד וועגן דעם, אַז סאָנים (און אפּילע פריינט) טייטשן־אויס צום שלעכטן דאָס, וואָס איך שרייב איצט אַזוי ווייניק. מיילע, צו די „שוואַרצע מיילער“ בין איך שוין געוואוינט. אָבער קעדיי באַ די אייגענע כאַווירים אָפּצעווישן דעם כשאַד, אַז איך בין כאָלילע עפּעס אויסן מיט מיין שווייגן — שרייב איך די־אָ ווערטער, און די ערד אַף וועלכער איך גיי אַזוי אָפּט ארויף און אראָפּ מיט פאַרלוירענע טריט איז מיין איידעס, אַז די צייטווייליקע אָפּרו פון מיין ליטעראַרישער ארבעט איז אַף מיר „ארויפגעשריגן“ געוואָרן פון מיין דאָקטאָר. איך בין איצט אַף א „דיעטע פון שווייגן“, האָלצהאַקן, וואַסערטראָגן און אַנדערע טועכצער וואָס היילן־אויס צעריסענע נערוון. איך וועל מיך אָבער אינגיכן ווידער איינשפּאַנען אין יאָך. וויפיל דער־אָ פרייוויליקער יאָך זאָל נישט רייבן דעם נאַקן, און פאַרוואונדן ס׳ליב. —

און צו דער „גרופּע“ אָפּטריניקעס „פרייהייט“־לעזער, וואָס האָבן זיך אין די טעג פון דער באַשריגענער „צאַאַר־וואַקכאַנאַליע“ געשטעלט אַף דער זייט פון דער „שפּויך־כאַמאָסכאָ־בריגאַדע“, און וואָס פרעגן באַ מיר (דורך פּאָסט) צי האַלט איך, אַז דער „קאָמוניסטישער צוועק טוט היילקן די מיטלען“ — וויל איך זאָגן אַזוי:

קינדער איינע, קאָמוניסטן זענען נישט קיין „היילקע“, און וויסן נישט פון אַזעלכע „היילקע צוועקן“, ווי עס האָבן די יעניקע וואָס טונקען זייער ברויט אין דעם זאַלץ פון פרעמדן נויט־שוויים.

איר רעדט פון „קולטור“, „אייביקע ווערטן“? קולטור — באַ! קולטור אין א שעכט־יאַטקע! — קולטור — ווי אַזוי? אַז

*) דאָס־אָ בריוול איז געשיקט געוואָרן צו רעדאַקציע „פרייהייט“ ווי אַן ענטפער אויף אַ פּראָוואָקאַציע פון געוויסע אידישע שרייפשטעלער, אַז מיין פּעריאָדיש קריקציען זיך פון אַרבעט (צוליב מיין געזונט) דאַרף אין דעם מאָמענט אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ „פּראָטעסט“ צו דער שטעלונג פון דער „פרייהייט“ אין דער ציאָן־וואַקכאַנאַליע.

מיר האָבן נאָך אפילע נישט דערגרייכט די ערשטע שטופע פון ציוויליזאַציע — קאָמוניזם!

קולטור? ווען מיליאָנען מענטשן לאָזן זיך אוים פון הונגער אין כינע; די גליקלעכערע פון זיי שלאָפן אַף דעם וואסערל, וואָס פלייצט־פארביי זייער זומפיק שטיקל רייז־פעלד — שלאָפן אין וואסער (קעדיי נישט אויסצונוצן אַן איבעריק שטיקל ערד) מיט אַ שטיין אַפן בויך — דאָס וואסער זאָל זיי נישט אַוועקטראָגן.

איר רעדט מיר פון „קולטור" — וואָס דאָס איז דער מענטשהייט'ס „גוטע מאַניערן", און אינדערזעלבער צייט זייפט איר די פעטליע פאר אונדזער האלדז — דער טייפל זאָל אייך נעמען!

איר רעדט ווי דער שופט (איר קענט אויך לייענען „שויפעט") בארנהיל, פון שאַרלאָט, נאָרד־קאַראָליינאַ, אין נאָמען פון „גאָט", אין נאָמען פון רעליגיע און מאָיסים־טויווים, און וואָס טראָגט איר אונטער דער שווארצער פאָלע? — אַ טויט־שטול פאר סאקאָוואנזעטי'ן, אַ טליע פאר סטרייקנדיקע וועבער.

קומט־אוים טאַקע עפּעס נאָר דאָס האַרץ אויסצושפייען. אָבער וואוהין וועסטו שפייען? צום הימל? — קומט עס קריק אַראָפּ. צו דר'ערד? — וועסטו אמאָל דאָרטן שלאָפן. —

ניין, ליבע קינדער, אונדזער צוועק „הייליקט" נישט די מיטלען; נאָר אַזוי ווי מיר זענען אין אַ טויט־געשלעג מיט מענטשן וואָס שטייען נאָך אפילע נישט אַף דער ערשטער טרעפּ פון ציוויליזאַציע (קאָמוניזם), און אַזוי־ווי יענע פלישטימדיקע מענטשנפרעסער נוצן פארסאַמטע פיילן, אָדער קראַצן אונדז די אויגן מיט פארסאַמטע פינגער־נעגל — טוען מיר אויך וואָס מיר קענען. ווי איך האָב שוין אמאָל געזאָגט דעם כ' אָלגין (אין אַ שמועס וועגן „גראָבע רייד"): אין מילכאָמע־צייט קלייבט מען נישט דאָס געווער. מיר ווארפן צוערשטן ביקסן־קוילן. אַז ס'פעלן ביקסן־קוילן — ווארפן מיר שטיינער, און פעלן־אוים שטיינער — ווארפן מיר אפילע בלאָטע. אונדזער צוועק איז — אונדזערער, איז ער ריין און עמעס. אונדזערע מיטלען צווינגט איר אַף אונדז אַרויף. דאַפאר זענען זיי — וואָס זיי זענען.

ניין, ליבע לייט. מיר „הייליקן" קיין שום זאַך נישט. מיר רופן מילכאָמע — מילכאָמע. נישט מער, אפילע אינעם שטאַט פון די פלישטים איז דאָך אויך פאראַן אַ באַזונדער געזעץ פאר שפּיטאָלוועגן (אַמבולאַנסן) און לעש־מאַשינען (פייער־ענדזשינס), און דאָרטן וואו אַ געוויינטלעכער שפּאַציר־אַווטאָמאָביל מוז זיך האַלטן „אָנשטענדיק", און נישט לויפן מער ווי, זאָגן מיר, 10 מייל אַ שאָ, מעג דער שפּיטאָל־וואָגן און די לעש־מאַשין פליען מיט „פולער קראַפט"

— אפילע ווען דאָס שטעלט אין געפאר א פּאָר בירגער, וואָס גייען זיך שטיל שפּאַצירן.

קאָמוניזם לויפט ראטעוועז פון — מילכאָמע, לויפט ראטעווען א פארוואונדעטע וועלט, — ווילט איר מיר זאָלן אייערע עטישע „פאר־קער־געזעצן" אָפּהיטן?

ווי דאָס הינדוסטאַנישע ווערטל זאָגט: א פּאַטש היילט אוים — דעם פּאַטשער פון זיין סינע, דעם געפּאַטשטן פון זיין ביטערקייט.

און איצט, כאָשעווע רעדאקציע „פרייהייט", שטעל איך מיר קריק אָף דער דיעטע פון שווייגן, ביז איך וועל געזונט ווערן, אָדער דער „מעדיצין" וועט נימעס־ווערן.

מיטן גרוס פון א בייזן און קאַלטן אָסיען, וואָס וויינט מיר אין קוימען אריין, — איר הערט?

משה נאַדיר.

מאָהיגאַן לעיק. אָקטאָבער 17טן, 1929.

:: :: ::

# די ציאָן־וואַקכאַנאַליע

(וועגן אַראַביש־אידישן אינצידענט אין זומער 1929, ווען רייזען, לייוויק, ראַבאָי און מנחם זענען אַוועק פון דער „פרייהייט".)

שוין, קינדער! איר קענט שוין אָנגרייטן די שטיינער צו ווארפן אָף מיר!

כ'וועל אייך זאָגן ווי אזוי: איר נעמט און לאָזט אויפשפּילן אייער גרויסע, צעלישעטע צאַאר־קאַפּעליע (מרדכי דאַנציס, קאַפּעל־מייסטער), ברימראַם, טראַטאַטאַ. א זעץ אין די טאַצן. א דרימזשע אין דער קאַלבספּויק — און שאַ, שאַ, מי פירט שוין משה נאַדיר'ן צום שייטערהויפן. א הויכער בין איך, אַביסל א צוגעשווארצטער פון דער זון, וועט מיר דאָס פייער זייער פּאַסן צום הארץ, צו די אויגן — און איר, צעדולטע, בידנע, וואַקכאַנאַליקער, וועט שטיין מיטן „טאָג", „פּאָרווערטס" און „מאָרגען זשורנאַל" אין די הענט, זינגען האַלעלויאָ און שרייען: „מאַרטירער, מירזעמיר מאַ־טירער!".

יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? — איך רעזיגניר נישט פון דער „פרייהייט"! אדראבע. איך בין מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — מער ווי טאָמיד. בלייב מיט איר, ביז איר וועט אָף מיר מערצישעם בלי־נעדער שאַבעס מאַכן א פּאָגראָם..

איך קאָן אייך, ליבלעבנס! ציַיטונג־שריַיבער! איך וויים ווי איר באַלעקט זיך מיט דער געזאַלצנקייט פון נייע וואונדן — אָם־אָם. טאם גאַנאַיידן!

ווי האַטענטאָטן באַשטעקט איר זיך מיט פעדערן און איר גייט א ווילדן טאַנץ, ארום דעם טאָפּ אין וועלכן עס קאָכן זיך לעבעדיקע מענטשן.

ווי אין אידישן טעאַטער: אַז מי וויל באַ דיר טרערן ארויס־פּאָמפּען, וואָס טוט מען? גיט מען דיר דען „א גרויסע גריכישע טראַגעדיע"? שרייבט דען סאָפאָקלעס דעם טעקסט? ניין. סיגעל — שריַיבט. מוישע ריכטער. די אַקטיאָרן אליין וויַינען סאַקאָנעס־נעפאָשעס, ווייסט שוין דאָס גאַנצע אידענע־טום, אַז סי איז דראַמעה און — מי מישט טרערן מיט ראָץ, שוויים מיט האַנאָע...

און איך אליין, מיינט איר? בין איך דען נישט קיין „קינד פונעם געמאַלעטן פאָלק"? ווייס איך דען נישט, אַז מיר זענען ווערטער־מענטשן? מיט די ציין האַלטן מיר זיך אָן אין וואָרט. שפּרוכן שפּרעכן מיר אָפּ ווען די גרויסע נויט קומט איבער אונדז, ווען דער הימל ברעכט צענויף איבער אונדזערע קעפּ ווי א סטעליע — דעמאָלט לאָזן מיר זיך אַלע אינאיינעם פאָטאָגראַפירן: א שיין בילדל פון מישפּאָכע־געטריישאַפט.

אָדער פאַרקערט: יענער טרינקט זיך. מיר שטייען באַם ברעג יאַם, קוקן־צו און זאָגן:

„העלפן קענען מיר אייך נישט, מיסטער. וויַיל מיר קענען נישט שווימען. נאָר א „פּיקטשע" קענען מיר אייך נעמען — אומזיסט."

נעמט, נעמט „פּיקטשעס". פאָטאָגראַפירט זיך פאַר דער „איטאַ" און פאַר אַנדערע נייעס־אַגענטורן!

ווייס איך דען נישט, האַ, אַז מי דאַרף פאַר אייך גיין אַף א שטריק? גיי איך מיט אייך אַף א שטריק, שווינדלענדיק־הויך אין דער לופט, איבער אָפּגרונטן פון צעטרעסעטע וועלטן. און איך טראַכט זיך באַ מיר אַזוי:

„האַ, עפּשער טון א טיוווע און... אַראָפּפאַלן!"

איר שטייט דאָך אַלע דאָ אונטן, מיט פאַרשאַרצטע היטלען, קוקט אַרויף צו די אידישע קאָמוניסטישע שרייבער וואָס האָבן אויס־געלייזט אייער שלעכט געווויסנדל, — דאָס געוויסנדל קעגן דער זינד פון א ראַסע, וואָס איז אַזוי אומדאַנקבאַר איר געשיכטע — דאָס געוויסנדל, וואָס האָט געביסן אין שטילע נעכט אַף ווייבע זייד־קישעלעך און געזאָגט: זע, דו — פאָלק־סוינע, מענטש־סוינע, די קאָמוניסטישע מאַכט האָט דיר (דורך דיר אַליין) דיין מענטשן־

ווערדע קריקגעגעבן, דיר אָנגעטון קריק דיין אייגן מענטשלעך פּאָנים, און דו וואַרפסט אַף איר בלאָטע! — דו אַפּטריניקער!

:: :: ::

און ביאַליק, זאָל לעבן, שווייגט! און חיים ווייצמאַן, זאָל זיין געזונט, איז געלאָפן קיין לאָנדאָן פאָדערן פון דער ענגלישער מאַכט (דער איקער!) שאָדן־געלט. קעש, מזומען, פיענענדזי... אַף אָנצו־פילן די קאַסטנס פון דער באַנקראָטירטער ציון־אינדוסטריע, קעדיי צו קענען ווייטער (אַף אַ מינוט) באַפעסטיקן די מאַירעוו־וואַנט אַף איר ברענענדיקן פונדאַמענט... ווידער ברענגען אַהין מענטשן, ווידער קרעפטיקן די האַנט פון ענגלאַנד, וועלכע וועט ווידער היינט־מאָרגן אַ באַפעל־טון אירע לאַקייען מי זאָל אָנרייצן די אַראַבער צו מאַכן פּאָגראָמען אַף אידן, קעדיי נאָכדעם צו קענען אָנרייצן די ענגלישע סאָלדאַטן און פּאַשיסטן צו מאַכן פּאָגראָמען אַף אַראַבער — וואָס דאָס וועט סאָף־קאָל־סאָף ווידער פירן צו פּאָגראָמען אַף אידן.

שאַט, שאַט. כאַפּט זיך נישט. איך בין נאָך מיט אייך נישט פאַרטיק!

נאָר איידער וואָס־ווען (קעדיי צו באַפרידיקן אייער אַזאַרט־געפיל), וועל איך אייך זאָגן, אַז איר מעגט זיך שוין אויפהערן וועטן, אַז נאַדיר וועט זיך מינאַסטאַם אָנשליסן אָן דעם שרייבער־קוואַרטעט, וואָס האָט רעזיגנירט פון דער „פרייהייט“. —

איך הויב גאָרנישט אָן צו טראַכטן וועגן דעם.

פאַרקערט, וואָלט איך געהאַט מער קויעך און וואָלט איך נישט כוישעד געווען אַז מיר קען דאָפּן אַרויסקומען אַ טויווע, וואָלט איך נאָך היינט געוואָרן אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אַמעריקע.

היינט, — דאַווקע היינט!

דאַווקע היינט, ווען — אָנגעפירט פון היסטעריקער, ציוניסטיקער און אַנדערע וואָלוולע מענטשן — טרייבט איר אייער צאַאַר־וואַקכאַ־נאָליע אַזוי מיעס, אַזוי וואולגאַר.

קאָמוניסטישע ליטקעס טאַלעפּען זיך אייך פון די מיילער, אָפּ־געריסענע בלוטיקע שטדלען פון לעבעדיקע קעפּ, זענען באַ אייך אין די הענט... און די אייגעלעך ברענען פון טאַיווע נאָך אַ צייטונג־נאָטיצל, און די כאַזאָנימלעך זינגען איילי־איילי... און בערד שוואַרצע, גייען פּאָראַוים, ווי פּאָנען, שוואַרצע, שאָוויניסטישע... אַהין, אַהין! וואוּאַהין — אַהין?... כאָלילע אין מילכאָמע אַריין, אין „זעלבסט־שוץ“? — ניין... ניין, זאָל דער אייבערשטער אָפּהיטן! מיר גייען, פ׳שטייט איר מיך, צום בירגערמייסטער דזשימי וואָקער אין זיין

סיטי־האָל אריין... יואל סלאָנים פירט... דער מעיאָר וואָקער גיט א ניוכע מיט דער נאָז, דערשמעקט אידישע „וואוטס" (שטימען) און ער גיט א מאַך ווי אַן אַקטיאָר: „באַפעלט מיר, און איכ'ל טוען"...

און ער טוט טאַקע, סלאָנימ'ס מעיאָר וואָקער! ער טוט דען נישט?...

איר פאַרשטייט: ס'איז אזוי: מאַקס גאָלדפאַרב און שאַכנע עפשטיין און ליטוואַקאָוו און שפראַך און איציק פעפער און פעלדמאַן און כאַריק און לעוויטאַן און מערעזשין און ראַשקעס און דאָברושין ווילן „אויסקוילענען די אידן" — נאָר דער מעיאָר וואָקער (א טייערער „פּערל" ווי גאָלד) וועט אונדז ראַטעווען פון זייערע הענט.

דזשימי וואָקער און — לאָרענס־שאָ, דער ענגלישער שפּיאָן! באַלפור און ליוק... מוקדוני און אפרים אויערבאַך.

און דער מאָרגענזשורנאַל. —

„מיט יאַרמיקעס וועלן מיר פאַרוואַרפן די אַרבעטער און... די קאָמוניסטן"...

אַנו, דאָרטן, שוואַרצע וועוויריקעס, טויטנקעפּ־נאַראָנים, גיט זיך נאָר א לאָז אויף אונדזער רעדאַקציע!

קענט איר נישט פאַרשטיינען אונדז, טו פאַרשטיינט כאָטש אונדזערע שויבן!

די שויבן זענען שולדיק — וואָס לאָזן זיי די זון אריין, הא?

אַפילע די לירישע לעוואַנע איז נאָך אַלץ צו ווינציק סענטי־מענטאַל פאַר אייך, און איר שיט שוואַרצע „געפּיל־טשערנישקע" אויף די ווייסע כאַלעם פון אייערע שאָוויניסטישע כאַלוימעס.

זעט דעם שפּעקטאַקל! קוקט, קינדער... אהערצו, אהערצו! ש. ניגער האָט זיך מעיאַשעוו געווען, אַז ציוני־סימום איז... אָלרייט. פאַרקערט, ווייל די לאַגע איז אויף יענער זייט פון סייכל, האָפנונגלאָז, אויסגאַנגלאָז — און ווייל „מי קוילעט אונדז", איז... אויף צו־להאַכעס פאָרן מיר קיין ערעץ־יסראָעל'כען...

:: :: ::

דער „פרייהייט'ס" „שטעלונג"? — זאָל זי מיר מויכל זיין, די „פרייהייט" אונדזערע, זי האָט זיך געשטעלט צום ערשטן — אומ־טאַקטיש, פאָרמאַליסטיש. דערנאָך: האָבן אירע נייעס־שרייבער פאַר־פעלט צו וויסן, ווי אַזוי (אין אַזא דעליקאַט־שאַרפער, ביטערער מינוט) צו זאָגן דעם קאָמוניסטישן עמעס, וואָס איז אָנגעצייכנט מיט דעם מאַרקסיסטישן רויטן קריידל.

האָט מען אוועקגעשטעלט א קאָפּ: „אידישע פאַשיסטן און ענגלענדער מאַכן פּאָגראָמען אויף אַראַבער". —

איז דאָס געווען אַ נישט־געראָטענער קאָפּ, וואָס האָט פאַרדרייט די נישט־געראָטענע קעפּ פון אַלע כאַצע־ און מאַצע־ און ערעוור־קאָמוניסטן.

פון די פּלישטימלעך רעדט מען דאָך נישט! דאָס זענען די פּעטינקע, גלאַטינקע, וואָוילינקע, פּוילינקע, וואָס האָבן ליב מיט זייער „גרעפּס־פּרוט" יעדן אינדערפרי — אַן ערדציטערניש אין סעילאָן, אַ כאָליערע אין אינדיע, אַ זעלבסטמאָרד פון אַ ביזנעס־קאָנקורענט... און קומט אָן אַ גרויס אייגן אומגליק — וואָס פאַרא מעכוטאָנים מיר זענען! זאַריז פּוצן מיר זיך אויס מיט די שוואַרצע צילינדערס. שוואַרצע זיידענע אַרבל־בענדער. די איילי־איילי־קאַפּעליע גיט אַ שפּיל־אויף.

דערנאָך גייט מען אַהיים און — מי עסט געשמאַקער די פּעטע גראַשיצע.. דעם גרעפּס־פּרוט...

:: :: ::

איך רעד קלוימערשט שטיל — קעדיי איך זאָל נישט דאַרפן שרייען.

שרייען געוואַלט...

איר שרייט שוין גוואַלט פאַר מיר — איר אַלע דריי: רייזען, לייוויק, ראַבאָי. (מנחמ'ען לאָז איך אויס, ער איז אַ פּען־קאַליקע און אַ וויסטער באַל־טאַכלעס!)

איך פרעג אייך: האָט איר געוואוסט, אַז קאָמוניזם איז (דער־ווייל) אַ מין באַוואָפנטער צושטאַנד, אַ באַוואָפענונג פונעם געדאַנק, קריג־צושטאַנד? האָט איר עס אָנגענומען? יאָ? פאַרוואָס־זשע נעמט איר נישט אָן די עקסטראַ־אָרדינערע געזעצן, וואָס אַזאַ צו־שטאַנד ברענגט מיט זיך?

דער ציוניזם איז דער עק פון בריטישן לייב, האַקן מיר אים אָפּ, נישט אַזוי פון סינע צו דעם עק אַליין, ווי קעדיי צו מאַכן אומ־שעדלעך די פאָדערשטע טייל פון דעם פאַרצוקנדיקן לייב, וואָס צישן זיינע ציין קנאַקן אַרבעטער־ביינער.

און האָט איך קעפּ צו טראַכטן (העכער ווי דאָס געשריי פון אייערע סענטימענטן), וועט איר פאַרשטיין, אַז די פּאַרטייאישע ליניע איז אימגאַנצן אַ סייכלדיקע און גערעכטע (איך רעד נישט פון דעם אומגעראָטענעם, אומגעלומפּערטן נאַרישן „קאָפּ", איבער אַ שטיק נייעס.)

די לאַגע אין פּאַלעסטינע, ווי זעט זי אויס?

אַ טרוקן וואַלד, אויסגעצערט פון הייסע נאַציאָנאַלע ליידנ־שאַפטן, איז אַ שוועבעלע אַראָפּגעפאַלן און עס נעמט ברענען.

וואָס טוט איר, קלוימערשט „לינקע" אידישע שרייבער?

איר פאַרלירט די קעפּ, ווי היסטערישע ווייבער, איר טאַנצט (אַ צאַאַר־וואַקכאַנאַליע) אַף די פלאַמפּייערן, פריפּט עם דערשטיקן מיטן שטיוול (ווי זשאַבאָטינסקי'ס מעלאָדראַמאַטישער רעגימענט) אָדער מיטן נאַקעטן פוס, ווי די אַגענטורניקעס. און דער וואַלד ברענט דערווייל, די פלאַמפּייערן שפּרייטן זיך, לעקן שוין די זוילן פון אייערע שיך.

וואָס טוט אָבער דער קאָמוניסט?

ער לאָזט דעם פייער אַף אַ מינוט ברענען, לויפט אַראָפּ אונטן אין טאָל אריין, וואו דער קוואַל איז, ברענגט וואַסער צו טראָגן אין היטל, ראַטעוועט, לעשט.

עמעס, דורך דעם, וואָס מ׳י גייט צום קוואַל, געדויערט דאָס פייער אַ מינוט לענגער, דאַפאַר לעשט זיך עס אָבער אויס מיט אַן אייביקייט פ ר י ע ר!

האָבן די קאָמוניסטן אַף וואָסער אויפן געהאָלפן מאַכן די איבער־פאַלן? ניין. דאָס זאָגט אפילע נישט אפרים אויערבאַך. דאָס זאָגט אַפילע נישט דער נאָווי, שמואל אַלף מאַרגאָשעס. (ווי קלוג ער איז געוועזן צו פאַרכאַפּן דעם „פּאָגראָם" אינגאַנצן פאַר זיין „בלאַט"! אַ קאָמוניסטישער רעדאַקטאָר האָט גאָר קיין סייכל נישט דאַצו!). וועגן וואָס־זשע האַנדלט זיך, אַ שטייגער? דאָס מרדכי־דאַנציסטום (און צוליב זיי שוין אויך רייזען, לייוויק און ראַבאָי) דענקען, אַז מ׳י דאַרף זיך שטעלן אפן דאַך און שרייען „פּאָגראָם, פּאָגראָם־שטשיקעס", וועלן זיך די אַראַבער פאַרשעמען און טראַכטן „פּע, וואָס טויג אונדז צו זיין „פּאָגראָמטשיקעס", לאָמיר בעסער שרייבן פאַרן „מאָרגענזשורנאַל" און — פּאַלעסטינע וועט זיין געראַטעוועט...

וואָס זאָגט דער קאָמוניסט?

דער קאָמוניסט זאָגט: די אַראַבישע מאַסן זענען פון גרויסע נאַציאָנאַלע לאַנדשאַפטן באַטרונקן. ענגלאַנד׳ס אימפּעריאַליסטן האָבן געהעצט צו מאָרד קעדיי צו פאַרטושן דאָס שלעכטע געפיל צו איר קאָלאָניאַלער סדאָם־הערשאַפט — דער צאָרן פון די אַראַבער איז גרויס. אָפּשטעלן אים איז זייער שווער, אָבער געבן אים אַ נייעם אָפּוועגד, דאָס קען מען יאָ. רופט מען: „דרייט אום די ביקסן צו אייערע סאָנים".

געווינט מען דאַביי צוויי זאַכן: די מאַפּאָלע פון דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, דאָס שנעלע אָפּשטעלן פון דעם מאָרד־קאַרניוואַל וואָס טראָגט זיך אַף אומשולדיקע קויסל־מאַיראָווי־אידן.

עס איז דאָך לייכטער צו קערעווען אַ שטראָם, ווי אים אָפּ־צושטעלן. —

נו, יאָ, וואָדען! איר זענט גרויסע פּאָליטיקער און רייזען וויל נישט אַנדערש, נאָר מאָסקווע זאָל זיך אַנטשולדיקן פאַר אים...

אָדער אַז נישט, זאָל מען אים זאָגן אַפן אויער אַקוראַט, פאַר־וואָס די קאָמוניסטן טאָרן נישט אויפרייצן קעגן זיך די מאַכטע־דאַנישע מאַסן.

ווען איך וואָלט, לעמאָשל, געוואָלט פּאָליטיקירן מיט אייך, וואָלט איך אייך געזאָגט, אַז פּונקט ווי דער ענגלישער אימפּעריאַליזם מוז געניטיק ווי ס'לעבן האָבן (טאַקע שוין, באַלד, היינט) די סימפּאַטיע פון די אַפגאַנישע מוסעלמאַנער, — קעדיי דאָרטן צו קענען באַ־פעסטיקן איר באַזע קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד, פּונקט אַזוי טאָר דער סאָוועטנפאַרבאַנד נישט דערלאָזן דערצו..

אָך און וויי וועט זיין צו אייך (ווי אידן), אַז די סאָוועטנ־מאַכט זאָל כאָלילע פאַלן. —

דאָס לעבן פון מיליאָנען אידישע נעפאַשעס שטייט דעמאָלט אין דער ווילדסטער סאַקאָנע...

אפילע דאָ באַ אונדז אינעם „פרייען" אַמעריקע. (מי רעדט שוין נישט פון אַזוינע לענדער ווי פּוילן, רומעניע, ליטע־לאַטוויע וכו'.).

אָבער רייזען וויל נישט אַנדערש, נאָר מאָסקווע זאָל אים זאָגן אַפן אויער.

אויב נישט — גלויבט ער ס'לאָנים'ען, און די מרדכי־דאַנציס־קאַנער־לייט און די ציוניסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך פאַרלאָזט אַ גווידער, אַפן כעשבן פון דעם אומגליק...

פאַרטרעטן דאָס פייער מיטן נאַקעטן פוס, ווילט איר, מיין ליבער אברהם רייזען?

היט זיך בעסער!

מיט אייער „זשעסט" העלפט איר דער שענדלעך־באַנקראָטירטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ווידער קומען צו זיך, העלפט איר די גרעסטע „אַנטיסעמיטישע" באַוועגונג אין דער וועלט — דעם ציוניזם. העלפט איר דערנענטערן די מעגלעכקייט פאַר נייע „פּאָגראָמען".

ניין, מי טוט נישט אַזוי. מי דעזערטירט נישט, דאַפאַר וואָס איינעם דאַכט זיך אויס, אַז דער גענעראַל־שטאַב (אָדער איינער אַ גענעראַל) איז באַגאַנגען אַ טאָעס.

וואָס איז געשען בעאייסן בירגער־קריג אין רוסלאַנד, געדענקט איר? אומעטום וואו די קאָמוניסטן האָבן געהאַט די מאַכט אין זייערע הענט, האָבן זיי מיט פּאָגראָמשטשיקעס געמאַכט אַ קורצן

פּראָצעס. (נאָך היינט — צען יאָר נאָך דער רעוואָלוציע, לאָז מען געוואָר ווערן אין סאָוועטן־לאַנד, אַז איינער איז געווען אַ פּאָ־גראָממטשיק, מאַכט מען אים מיט אַ קאָפּ קערצער.)

און האָט שוין אַ בירגער־קריג אויסגעבראָכן אין פּאַלעסטינע (עס איז דאָך נאַריש צו באַצייכענען מיט דעם וואָרט „פּאָגראָם" אַ לאַגע, וואו דער אָנגרייפנדיקער צאַד פאַרלירט קימאַט אַזויפיל מענטשן ווי די באַפאַלענע — 187 קעגן 180!), איז עס רעכט און יושערדיק און פּאָליטיש־קלוג צו קערעווען דעם שטראָם פון פייער און צאָרן — אַהין, וואו ער קער: צו דער ענגלישער מאַכט, צו אירע מעשאָרסים, צו די יעוונוכן, וואָס באַוואַכן דאָס בעט, אויף וועלכן דער ציוניסעמוס שלאָפט זיך רואיק מיט מאַדאַם בריטאַניאַ.

מיר וועלן גיין צום קוואַל, כאָוועך רייזען, ברענגען וואַסער און... לעשן.

מיילע. וועט געדויערן אַ מינוט לענגער.

וועלן מיר איינפירן אַ סאָוועטן־מאַכט אין אַראַביסטאַן, וועלן אַלע פּאָגראָמטשיקעס באַצאָלן וואָס זיי זענען שולדיק:

צאָלן, ווי זיי האָבן געצאָלט אומעטום אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

צאָלן, ווי עס האָבן געצאָלט אַלע „שוואַרצע נעשאָמעס" — סיי אידישע, סיי קריסטלעכע, סיי מאַכמעדאַנישע.

און אויב אַרבעטנדיקע אידן, ווי 20 פּראָצענט פון דער אָרטיקער פּאַלעסטינער באַפעלקערניש, וועלן וואוינען אַזוי ענג אויף דעם שטיקל פּאַלעסטינישן ערד ווי איצט, וועלן זיי אוודאי זיין נענטער צו אַ אידישן היימלאַנד (פּאַלעסטינישן בירא־בידזשאַן), ווי זיי זענען היינט אונטער דער בלאָווייסער פאָן פון ציוניזם, וואָס ווערט איצט פולשטענדיק ליקווידירט — אין אידיש בלוט, אין אידישע טרערן.

:: :: ::

ענגלאַנד'ס פּאָליטיק? צומערשטן אַ מעסער אַריינשטעכן אין פּלייצע אַריין, ווי אַ וואַלדגאַזלען, דערנאָך זיך אַ ווייס פאַרטוך אָנטון און קומען ווי אַ... כירורג? וועט איר געטרויען דעם וואַלדגאַזלען, און זיין ווייס־בלאָען פאַרטוך?

גיט זיך אַליין אַן ענטפער אויף דעם, קאַלעגן רייזען, ראַבאָי, לייוויק!

און וואָס נאָך האָב איך געוואָלט זאָגן? יאָ:

און צערייסט אייך נאָר נישט אַזוי דעם ספּאָדיק וועגן „אייערע אידן" — ליבער דר. מאַרגאָשעס און דר. מוקדוני, און ש. ראָזענ־פעלד!

מיר ווייסן, אַז איר האָט צו אייערע אידן כאָלילע גאָרנישט דערלייגט...

און מיט אַ פינגערהוט טרערן לעשט מען סיי ווי סיי קיין וואולקאַן נישט אויס.

פאַרשרייבט זיך דאָס, איר אַלע, וואָס איר שלוקערצט היסטעריש און איר טרייבט די קאָשערע לעמעלעך קריק אַף דער ברענענדיקער פּאַשע.

רייזען! לייוויק! ראַבאָי! קוקט זיך אַרום וואָס איר טוט!

וואָס טוט איר?!

איר דאַרפט צו זיך זאָגן אַזוי:

נישט דאַפאַר ווייל מיר זענען אידן, נאָר כאָטש מיר זענען אידן — גלויבן מיר פונדעסטוועגן, אַז די „פרייהייט" האָט אַ טאָעס געמאַכט מיט דעם גענווייסן קעפּל אַף דעם גענווייסן שטיקל נייעס.

און האַלט דער גענעראַל-שטאַב, אַז אויך דער־אָ אויבערשטער פּאַראַגראַף איז צו שאַרף געפורעמט, בויגן מיר די קעפּ און שווייגן דיסציפּלינירט.

סאָף־קאָל־סאָף קען זיך דאָך כ׳ מאַקסים ליטווינאָוו בעסער אויס אין פּאָליטיק, ווי איך און איר, ליבער רייזען.

אַפילע אין אַ מינוט פון נעשאָמע־געפאַלנקייט, ווען ביטערע אַנגסטן זענען אַפן שטערן, טיילן מיר זיך נישט מיט אונדזערע פּאַרטיי־כאַווייריִם אַף מיר און זיי.

אין לעצטן פאַל (ווען דער סיכל פאַרשפּילט צום האַרץ) טיילן מיר זיך, העכסטנס, אַף מיר און איך. איכאַליין, דער נישט־דיסציפּלינירטער, דאָר־האַמידבערדיקער, שוואַכמוטיקער רעקרוט, וואָס קעדיי אָטעמען צו קענען, וואַרפט ער פון זיך צו פּרי די גאַז־מאַסקע אַראָפּ...

אָנשטאָט צו פּילעוועז די ביקס, אָדער זיך צו היטן פון אַ קעגן־שאָס, ניאַנטשעט ער די וואונדן וואָס די ביקס־רימענס האָבן געמאַכט אַף זיין אַקסל.

קוקט זיך אַרום, קאָלעגן! רייזען, לייוויק, ראַבאָי!

מיט „פּילטשיקע נעשאָמעס" ווילט איר אַ בונד שליסן?

:: :: ::

עקסקלוזיווע פּאַראַד־אָפּיצירלעך, וועמעס איינציקע מאַילע איז וואָס זיי קענען שיין טראָגן אַ רויט סאַמעטן קאָסטיומל — דאָס קען זיך די קאָמוניסטישע פּרעסע נישט פאַרגינען.

אונדזערע אָפיצירן (ווי אונדזערע אַרמייען) דאַרפן אַכוץ מאַר־שירן אַף „וואַך־פּאַראַד" אויך גיין אַפן שלאַכט־פעלד.

און איר, ליבער אברהם רייזען, וואָס איר האָט זיך שווין אין אייערע ערשטע האָניק־וואָכן אין דער „פרייהייט" פון אונדז פּראָסטע פען־אַרבעטער אָפּגעטיילט מיט דעם, וואָס איר האָט זיך געלאָזט ארויפשטעלן אָפן צעטל פון אונדזער שאַרף־יוניאָניזירטן דרוק־שאָפּ, קעדיי צו זיין זיכער, אַז איר וועט אַלע וואָך באַקומען אייער געהאַלט; איר, וואָס האָט רואיק געגעסן אייער שטיקל ברויט, בעאיים אַלע אַנדערע „פרייהייט"־שרייבער האָבן קיין שטיקל ברויט נישט געהאַט — אייך האָט מען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויך זייער שיין טראַקטירט מיט לעקעך און בראָנפן (מ'מוז זיך אַמאָל רעכענען מיט אַ מענטשנ'ס שוואַכקייט!), האָט איר דעם לעקעך אויפגעגעסן, דעם בראַנפן אויסגעטרונקען און באַם ערשטן שאָס (אין „ליטעראַרישן קאַפּיי") פון אַ אידישן פאַשיסט וואָס סלונעט מיט בלוט — זענט איר אויסגעוועזן די צייט!

מאַי קאָ מאַשמע לאָן, קאָלעגע אברהם רייזען?

זענען די „סינאַגאָגן־גלאָקן" טאַקע אַזויפיל הייליקער ווי די פון־אייך־פאַרשאָלטענע „קירכן־גלאָקן"?

און ווי וועט איר איצט קענען קוקן אין פּאָנים אריין דעם אידישן אַרבעטער־קינד, וואָס האָט געלערנט אין די אַרבעטער־שולן (אָף אייער נאָמען), אַז איר זענט אַ פּראָלעטאַרישער דיכטער?

באַטראַכט זיך, מיין ליבער אברהם רייזען — איר, וואָס זענט אריינגעריטן אין אונדזער ליטעראַטור אָפן פערדל פון פּראָלעטאַרישקייט!

איצט הײַלט איר מיט אַלע ציוניסטישע ווילדע וועלף און מיאוקעט מיט אַלע סענטימענטאַלע פּען־קעץ!

און וואוהין וועט אייער סאָף־וועג פירן, ברידער? צום גרויס־פאַרעווען „טאָג", וואָס האַנדלט מיט „אידישע טרערן"? צום מיעסן „פאָרווערטס"? צום עקלהאַפטן „מאָרגן־זשורנאַל"?

ערגעץ וועט איר דאָך מוזן שרייבן, אברהם רייזען. וועט איר זיך באַ אייערע יאָרן אַריבערציען אין איינער פון די אַלע מיעסע ליטעראַטור־דירעס? און וועט אייך נישט אויפגיין צום ברעכן פון דער לופט אין יענע רעדאַקציעס? און וועלן די היבשע טשעקס, וואָס איר וועט באַקומען מאַכערלוין פאַר אייער קונסט — נישט ברענען אייך די פינגער?

נעמט זיך אַליין אַוועק אין אַ שטיקל ווינקל, מיין ליבער אברהם רייזען, און רעדט דאָס איבער מיט זיך אַליין, מיט אייער געוויסן, מיט אייערע קאָלעגן לייוויק און ראַבאָי!

:: :: ::

די „פרייהייט", ווי א קאָמוניסטיש בלאט אין אידיש, האָט זיכער נישט געמיינט צו האנדלען ווי יענער טאטע, וואָס, אז זיין אינגל איז אריינגעקומען א צעבלוטיקטער, האָט ער אים — קוידעם־קאָל — אראָפּגעלאָזט א פּאטש.

עס איז אוואדע געווען א טאָעם געמאכט אין ברען פון אזויפיל ארבעט, וואָס איז אָנגעלאָדן אף יעדן מיטגליד פון דער „פרייהייט"־רעדאקציע.

אָבער נישט אינעם וואָרט גייט עס דאָך, נאָר אין דער קאַוואָנע.

אָפּשאפן די סיבעס וואָס פירן צו פּאָגראָם־סריפעס, ברענגען וואסער פון לעניג'ס ריינעם קוואל — דאָס איז דער ציל פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי.

און מעגן אפילע מיליאָנען מענטשן „אייוועך זיין אף דער טוירע", בלייבט דאָך די טוירע פּאָרט עמעס און הייליק פאַר די וואָס גלויבן אין איר!

איר ווילט נישט „קיין רעוואָלוציעס, וואָס קומען דורך אידיש בלוט" — מיין ליבער רייזען? גוט. אָבער א רעוואָלוציע, וואָס קומט נאָך אידיש בלוט, וועט איר דאָך אָננעמען. איאָ? — קעדיי צו זיין זיכער, אז מי וועט האלטן א כעשבן מיט די, וואָס האָבן דאָס בלוט פארגאָסן.

קוקט־זשע זיך אום!

פּונקט ווי איר האָט געפאָדערט (אין אייער אולטימאטום צו אונדזער בלאט), אז די „פרייהייט" זאָל זיך אנטשולדיקן פאר אייך, ווען איר האָט אף א מינוט געמיינט, אז זי האָט געגרייזט אין איר פּאָליטיק, אזוי דארפט איר זיך איצט אנטשולדיקן פאר דער קאָמוניסטישער פּארטיי, דאפאר וואָס אייער ארויסטרעטן פון דער צייטונג האָט געהאָלפן מאכן „פּאָגראָמען" אף אונדזערע אָפיסעס, האָט איבערגעשטעלט אונדזערע לעבנס אין די הענט פון ציוניסטישע כוליגאנעס, וואָס שמירן מיט ארבעטער־בלוט די צעבראָכענע רעדער פון זייער מאשין.

איצט, ווען דער ציוניזם איז אזוי ביטער ליקווידירט, איז צייט, אז מיר זאָלן באַ זיך אָפּמאכן, מיט א שוואוע, אז מיר זענען:

1) פאַר דער קאָמוניסטישער פּארטיי אין איר קאמף קעגן דער וויסטער, שווינדלערישער, ציוניסטישער פּאָליטיק.

2) אין אלע אירע קאמפן אף אלע פראָנטן קעגן דער בורזשואזיע, קעגן אימפּעריאליזם, קעגן ראסן־האס.

3) מיר האלטן נישט, אז מענטשן פונעם געמאלעטן פאָלק זענען בעסערע אָדער ערגערע מענטשן, ווי אנדערע.

4) מיר האָבן, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פעלקער, א רעכט אַף דאָס שלעכטע, וואָס צישן אונדז, און אַף אויסצוראָמען דאָס שלעכטע וואָס איז צישן אונדז.

5) מיר בויגן זיך פאַר דער דיסציפּלין פון דער פּאַרטיי, וועלן אָבער אָפן און מוטיק פון אינעווייניק פריוון פאַרשטאַרקערן דאָס, וואָס איז שוואַך אין אונדזער פּאַרטיי־געוועב.

6) מיר זענען קעגן אידישקייט־קולטור, אָדער קולטור־אידיש־קייט, מיר זענען אָבער —

7) פאַר קולטור אין אידיש, מיט דעם גאַנצן כיין, זאַפט, שיינקייט און רייכקייט פון אונדזערע קולטור־אויצרעס. פאַר דער אינסטינקט־פאָרשונג אין אונדזער ליטעראַטור. אַפילע ווען דאָס צווייגט זיך אַביסל אָפּ פון דעם באַוואָפנטן וואָרט, איז דאָס אָבער שטאַרק נייטיק, קעדיי צו קענען וועלט און מענטש. (עס איז דאָך נישט ווייניקער וויכטיק פאַר א קאָמוניסט צו קענען די ביאָ־מעכאַניק פון דעם מענטשנ׳ס פרייד און טרויער, ווי עס איז, לעמאָשל, פאַר דעם „רויטן אַרמייער” וויכטיק צו קענען די מעכאַניק פון זיין שיס־געווער, צו וויסן פאַרוואָס א ביקס שיסט.)

8) מיר גייען נישט מיטן סוינע קיינמאָל, קיינמאָל נישט. וואָס סי זאָל זיך נישט טון, מיר דעזערטירן נישט, קיינמאָל קיינמאָל נישט פון די רייעס פון די אידישע אַרבעטער, אַף אַזויפיל ווי זיי זענען א טייל פון דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט. ווייל נאָר אַזוי קענען מיר אָפּשאַפן מילכאָמעס, אומיוישער, שלעכטסקייט, בלינדקייט, און מענטשן־סינע פון דער וועלט.

:: :: ::

די היסטעריע וועט זיך איינשטילן, די וואַקכאַנאַליע וועט אייך אויסשפּייען, און וואו וועט איר בלייבן, מיינע געוועזענע כאַווירים? אַף וועלכן פּוסטן אינדזל? — אַף וועלכן וויסטן שטיין?

סעפּטעמבער 14, 1929.

# דער ציגן-שיסער פון איסט-בראָדוויי

(אַן ענטפער דר. א. קאַראַלניק'ן *)

צי האָט איר געלייענט דעם אַרטיקל וועגן „לייזערעליעס שאָק-טרופן"?

דער ציטאַטן-דאָקטאָר איז זייער אַ אײדעלער מענטש. ער איז פול, איך בעט איבער אייער קאָוועד, מיט עסטעטיק און מיט אַלצדינג. פונדעסטוועגן פאַרגעסט ער דעם בעפיירעשן פאַסעק אין הילכעס זשורנאַליסטישער עטיק, אַז: אויב איינער שרייבט נישט אונטער זיין נאָמען אונטער אַן אַרטיקל, טאָר מען עס נישט רעכענען פאַר זיינס, אפילו ווען מען ווייסט אַף געוויס ווער עס האָט עס גע-שריבן. אין אַזאַ פאַל קען מען בלויז האָבן טאַינעס צו דער רע-דאַקציע, וועלכע טראָגט אַף זיך די היסכאַיוועס פאַר אַלע נישט-אונטערגעשריבענע אַרטיקלען. אָבער אויסגעבן דעם שרייבער, דאָס טאָר מען נישט. אפילו ווען ער צייכנט עס מיט אַ פּסעוודאָנים.

:: :: ::

ביזט בייז, פאַני פראַזנשיסערל, האַ?- דיך פאַרדריסט פאַר-וואָס מיר „ספאָילן דיר די ביזנעס"? דיך פערעט פאַרוואָס די „קאָמוניסטלעך" דערציילן דער וועלט, אַז צאָ כאָכמע טאָ ניע יעגאָ, אַ צאָ יעגאָ טאָ ניע כאָכמע?

געדענקסט, מיין טייער פורים-דאָקטאָרל, ווי איך האָב דיך אַמאָל באַגעגנט אין גאַס, און אַף מיין פראַגע צי דו ביזט שוין קריק-געקומען פון דיין ווייטער רייזע, ביזטו געבליבן שטיין געפּלעפט און געפרעגט:

— פונוואַנעט ווייסט איר, אַז איך בין געווען אַף אַ רייזע?

— פונוואַנעט איך וויים? — האָב איך געענטפערט, — נאָך דיינע שוואַכע אַרטיקלען נאָך האָב איך דערקענט, אַז דו ביזט ווייט פון דיין ביבליאָטעק!

:: :: ::

פראַזנשיסערל, פראַזנשיסערל, דיין ביקסל קען בלויז שיסן ווען עמיצער אַנדערש לאָדט עס אָן...

---

*) דר. קאַראַלניק איז אָנגעפאַלן אַף מיר פאַר דעם אויפרוף אין דער „פרייהייט" נאָך געלט-הילף, געצייכנט פון דער אידביוראָ, און וואָס דער דר. האָט זיך מעשייער געווען, אַז איך האָב דאָס געשריבן.

האָסטו נישט צו דער האַנט עפּעס אַן „אַלטן כּאַכעם וואָס זאָגט עפּעס", ביזטו אין דר'ערד, ווי אַ בארג.

קוק דיך אָן, פאַריץ לעבן, און האָב קיין פּאַריבל נישט אָפן שפּיגל!

שוין באַם אָנהויב פון דיין פראַזנשיסעכץ, דערציילסטו אַ מאַיסע מיט אַ יעגער, וואָס צו אים לויפט אַ כאַיע מיט אַ „ציגנבערדל" און בעט זיך: „צופּ מיך!" איז דאָך, מאַכט ער, די קאַשיע: וואָס האָט בערדל־צופּעניש צו טון מיט אַ יעגער? דאָס איז דאָך גאָר אַן ארבעט פון אַ פּאָגראָמשטשיק?

אָנגענומען ווידער, אַז דו ביזט (אַכוץ אַ פּאָגראָמשטשיק) אַ יעגער אויך. קומט דאָך אויס נאָך דיין מאָשל נאָך, אַז דו שיסט גאָר... ציגן! לויט דיין פּאַרמעסטן זיך, האָבן מיר געמיינט, אַז דו צערייסט לייבן.

:: :: ::

ביזטו, הייסט עס, בלויז אַ ציגן־שיסער?

די „כאַכאָמים" האָבן געמעגט זאָגן, אַז דו אַליין ביזט אַ פאַרעווע ציג, וואָס שיט מיט ציטאַטן־ביבקעס, און מאַכט מעה אַף עטלעכע לשוינעס. נאָר מיר אַליין זאָגן בעסער, אַז דו ביזט נישט קיין טאַמע־וואַטע ציג, כאָלילע, נאָר אַ הונט מיט אויערן, און דידאָזיקע אויערן וועלן מיר דיר אָפּדרייען.

:: :: ::

דיין פּילשפּראַכיקייט?

ס'איז באַקאַנט, אַז קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אידישע נאַפקעס רעדן אויך אַף עטלעכע לשוינעס, פונדעסטוועגן וועט אפילע דער „טאָג" דיינער נישט באַרימען זיך מיט זיי...

און אַז דער זיידוואָרעם שפּינט שוין זיידענע־שפּינוועבסן, איז ער דאַפאַר קיין וואָרעם נישט?

נישט דאָס, וואָס דו ביזט אַזאַ שווארצער און וויסטער פלינדער־בונדניק, אַרט אונדז. נישט דאָס, וואָס דו האָסט, לויט דיין נאַטור, פיינט באַלשעוויקעס, אַרט אונדז (מאַלע וואָס הינט בילן קעגן די שטערן!), נאָר דאָס וואָס דו מאַכסט אַ לעבן פון פיינט האָבן קאָמו־ניסטן. דאָס האָבן מיר זיך פאַרשריבן אַף אַ פּאַפּיר, דו פראַזנ־לאַקסירער.

:: :: ::

„לייזערעליעס שאַק־טרופּן" געפעלן דיר נישט, פאַני „ווי־די־כאַכאָמים־זאָגן"?

און דאָס גאַנצע מיסט־קוואַטש פון „טאָג" וועגן ראַבאָנים,

רעבייאים, רעבעלעך, סאָכרים, סאָכרימלעך... ביזנעס, ביזנעס, ביזנעסלעך — דאָס שטייט דיר יאָ אָן?

ניין, דר. ווי־די־כּאַכאָמים־זאָגן, מיר גייען אייך נישט אַנטקעגן (אַנטקעגן, מערקט אייך, פּאַני דאָקטאָרל, גייט מען בלויז ווען מען וויל באַגעגענען אַ פריינט). מיר גייען קעגן אייך, קעגן אייך און קעגן אַלע פּען־הוזאַרן, וואָס באַרעכטיקן זייער „ליטעראַרישן" כּו־ליגאַניזם מיט דעם וואָס זיי האָבן „גלענצנדע קינזשאַלן".

:: :: ::

אוי, פּאַני ווי־די־כּאַכאָמים־זאָגן, סי האַלט שמאָל מיט אייך און מיט אייערע ציטאַטן־ביכלעך!

גיט נאָר אַ רעכן איבער: אין איין שטיקל שפּיי־און־קיי אַרטיקל האָט איר געמוזט נעמען צו הילף: 1) אַ מאָשל מיט אַ יעגער און אַ ציג, 2) נאַפּאָלעאָנ'ס אַ ווערטל וועגן „די כּאַכאָמים און אייזלען אין דער מיט" (אַגעוו: צו וועלכע פון די צוויי דו זאָלסט נישט געהערן, דאָקטאָר לעבן, וועלן מיר דיך איינגיכן האָבן אין דער מיט, אין סאַמע קלעם פון אונדזערע שאַק־טרופּן!), 3) אַ מאַיסעלע פון רוסישן, 4) אַ לידל פון פּורים־שפּיל, 5) אַ מאָשל וועגן אַ שווייצאַר און אַ קלאַפּער, 6) אַן אַנעקדאָט וועגן לעניג'ען, 7) אַ מאַיסע מיט אַ קוימענקערער, —

און 8) —

מיר ווייסן, אַז דו „מיינסט עס גוט מיט אונדז", דאָקטאָרל ווי־די־כּאַכאָמים־זאָגן, פונדעסטוועגן שעמען מיר זיך נישט און מיר זאָגן טאַקע נאָכאַמאָל צו אונדזערע יאָטן:

אַרויס־גייט, כּאַוויירים, אין דרויסן קעגן אַלע ווײסטע וואַקכאַ־נאַליקער און צעפּלעכט זיי די שוואַרצע סימכע, און מאַכט באַ זיי שוואַרץ שאַבעס, אַז זיי זאָלן אונדז האָבן צו געדענקען!

:: :: ::

מאַך דיך נישט רידיקולויז, דו רידיקולויז דאָקטאָרל! ווייל אויב איך קען נישט שרייבן און נישט דענקען, טאָ צו וועלכע שוואַרצע יאָר דאַרף איך האָבן אַ שפּראַכגעפיל? וואָס מעסטו מיר אָן דיין קאַפּעליוש, פּאַריץ לעבן?

איך האָב אַ קליין קעפּל, זאָגסטו? נו־יאָ, צירונג־קעסטלעך זענען נאַטירלעך קליין, מיסטקאַסטנס זענען אַוודע גרעסער, וואָס איז דאָ צו רעדן?

מי זעט טאַקעש: דו גרייטסט צום טיש אַ קרעדענץ מיט בליש־טשענדיקע זילבערנע ווערטער, מיט „געבלאָזענע גלעזלעך", אָבער

צו עסן וואָס גיסטו דעם לעזער? סיידן מי זאָל קענען קייען טיש־טוכער און שלינגען קידעש־בעכערס.

בא אונדז, קאָמוניסטן, עסט מען פון א נאַקעטן טיש אראָפּ, אָבער אַף גייסטיקע שפּייז זענען זיי א מיווין, די „קאָמוניסטלעך". אונדזערע אַפּעטיטן, פּאַריז לעבן, זענען פריש פון גויט־פּראָסט און באַפּעפערט מיט פריסיק. (זעסטו שוין? ! אונדזערע שריפטן האָבן קיין שרינט נישט אינמיטן. מיר נוצן נישט קיין ליטעראַרישן אייל.)

:: :: ::

מיילע, דיינע משאָלים קענען מיר שוין, דאָקטאָרל ווי־די־כאַכאָמים־זאָגן, אָבער — פּאָרט א קאַפּעטשקע סייכל? אפילע אין דיין גראַד פון א נידריקן ציטאַטניק קאָן דאָך אויך געמאָלט זיין א לעק לאָגיק? צי ניין? אָט זאָגסטו, לעמאָשל, אז דער שרייבער פון דעם אויפרוף איז בלויז אויסן „פּובליסיטי" און... דאַריבער? דאַריבער שרייבט ער זיין נאָמען נישט אונטער? בלאָה. בלאָה!

אוי, פּאַרוויסט איז דיין סייכל געוואָרן, דאָקטאָרל, אז דו ווייסט שוין אפילע נישט וואו צו לאָקכענען א לייטישע ציטאַטע!

:: :: ::

דו זאָגסט: מי דאַרף נישט זאָגן „טאָג־באַ־טאָג", נאָר „טאָג־איין־טאָג־אויס". דאָס ביזטו טאַקע גערעכט! (כאָטש אַליין נוצסטו א ביליקן שטייפלייוונט־אידיש פאַר אָנדערהאַלבן גרייצער). האַלט אָן אויג אַף אונדזער „טאָג־איין־טאָג־אויס", וועסטו עפּעס געוואָר ווערן! צי דו ביזט שוין געוואָר געוואָרן? עפּעס איינער א „שפּיר־טאָק", זאָגט מען, האָט דיך דאָרטן אַרומגעפּוצט ווי סי דאַרף צו זיין. געשפּיגן, געפּוצט און — גערייניקט אויך; אָפּגערייניקט אביסל פון אונדזערע פּיס די גנעלע שיטערע בלאָטע, וואָס הייסט דר. קאַראַלניק, אָדער „דר. ווי־די־כאַכאָמים־זאָגן".

:: :: ::

צום סאָף וועל איך דיר דערציילן מיין פעטער איציקיס א מאָשל: א שווערע, מידע, פעטע פליג, מיט א בלאָ־גלאַנצנדיקן געזעסל, האָט זיך איינמאָל אין א סאָף־זומער־טאָג צוגעקלעפּט צום גייענדיקן אומרו פון א גרויסן זייגער. דער פוילער, פעטער, גלאַנצנדיקער פליג איז איינגאַנצן געבליבן נאָך עטלעכע שאָ צו לעבן... דערוויל האָט זי זיך אָבער געוויגט אַפן גרויסן, לאַנגן אומרו און געטראַכט:

— איך בין די צייט!

:: :: ::

גערענקט־זשע, איר גלאַנצנדיקע פליגן אַף אונדזער אומרו:

אַז די היסטאָרישע שאָ וועט שלאָגן, וועט איר אָדער יאָ אָדער ניט וויגן זיך אָפּן אומרו.

אָבער די צייט וועט זיך גיין איר גאַנג.

אָפּן ליכטיקן אומרו־בלאָט וועט אָפּילע נישט בלייבן קיין צייכן פון אייערע אומריינע פליגנפינטעלעך.

:: :: ::

וואָס זאָגסטו, דו פעט זייד־ווערימל? מיר רופן די אַרבעטער צו „אַ נדאָווע פאַר די וואָס מאַכן אַ לעבן פון קאָמוניזם"?

ווען מיין מאַמע זאָל היינט לעבן, וואָלט זי דיר געוואונטשן אַזאַ לעבן זאָלסטו מאַכן פון דיין שאַלקהאַפטיקן ווערק, ווי מיר מאַכן פון שרייבן אין דער „מאָרגן־פרייהייט"!

:: :: ::

יאָ, די כאַכאָמים זאָגן (דאָס גיבן זיי אַ מאָשל וועגן דיין ליטע־ראַרישער קאַליגראַפיע):

אַ זון האָט אַמאָל אַריינגעשריבן פון ווין צו זיין טאַטן אין ברעזשאַן: „ליבער פאַהטער", האָט ער געשריבן מיט אַ געפּערלט האַנטשריפטל אָף ריינעם דייטש, „ליבער פאַהטער, מיר געהט עס היר זעהר שלים. איך גלויבע, דאָס איך מיך אין די דאָנוי שמייסן מוס". (דאָס הייסט אָף קאָראַלניק־אידיש: „עס גייט אים אַלזאָ נישט גוט, ער מוז זיך שמייסן אין טייך דאָניי הערייין".)

אַז דער פאָטער האָט דאָס איבערגעלייענט, האָט ער זיך אָנגעטון די זיידענע בעקעשע, איז אַוועק אין קלויז אַריין און געזאָגט צו די אידן:

— נאַטס זעטס וואָס מיין העניך שרייבט... ער שרייבט, אַז ער וועט זיך שמייסן אין דער דאָנוי הערייין... ער שרייבט עס אָף דייטש! גיט אַ קוק אַ האַנטשריפטל!

דער נימשל איז, מיין טייער דאָקטאָרל, אַז אַזויפיל גייט דיך אָן די „רוסישע טראַגעדיע". דו גרויסט זיך מיט דיין האַנטשריפטל. און ס'איז נישטאָ וואָס צו זאָגן: אַ ליטעראַטור־קאַליגראַף ביזטו אַ גוטער.

:: :: ::

און קום מיר מער נישט, כ'בעט דיך, מיט דיין שיינשאַיסעריי! מיט דעם קענסטו בלויז מאַכן אַן איינדרוק אָף די ווייבער פון דיין קרייז. אַמאָל (אין אָפּערעטישן ווין) איז עס עפּשער געווען עפּעס. היינט רופט מען עס אָן מיט דעם קורצן וואָרט: בלאָף.

:: :: ::

# דער ליבענקער דר. זשיטלאָווסקי

דער „ליבענקער״ דר. זשיטלאָווסקי, זאָל זיין געזונט, דינט ווי א שיינע באָרד באָם פאָלק יסראָעל. האלט אים דאָס פאָלק יסראָעל דארום אויסגעפוצט מיט קאָוועד און מיט פאַרנאָסע. זיינע מילך־עמערס זענען קיינמאָל נישט ליידיק. זיינע פוטערגעבעקס־בלעכלעך זענען טאָמיד פול מיט פרישע, קרוכלע מאנדל־בייגעלעך. אז דר. זשיטלאָווסקי, זאָל אונדז לאנג לעבן, פארשווענגערט מיט א געדאנק, פארשווענגערט ער צו מינדעסטנס אף... 9 „סעריעס״, צו 9 קאַפּיטלעך אין א סעריע, צו 9 טיילן אין א קאפּיטל.

דערנאָך, אז ער ווערט מיט מאָל געלעגן מיט דעם געדאנק, טוטזיכאביסל! ווי אן איידעלע קימפּערטאָרין ליגט ער דערנאָך שלאָף און פארפלאָמט אין זיין ווייכן בעט, באדעקט מיט א „זיסן שוויים״. מיד נעבעך! זיין סארווערין, מנחם מענדל ראָזענבאום, טרעסעט אים אלעמאָל אונטער דאָס ווייכע זאשיקל, דעקט אים ארום פון אלע זייטן, ער זאָל כאָלילע נישט כאפּן קיין צוגווינטל, באהענגט אים מיט שיר־האמאַילעסלעך, לעקט אים ארום דעם הייסן שטערן, און מנחם מענדל, זשיטלאָווסקי׳ס ווארטספרוי, פילט דאבייִ אזא מין טאַם, וואָס קיין מיסנאַגעד פילט אוודע נישט...

דער ליבענקער דר. זשיטלאָווסקי האָט זייער א ברייטן - פּארנעס. זיין „מאהוס״ איז דיר נישט קיין קלייניקייט! ווייל ער האָט א ברייטן העם, קוק אף זאכן, זיצט ער דערפאר אף צוויי בענקלעך מיטאמאָל.

היינטיקס מאָל האָבן מיר אים געכאפּט ווי ער זיצט אי אף „דער זייט פון דער עוואָלוציע״ (כא־כא!), אי, פארשטייט זיך, אויך אָל האצאד שעקיינעגעד...

אין זיין מאָלע־כיינעוודיקן ארטיקל אין „טאָג״ פון 22טן מערץ, פרעגט דער ליבענקער דר. זשיטלאָווסקי: „צי דארפן די סאָציאַליסטן (הא? איך האָב נישט געהערט? „סאָציאַליסטן״ האָט איר גע זאָגט? — מ. נ.) פון דער וועלט העלפן דער סאָוועטישער רעגירונג איינפירן דעם סאָציאַליזם?״ און ער ענטפערט מיט א בע־מע־לאמצעדירייצאם. דער ליבער דר. זשיטלאָווסקי דרייט זיך אפן קאָרעס, מאכט א שיינעם קניקס צו זיינע מנחם מענדלס; א פיינעם רעווע־ראנץ צו די טאָג־לאַיטע; אן „אי טהענק יו!״ צו די פּעטרישקע־סאָכרים.

דאָס ארטיקל איז פול מיט אזוינע אהער־און־אהיניזמען, וואָס דער ליבענקער, טייערינקער, כאָשעווער דר. זש., זאָל לעבן, איז דארויף די לעצטע יאָרן געוואָרן גאָר א גרויסער עקספערט.

:: :: ::

דר. זשיטלאָווסקי איז א גאַנץ פיין „באָסער־קאָשער"־שילדל אף א כאזער־געוועלבעל! מיט זיינע אינטעליגענטישע „מהוס'ן", מיט דער קולטור־באָרד, וואָס ער איז אפן פאָנים פון די אידישע „איני־טעליגענצן", גיט ער צו פרעסטיזש צו דעם קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן כאזער־קרעמל. דאָס שילדל אַליין, מיט זיין גאָלדענער אויפשריפט „קאָשער", מאכט זיך טאמעוואטע. עס שאָקלט זיך אהין און אהער אף די זאוויעסעס פון דער טאָג־יאטקע, לויט ווי דער ווינט בלאָזט. ער ווייסט נעבעך גאָרנישט וואָס ער איז אויסן מיט דעם וואָרט „קאָשער".

וואָס האָט מען צו'ן אים? — ער איז זיך אזא פרום „באָסער־קאָשער־שילדל", מיט גאָלד אָנגעשמירט, מיט פּיליטור אָפּגעגלייזט, מיט א גרין אוילבירט־קרענצל אַרום די דריי הייליקע אויסיעס.

האָטס קיין מוירע נישט, מען איז א מייווין אף אייך, דאָקטאָר לעבן! מען זעט ווי איר, דאָס קאָשער־שילדל, פינטלט מיט אן אויג צו דער קאָנטער־רעוואָלוציע, בעאיים איר שאָקלט זיך אין ווינט, און קלאָפּט איבערן דעכל פון דער טרייפענער יאטקע, קעדיי צו־ציען נאָך מער קונדשאפט!

:: :: ::

„נישט דאָ איז דאָס פּלאָץ און נישט איצט איז די צייט" פאַר דעם ליבן דר. אָנצוגעבן ציפערן, וואָס זאָלן אונטערשפאַרן זיינע טאַינעס, אז די סאָוועטנמאכט „האַלט באַ א קראַך". מיט א גרינג לונג־און־לעבערל זאָגט ער אונדז אָפּ דאָס לעבן — דער דר. זשיט־לאָווסקי. נישט מער, ער האַלט, אז מי דאַרף די קאָמוניסטלעך געבן א שאַנס צו באַווייזן, אז... סי טויג נישט און סי טויג נישט! וואָס האָב איך אייך געזאָגט, הא, פּראָשענפּאַנאַ? איך, דער דאָקטאָר זשיטלאָווסקי, האָב איך אייך נאָך פריער נוויעס געזאָגט (35 דאָלאַר פער נוויע), אז סי טויג נישט און סי טויג נישט. איך האָב פער־זענלעך איבערגערעדט מיט מיין מענדלען. מענדל זאָגט אויך דאָס אייגענע וואָס איך. פארשטייט זיך! דאָס באַווייזט ווידעראַמאָל ווי גערעכט איך, דער ליבער דר. זשיטלאָווסקי, בין. מענדל, מענדל, זייי־זשע מויכל, דערלאַנג אהער נאָך א בענקל... צוויי בענקלעך זענען מיר שוין צו ווייניק. איך וואַקס קאַנאַהאָרע־נישט אין דער ברייט. כ'האָב אַזאַ ברייט האַרץ, מענדל! וואָס זאָגסטו נישט צו מיר,

מענדל? איאָ, איך בין אַ גרויסער פילאָזאָף, מענדל? און אוי בין איך „ביזי“, מענדל! דאָס הייסט אַזוי, אַז סי קומט צו באַווייזן די ביוראָקראַטיש־גוילעמשע פאַרברעכעריש־קאָרומפּירטע אויפפירונג“ פון די סאָוועטישע טוערס, האָב איך דאַווקע יאָ צייט. וואָרין דו פאַרשטייסטאָך אַליין, מענדל, אַז מען מוז אָפּרייסן אַביסל צייט אַף פאַרנאָסע אויך. ווי זאָגט אונדזער גמאָרע, מענדל לעבן? אַנו, מענדל לעבן, גיב נאָר אַ מיש־אויף אַף דאַף יוד־אַלעף פון דעם סייפער „אני חיים“? וואָס זאָג איך דאָרטן? איך זאָג דאָרטן בעפּיירעש, אַז איך בין מיר אַ ראָזע טרעלדל אַף אַ גאָל־שוואַרצן ספּאָדיק, און וואָס קען מען האָבן צו אַ טרעלדל?

אַז דער ספּאָדעק זאָגט „יאָ“, זאָגט ס'טרעלדל אויך „יאָ“. — דו כאַפּסט מיך, מענדל? האַ, מענדל? איאָ מיר זעמיר קלוג, מענדל! איאָ מיר זעמיר דורכגעטריבן, מענדל! אַז סי קומט, הייסט עס, צו פאַר־בלאָטיקן די פענצטער פונעם קאָמוניזם, האָבן מיר אָן אַ שיער צייט און געדולד (דריי אָנגעשטאָפּטע קאָלומנעס). נאָר אַז סי קומט צו באַווייזן (ווי איך, דר. זשיטלאָווסקי, זאָג) „די קאָלאָסאַלע דערגרייכונ־גען (פון קאָמוניזם), לאָז איך עס אינגאַנצן דורך, קעדיי נישט איינ־צופירן אין דעם וויקועך אַ זייער באַשטריטענעם פונקט“.

נו, האַ! וואָס זאָגסטו נישט צו מיר, מענדל? וואָלסט זיך אַמאָל גערעכט אַף מיר, אַז איך קען זיין אַזאַ שוואַרצקינצלער? צומ־ערשטן זאָג איך אַליין מיט מיין קאָשער מויל, אַז „מער וואונדער איז וואָס עס איז פאַרט דאָ, אונטער די אומשטענדן, קאָלאָסאַלע דערגרייכונגען“ (אונטערגעשטראָכן פונעם האַר דר. אַליין), נאָר איך לאָז זיי דורך, יונאָ, ביקאָז — כאָ־ניש־קאָ־צאַהט! ביזי, יונאָ, זייער ביזי!... אַכוץ דעם זענען דאָך די פאַקטן באַשטריטן געוואָרן, טאַקע פון דיר אַליין, מענדל לעבן! דו געדענקסט, מענדל לעבן, ווי דאָ אַנומעלטן צוים־גדאַליע, האָסטו מיר געזאָגט: „חיים“, האָסטו מיר געזאָגט, „איך גלויב שוין (ווידער), אַז די סאָוועטנמאַכט וועט זיך נישט האַלטן“? שטעל דעם סאַמאָוואַר, מענדל לעבן, לאָמיר טרינקען טיי... אוי טיי־טיי־טיי, סי איז אַז אָך און אַז ווי — שאַ, וויאַזוי גייט דאָס לידל, מענדל לעבן? (מענדל לייגט צו אַ האַנט צו דער באַק און צעזינגט זיך.)

:: :: ::

איכ'ל אייך דערציילן אַ מאַיסע, ליבער דר. זשיטלאָווסקי. אַז איר האָט צייט, מעגט איר הערן. מענדל מעג אויך הערן:

איינמאָל פאָר איך אַזוי אין קאַר, קומט אַריין אַ איד מיט אַ

באָרד, נעמען אים די „לויפּערס״ טשעפּען. שטייט דאָבּיי אַן עלטערער „זשענטלמאַן״ מיט אַ צוויקער אויף דער נאָז, און אַז ער דערזעט ווי די כוליגאַנעס טשעפּען דעם אידן, גיט ער אַ מאַך זייער שטיל און זייער איידל — אונטער דער נאָז: — „ליוו דהאַט גאָדעם שיני עלאָון!״ (לאָזט געמאַך דעם פּאַרדאַמטן „זשיד״!).

אַז איך הער, ווי איר פּאַנאָוויץ (ר׳ חיים זשיטלאָווסקי וכו׳) נעמט זיך אָן די קריוודעס פון דער סאָוועטנמאַכט, דערמאָן איך מיך אָן יענעם „זשענטלמאַן״.

:: :: ::

אַ קורץ בריוול צו מנחם מענדל די וואָרטספּרוי:

זאָגט, דעם ליבענקן, זיסענקן, בלאָנדינקן דר. זשיטלאָווסקי אייערן, מנחם־מענדל לעבן, אַז די אידישע רעוואָלוציאָנערע אָר־בעטערשאַפט „האָט זיין אַדרעס״. מי ווייסט „באַכישעם״ וואו דער דאָקטאָר וואוינט, און וואָספאַרא פאַרדעכטיק געקעכץ סי קאָכט זיך אין זיינע טיפע, פילאָזאָפישע טעפּ.

מיט די געוועזענע פאַרדינסטן פון אַ מענטשן רעכענען מיר זיך נישט. מיר דאַרפן היינט־מאָרגן באַצאָלן דירע־געלט פאַר דער רעוואָלוציע, וואָס איז שוין אַפּן וועג. מיט מאַסקירטע „שיינע ריידע־לעך״ וועט מען דאָס וועקסל נישט ליקווידירן...

:: :: ::

## ווערטער, ווערטער, דעקלאַמאַציע!..

(וועגן מר. מענקען און מר. באַליטאָ)

קענט איר זיי? איר דאַרפט זיי קענען. איינער פון זיי איז מר. מענקען, „דער פאָטער פון מענקעניזם״. מענקען האָט אַ פול מויל מיט שפּראַך. ער רעדט אָן אַ שיער ענגליש. עס פּליאַסקעט מיט שפּראַך ווי אידן אין אַ מערבעץ פּליאַסקען זיך מיט בעזימלעך. עס האָט באַ אים אַ ווערדע! אַנגענומען אַ ציבער מיט „שפּראַך״ און — פּליוך!

אַליין אַ שטיק „באָנק״ (הומבאָג), אַ הונדערט־פּראָצענטיקער פּראָזן־ביזנעסמאַן, האָט זיך אים איינגעגעבן צו „קאָרנערן״ (פאַר־כאַפּן) אַ ווינקל אין דער אַמעריקאַנישער ליטעראַטור קימאַט אינ־גאַנצן פאַר זיך. דאָסדאָזיקע עכט־אַמעריקאַנישע געשעפטל איז באַ־שטאַנען פון קלאָמפּערשטן אַנטי־אַמעריקאַניזם. מיטן טייטל אין האַנט און מיטן קאַפּעליוש אַפּן נאַקן, האָט מר. מענקען געקנעלט

מיט די אינטעליגענטישע יענקים, אַז זיי זאָלן זיין „מיט לייטן גלייך". די פירמע „מענקען און נייטהען" האָט געהאַט צו זאָגן און צו זאָגן אַלע וואָך. זיי האָבן שטענדיק געשריבן אין אַ דועט. ביידע בראָדוויי־אישע וואָדעווויליסטן, פון דעם „סמאַרטן" סאָרט, האָבן זיי אויפגעשטאַכן סאָציאַלע בלאָטערס מיט דער איינציקער קאוואָנע צו זען ווי הויך די מאַטעריע קען שפּריצן. שרייב־נערדעלעך האָבן זיי געהאַט שאָרפע. בלאָטערס האָבן געפּלאַצט אונטער זייערע פּענעס. נאָר אויסקוועטשן די בלאָטערס און אַרויפּליינן אַ פּלאַסטער צו פאַר־היילן — דאָס נישט. מיט אַזוינע ערשטע־הילף־מיטלען האָט זיך דאָס ליבעראַלע פאָלק נישט פאַרנומען. די „דעבאָנקערס" האָבן „דעבאָנקירט" אַ סאַך באָנק, נאָר ווער עס זאָל דעבאָנקירן די „דע־באָנקערס" אין דער באַלעבאַטיש־ליבעראַלער אַמעריקאַנער פּרעסע איז אַ לאַנגע צייט נישט געווען.

מענקען־נייטהען — צוויי עכט־אַמעריקאַנישע פּורים־שפּילער. מען מוסערט קלוימערשט דעם אוילעם, מי זאָל אין גיכן נאָכן דאָלאַר נישט פאַרגעסן אַז ס'איז דאָ אַ „קונסט" אויף דער וועלט, און בילדונג, און ביר! דאָס לעצטע איז דאָס וויכטיקסטע. וואָרין מר. מענקען, דאַרפט איר וויסן, איז אַ שאַרפער מייווין אויף ביר, ביר־שוימען, אויף „זיידעלס", אויף „שטיינס", אויף מינכענער, אויף מיכעלאָב, אויף ענגלישן עיל, אויף — נאָר ווער געדענקט די אַלע שטעט און לענדער, וואָס מענקען איז אויסגעפאָרן, קעדיי — ווי זיין פריינט דזשיימס גיבאָנס הונעקער פאַר אים — צו כליאָבען קאַלט, ביטער ביר און... בלאָזן שוים? (דער גרעסטער זשעסט באַ די „ליבעראַלע" ליטעראַטן איז — דער אָנשטעל, אַז מ'איז אַ זווילעל־וו'סייווע, אַ מיעסער אוילעם־אַזיניק.)

מענקען, דער שוים־בלאָזנדיקער „דעבאָנקער", איז אַליין נישט מער ווי אָפּגעשטאַנענער „באָנק". זיין אַנטי־געשעפטיזם איז נישט מער ווי אַ געשעפטל אַזאַ, מיט בראַנשעס איבער אַלע אַנגליצירטע לענדער.

דאָס וואָרט „מענקעניזם" איז היינט באַ די אַרבעטנדיקע מענטשן אַ סימבאָל פון קעשענעס, וואָס זענען פול — מיט קעשענעס. זיינע שריפטן זענען הונדערט לייזיקע לייקעס איינס־אין־ס'אַנדערע. דורך אַלע רינט מענקענ'ס ליבעראַל־באַלעבאַטיש געפיל פאַר געלט, פאַר דערפאָלג, פאַר ביזנעס, פאַר אַ גוטן ראָסל־פלייש מיט ביר...

מענקען, דער „לאַוד־ספּיקער", דער בלעכענער טרומייטער פון אַמעריקאַנישער ליבעראַליסטיק, ווי דער נעמלעכער ליבעראַליזם דריקט

זיך אויס אין מר. מענקען׳ס געל־ראָזעוועז זשורנאַל „דהי אַמעריקען מוירקורי״.

:: :: ::

מענקען׳ס זשעסט: „אי׳ל ספּיט אין יור אי אין אַ מינוט״. זשענטעלמאַנישע, אויסגעלערנטע גראָביונגערישקייט. הינטער זיין האַרט־געקאָכטער מאַנישקע שלאָגט דאָס מילכיקע האַרץ פון אַ קליינבירגער, פון אַ „באַביט״. דעם אויסגעשטאָפּטן לייב ציט עס גאָר נישט אין וואַלד אריין. פאַרקערט, מענקען איז אַן אָנהענגער פון שטעקשיך, פון מילדע ליולקעס, פון קלעפּיק־זיסן וויין. „די פאַר־אורזאַכטע אורזאַך פאַראורזאַכט אורזאַכן״. דער מענקעניזם, וואָס איז לכאַטכילע אַרויסגעטראָטן קעגן סאָציאַלן און קינסטלערישן הומבאָג, ווערט מיט דער צייט אַליין דער גרעסטער הומבאָג — סיי סאָציאַל, סיי קינסטלעריש. ווערטער, ווערטער, דעקלאַמאַציע!

:: :: ::

ווי ס׳ראָוו „ליבעראַלן״ נישט־אידן, איז מר. מענקען שטילערהייט אַן אַנטיסעמיט. דאָס גייט שוין האַנט־אין־האַנט מיט דעם „ליבע־ראַליזם״, וואָס זוכט צו פאַרריכטן די צעבראָכענע קאַפּיטאַליסטישע „לוכעס״. דער „שטיין״ איז צעבראָכן, די היסטאָרישע לוכעס זענען אָפּגעמעקט, נאָר די מענקענס, ברוקס עטקינסאָנס, די באַליטהאָס טאַינען, אַז מי דאַרף זיי צענויפקלעפּן מיט ניכטערע ווערטער־שפּייעכץ. דאָס ביליקע פאַרגעניגן פון פיינט־האָבן דעם שאָכן בלויז דאַפאַר, וואָס ער האָט אַן אַנדער הויט־קאָליר, ווי דו, אָדער ער איז אַף אַן אַנדער שטיק ערד געבוירן, דאָס בלייבט — נאָך אַלע סטעכלע רייד פון די „ליבעראַלן״ — דאָס סאַמע ביליקסטע פאַרגעניגן פון די פינצטערע „אינטעליגענטן״. צום שיינעם שטעקעלע און גאָלדענער קראַוואַט־שפּילקע גייט אויך דאָס נעפּיל פון שאָוויניסטישן גאַדלעס, פון ניטשעאַנישן קאָמפּלעקס.

מיט צעשפּאָלטענע צונגען רײדן זיי קעגן גאָט און גײען... אין קלויסטער אַריין, פּריידיקן „אינטערנאַציאָנאַלן פאַרנעם״, און זענען ווערימדיקע אַנטיסעמיטן. פילאָזאָפירן וועגן „קאָסמאָס״ און... זענען פאַרטון אין ביר, אין כאַזער־וואָורשטלעך.

איצט איז מר. מענקען אַרויס מיט אַ בוך: „אָפּהאַנדלונג וועגן די געטער״, האָט עס אַן אַנטיסעמיטישע באַפּאַרבונג. זענען די מוקדונים שטאַרק אויפגעבראַכט. אָבער וואָס איז דאָ דער כידעש, הערן פון דער אידישלעכער פּרעסע? וואָס גרימט אַזוי אייער צאָרן? איר... אומיסנעדיקע אָדער האַלב־אומיסנעדיקע כוליגאַנעס,

וואָס איר קלאָגט אינאיינעם מיטן פּויפּסט אפן אונטערגאנג פונעם קלויסטער, און טרייבט סאָציאַל־פּאַשיסטישע פּאָליטיק, וואָס דאָס פּירט סאָף־קאָל־סאָף צו פּאָגראָמען? וואָס דען זאָל אייערס גלייכן אַ קלאָמערשטער „ליבעראַל" זיין, אויב נישט קיין באַהאַלטענער אָדער אָפענער כוליגאַן?

:: :: ::

מר. העיוואוד ברון האָט אַנומעלטן פּאַרפּירט אַ דיס־קוסיע מיט זיין פריינט מר. באָליטהאָ. דאַכט זיך מר. ברונען, אַז דאָס וואָס סע דאַכט זיך מר. באָליטהאָ'ן, אַז „די באָלשעוויקעס טוען אַ נאַ־רישע זאַך מיט זייער אַנטי־רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע", איז אַ סימען, אַז מר. באָליטהאָ איז אַ שטיקל נאַר. מר. באָליטהאָ'ן, ווידער, דאַכט זיך, אַז אַוועקצונעמען פון אַן אָרימען מענטשן די רעליגיע איז ווי אַוועקנעמען פון אַ שווערן האַפּן־אַרבעטער אַ גלאָז ביר". (האָרכט! האָרכט!).

עס פאַרשטייט זיך, אַז מר. ברונ'ען „דאַכט זיך" נישט, אַז אויב רעליגיע איז „דאָופּ" (פּאַרשלעפערונג־מיטל) פאַר אַ וועלט, וואָס איז סאָציאַל־קראַנק, דאַרף מען אַזאַ פּאָליטיש־עקאָנאָמישן סיסטעם אָפּ קאַפּאָרעס!

מר. ברונ'ען „דאַכט זיך" אויך נישט, אַז אויב דאָס לעבן פונעם „שווערן האַפּן־אַרבעטער" איז אַזוי ביטער־מיעס, אַז ער דאַרף אָנקומען צום „גלעזל ביר" צו פאַרטרייבן זיין מאָרע־שכוירע, איז עפּעס דער מער מיטן לעבן! מר. העיוואוד ברונ'ען דאַכט זיך בלויז, איף יו פּליז, סיר, אַז „דער קאָמוניזם אַליין איז געוואָרן אַ רעליגיע אין סאָוועטנפאַרבאַנד".

קיין נייער יאַקשעמאַש איז דאָס אפילע נישט. מ'האָט דאָס שוין געהערט פריער. נאָר וואָדען? דאָס בילד מאָלט זיך אַזוי: אַ מענטש גייט אוים פון הונגער און איז געצוואונגען דערווייל צו נעמען „דאָופּ", ווייל קיין שפּייז גיט מען אים נישט. מיטאַמאָל דערזעט ער ברויט. איז אַוואָדע קיין בידעש נישט, אַז ער פאַלט־צו צום ברויט און בעאיים ער עסט עס, קושט ער עס ווי אַ „הייליקע זאַך"!

דאַפון דרינגט מר. העיוואוד ברון, אַז אויב ס'איז אַ סייכל צו קושן דאָס ברויט, נאָך וועלכן אַלע אייוורים פון דעם הונגעריקן לעבצן, איז פונקט אַזאַ סייכל צו קושן דעם סאַם, דעם נאַרקאָז, וואָס שיקערט־אָן אויף אַ מינוט און פאַרקערצט דאָס לעבן אויף אַ יאָר!

נאָר אַ צעשאָטענער קאָלומניסט, ווי מר. העיוואוד ברון, קען זיך דערטראַכטן צו אַזאַ אויספּיר.

# למה רגשו?

(אַן ענטפּער די דריי רייזענס: דעם „מעדכען", דעם לעקסיקאָן־פאַבריקאַנט, דעם האַלץ־סויכער, וואָס שטעלן־אַרויס מוקדוני און אַליין מאַכן זיי צו די אויגן, קיינער זאָל נישט זען, ווי זיי מאַכן אַ „דזשאַב".)

1.

„ששאַ. האָסט געלייענט וואָס נאַדיר שרייבט?" „אוי, ס'איז אונדז נישט גוט!" „מיר'ן אים פּיקסן, וואו איז די געצייג?" „אַט!" „נו, סאַ־לאָנג באָיעס. מיהט יו אין די „פרייע אַרבייטער שטימע".

און דער „דזשאַב" איז געמאַכט געוואָרן. דאָס מאָל אין אַ פינצטער אָרט — אין דער פ. אַ. ש.

די „באָיעס" האָבן זיך צענויפגעלייגט אַף שטינקבאָמבעס, גע־האָלפן דעם יאָקטאָר מוקדוני אַרויפשטעלן אַף די אַקסלען דאָס קעסטעלע מיט געצייג. מוקדוני'ס ביטרע־שטומפּיקע קעפּל איז דאָס גענגסטער־קעסטל פול מיט בלעקדזשעקס, נאַכשליסלען, רעוואָלווערס. נאָר אַזוי ווי זיין קעפּל איז צו קליין, מאַכט זיך אַז אַ רעוואָלווער־הענטל שטעקט אים אַרויס דורך די אויגן...

אָבער דער יאָקטאָר — אַזעוו וואָס ער איז! — האָט זיי באַלד אָפּגעטוען אַ שפּיצל. אָנשטאָט אַ כעמיש־ליטעראַריש שטינק־באָמבעלע, וואָס דאַרף קאָסטן אַביסל טאַלאַנט, האָט ער גענומען גרויסע פּאַפּירענע בייטלען, זיי אָנגעפילט מיט זיין אייגענעם דופט, זיי צוגעהאַלטן פון אויבן, און דערלאַנגט אַזאַ קנאַק, אַז די שוטפים זיינע, וועלכע זענען געשטאַנען פון ווייטן (ווי עס פּאַסט פאַר קולטור־לייט!) און געהיט, האָבן געמיינט, אַז דינאַמיט האָט אויפ־געריסן און צעריסן אַף טויט מיין פּען און מיך. האָבן זיי זיך גע־פרייט און גאָט געדאַנקט, און טאַקע באַלד אַוועק אין צימבל־קאַפּיי און באַשטעלט לעקעך־און־בראַנפן פאַר אַלע גוטע ברידערלעך...

2

די עלצטע „מויד" פון ליטעראַרישן הייזל פאַרהאַלעט זיך דאָס קליידל, האַלט אַ צוקערל אין מויל, ווייזט מיט אַ פינגער אַף איר „ערע" און שרייט, אַז מ'האָט זי רואינירט.

זינט מיר קענען דעם דר. מוקדוני (ביז קאַווע'ס אויפדעק פון זיינע פּען־גנייוועס האָט ער געהייסן „אַלכסנדר קאַפּל", נאָר זינט מ'האָט אים געכאַפּט בא דער האַנט האָט ער זיך מעשאַנע־שעם געווען, און דאָס מאָל האָט אים אָפּגעגליקט אין קאַלאָמבוס'עס

מעדינע. ער האָט באַנקראָטירט און — געעפנט אַ גרויסע באַנק...).
יאָ, זינט מיר קענען דעם יאָקטאָר, האָט ער „טראַבל" מיט זיין „ערע",
און נישט נאָר ער אַליין — באַ אַלע „מעדכענס" פון אידישן ליטע־
ראַטן־פאַראיין איז די „ערע" אַן אַנגעווייטיקט אָרט. ס'איז פּאָו־
שטענדלעך פּאַרוואָס. נאָר דאָס מאָל איז שוין גאָר סטראַשנע.
ס'טייטש, ס'טייטש, אַף אים, מוקדוני'ן, „מאַינד יו", זאָל מען האָבן
אַ כשאַד, אַז ער פאַרקויפט זיך פאַר אַ דאָלאַר. וואָס דענקט מען
זיך עפּעס? ער איז אַן „ערנהאַפטעס מעדכען"... ער פאַרקויפט זין
נישט פאַר קיין לומפּיקן דאָלאַר... ער וויל אַ דאָלאַר מיט פופציק
סענט!.. דער יאָקטאָר ריטשעט דורך אַ מענגאַפּאָן מיט קוילעס פון
זיבן מעשוגענע, וואָס עס ברענען אַף זיי די פידעשוועס. גוואַלט, וועט
ער שרייען, מיר מאַכן אים קאַליע זיין ליטעראַטור... ער, מיט פּרצ'ן,
מיט מענדעלע'ן, מיט שלום־עליכמ'ען, האָבן קוים מיט צאָרעס אויפ־
געבויט אַ ליטעראַטור, און איך, ענגאַאיסט וואָס איך בין, איך
קום צוגיין אַף אַלעם גרייטן, און סי געפעלט מיר נאָך נישט. כוצפּע,
ניכט וואַהר?

און ער ווענדט זיך טאַקע באַלד צו אַלע זיינע יונגען, די ליטע־
ראַרישע דזשאַב־מאַכערס: „כעוורע, באַפּאַלטס און שרייטס גע־
וואַלט!... איך וועל שטינקען און איר וועט דעקן... אוי, ווי איז
מיר, איך קריג דעם שלאַק! ער שלאָגט דאָך גאָר קריק... אויב אַזוי
דאַרף מען שרייען נאָך העכער: „געוואַלט, די עהרע... גע־וואַלט!"

3

די פוסטע קיילע און ליטעראַרישער טאַנדעטניק איז כ'לעבן נישט
ווערט ס'ביסל טינט. עמעס, ווי יענער „בלינדער באַן־פּאַסאַזשיר"
אין זאַק, מאַכט ער זיך וויכטיק (קנאַקער, מאַך דיר האַרץ!), און
אַז דער בילעטן־מאַנער גיט אַ זעץ מיטן פוס אין זאַק, מאַכט ער:
„בוממז, איך בין אייזן!"

נאָר די אַרבעטער ווייסן שוין ווער דער־אָ געלער טינטלער און
אויגן־פאַרשמירער איז: אַ פּאָליטישער בוף־קאָמיקער און דראָטנ־
גייער. באַלאַנסירט ער, מיטן פאַרנאָסע־שטעקעלע, צישן די יאַרמילקע־
אידן פון „מ. זשורנאַל" און די אַרויפגעאַרבעטע „אַנאַרכיסטן" פון
דער „פ. א. ש."; שאָקלט ער זיך צישן אידישער „קולטור" און
כניאָקיזם. לויבט ער דעם אַקטיאָר שילדקרויט און פּרייזט דעם
אַקטיאָר מאַקס געביל. אָה, מ'קען דיך אויסגעבונדן, אַלכסנדר קאַפּל,
פון וואַרשע, און מ'ווייסט, אַז פון די זוילן ביז דער ליסענע ביזטו

„צום האָבן"!... נאָר נישט מער, אַזוי ווי אונטער דיר שטייען די בניי־רייזען און אַנדערע באָנים, וואָס ווילן מיט דער הילף פון דיין שטינק־אַטאַקע אָפּשוואַכן דאָס קאָל פון אַ געוויסער פּענונביקס וואָס טרעפט זיי אין טרייפענעם פּופּיק אַריין, דעריבער — דער ענטפער, און דער לעצטער, מיסטאָמע. וואָרין סאָף־קאָל־סאָף זענט איר דאָך עטלעכע הונדערט קעגן איינעם, און אַף יעדן הונט באַזונדער וואַרפן אַ שטיין קען מען נישט. איר האַוקעט אין ניו־יאָרק, אין שיקאַגע, אין וואַרשע, אין בוענאָס־איירעס, אין מאָנטעווידעאָ — און אומעטום וואו די זון גייט־אויף. אייער גרעסטער צייט־פּאַרטרייב אין איצטיקן מאָמענט, ווען וועלטן ברענען, איז צו פירן פּליאָטקעס, און צו בויען אַ פּלויט פון שטעך־דראָט אַרום אייער ערע... אָ, איר ערנהאַפטע!

4

דאָס יאָקטאָרל קריגט שיר די פּלאַץ. זיין צונג־ווײדל דרייט זיך ווי באַ אַ בייזן הונט. צו זיין שלימאַזל אָבער פאַרברענען זיך זיינע ליגן־רעדער אין זייער אייגענער כאָליערעדיקער שנעלקייט. הו־האַ־האָ... אידן, האָרכט! איר ווייסט ווער נאַדיר איז? ער איז אַ לעצטער־שבלעצטער־שבלעצטער. מיט אים דאַרפן מיר דאָס זיין קאָלעגן־פּאָ־פּאַכו! (ווער איז דיר, הע־הע, דען אַ קאָלעגע, דו גראָשנ־מענטש? אַ קאָלעגע איז דיר בעסעדאָווסקי, אַב. קאַהאַן, לעשטשינסקי, דער ריכטער טהייער, וכו'). ס'איז אַ צאָרע, אַ שלאַק, אַן אָנשיקעניש אַף זייערע אידיש־ליטעראַרישע קעפּ, נאָר וואָס זאָל מען טון? פּאָרט אַ שטיקל שרייבער. עמעס, ער איז אַ וויסטער קאַליקע, דער נאַדיר, אַ ליטעראַרישע נול, אַ וואָס־אין־דער־קאָרט, נאָר פּאָרט „אונדזער צאָרע"... מילע, ביז איצט — העכער אַ יאָר נאָך דער צאַאַר־וואַקכאַנאַליע, ווען דער יונג האָט אַף אונדז געשפּיגן מיט הייסן בליי — האָבן מיר אים געשוויגן... מיר האָבן געוואוסט וועגן אים אַזוינע „סוידעס", וואָס ווען מיר דעקן זיי אויף פאַר דער וועלט, איז — אוים נאַדיר. נישט מער... מיר האָבן עס נישט געוואָלט, ערשטנס צוליב אונדזער אַלגעמיינער פיינקייט... צווייטנס — וואָס ווען מיר זיך אָנהייבן מיט אים, מיט דעם „באָמער", ער קען נאָך ענטפערן אויך! דריטנס, ווייסט איר דאָך, דער יונג איז אַזוי גוואַלדיק „באַליבט" באַ אַלע רעדאַקטאָרן פון די געל־אידישע בלעטער, אַז וויבאַלד מ'רירט אים אָן, ווערט אַ טומל אין דער גאַנצער פּרעסע, אַז מ'זאָל נישט טשעפּען נאַדיר'ן?... וואָס טשעפּעט איר נאַדיר'ן?... און פערטנס איז... קענען מיר שוין טאַקע מער נישט אויסהאַלטן פון אים. היינט דעם, מאָרגן יענעם... סעילים, וואַדעיומין?

5

דארשנט ער אזוי — דער אלכסנדר קאפל פון ווארשע:

„בשטיקע, אז קיין בען־אדאם זאל נישט וויסן (אבוץ מוקדוני, וואס איז אפאנים קיין בען־אדאם נישט.—מ. נ.) פארהאנדלט נ. מיט א בורזשואזער ציטונג (אין די טעג פון דער וואקכאנאליע.—מ. נ.), און אין דערזעלבער צייט פירט ער אויך אונטערהאנדלונגען מיט דער „פרייהייט" וועגן גרעסערע סכירעס, און גאראנטירטע סכירעס... ער מאנט רייזענ'ס סכירעס... ער זעצט זיך אוועק אף רייזענ'ס סכירעס."

(אוי, די סכירעס, די סכירעס, „גאט פון ראסלפליש, גיב אונדז פלענטי געננוג סכירעס!")

און דא גייט א מאיסע ווי אזוי איך, אן „אזעוו", בין געווען גרייט צו פאררעטן אי די „פרייהייט", אי די קאלעגן רייזען־מנחם־לייוויק. און ווי אזוי פונקט דעמאלט בין איך קלוימערשט קראנקגעווארן און נישט געוואלט שרייבן. (די לעזער פון דער „מ. פ." געדענקען גאנץ גוט, אז שוין ארום 4 כאדאשים פאר דער וואקכאנאליע בין איך נישט געזונט געווארן און נישט געשריבן א ווארט. ווען די וואקכאנאליע רוקט זיך נישט אונטער, האב איך זיך באדארפט אפרוען נאך עטלעכע כאדאשים. מ'דארף אויך נישט דערמאנען אונדזערע לעזער, ווי „גוט־אפ" די „מ. פ." איז דעמאלט געווען, און ווי אזוי מ'האט געקענט האפן צו קריגן סכירעס פונקט אין יענע טעג, ווען שוין כאדאשים פאר דעם האבן זיך די סכירעס געציקעט — איינמאל אין פינף־זעקס וואכן א פאר דאלאר...). און א צווייטע מאיסע דערציילט דער יאקטאר וועגן א רעדאקטאר פון א בורזשואזער ציטונג, בא וועמען איך האב מיך — אין יענע טעג — אנגעשלאגן ער זאל מיך צונעמען און מיר געבן ראסלפלייש. יענער רעדאקטאר (שרייבט מוקדוני) „לעבט און איז געזונט און שטארק"...

נו, גאצידאנקען דאפאר, וואס יענער רעדאקטאר לעבט און איז געזונט און שטארק! נאר פונדעסטוועגן איז אביסל קאשע: ווי קומט עס, וואס „יענער רעדאקטאר" האט געלאזט זיין שאכנ'ס פען „גיין קאמערינע", בעאיים דער ר. האט דאך אן אייגן בלאט־ציטונג, וואו ער קען אונדז פארניכטעווען אף טויט מיט איין שמיר פון דער פען? זאלן מיר זאגן, אז עס איז דערפאר, וואס יענער געוויסער רעדאקטאר וויל מיך נישט מעצאער זיין? צי עפשער גאר דערפאר — לאמיר זאגן — וואס ער וויסט, אז ער האט אונדז נאך אין יאר 1928 געשיקט א שטאפעט קיין סי־געיט און אונדז פארגעשלאגן א שטעלע מיט ראסל־פלייש און מיר האבן אים אפילע נישט געזאגט

קיינאָסערוטע, כאָטש דער שטאָפּעט האָט געפּריפט אַפּעלירן „איין נאָמען פון ווייב און קינד, וואָס לײדן נויט"!

(וועגן די גאַראַנטירטע רייזען־סכירעס וואָס איך האָב געקראָגן, און קריג איצט, וועגן דער דינגעניש, וואָס איך האָב מיך געדונגען מיט דער „פּרייהייט" פאַר „רייזען'ס סכירעס", וועט אייך די רע־דאַקציע פון מ. פ." ענטפערן אָט־דאָ־אָט טאַקע, אונטערן שטערנדל.*)

די רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע „מ. פ." וועט אייך אויך זאָגן וויפיל „ראָיאַלטיס" (טאַנטיעמעס) איך האָב באַקומען פאַר מיין „דערלאַנג אַהער די וועלט, בורזשוי!" און „אונטער דער זון".

דער „דאָקטאָר" דעקט דאָסמאָל אַ סאַך דזשאָבס, פון יאָר 1920, ביז העט־העט, קריקצעוועגס, פאַרן מבול. ער ברענגט אַ „שיינע וואונדערלעכע מאַיסע", וואָס „די האָר שטעלן זיך אויף קאַפּויער", ווען ער טראַכט דאַפון! עס איז אַ מאַיסע פון יאָר 1926 מיט איינעם אַ נח שטיינבערג, וואָס האָט געדאַרפט פּעדלען־גיין און האָט נישט געהאַט קיין סכוירע. האָט ער אָנגעשריבן וועגן מיר אַ גאַנץ בוך. (אַוואַדע, אַזאַ שטיק אומשטערבלעכקייט! אויס־קרענקען זאָל ער עס, דער נאַדיר!)

דער דאָקטאָר ציט אַראָפּ די שטאָרן, זאָגט האָקוס־פּאָקוס, און מאַכט דעם אָנשטעל מי־יוידייע־וואָס. דער עמעס וועגן דעם, — אַף אַזויפיל ווי עס קען איבערהויפּט עמיצן אָנגיין — איז אַז דער נעמלעכער נח האָט נאָך מיט 8 אָדער 10 יאָר קריק (ווער געדענקט אים!) אָנגעשריבן אַ בוך „יונג אַמעריקע", האָט דאָס אָנגעשטייפט און אָנגעקראָכמאַליעט זיין נאָמען ביז גאָר. מונקלט מען אָבער אין די קאַפּייען, אַז ס'איז נישט זיינס און די יונגע שרייבערס וואָס ווערן דאָרט אַרומגעגלאַנצט, האָבן אַליין געשפּיגן אַפן גלאַנץ־בערשטל. טאָמטידיר! אויב אַזוי, דאַרף ער באַווייזן, נח, אַז ער קען אַליין אויך פּאַרפּאַסן. וועמען וועט ער אויסקלויבן פאַר אַ טעמע? — נאַדיר'ן. פאַרוואָס? ווייל עס איז גרינגער. מ'גיט מיט אים אַ רעד, אַהער־אַהין, ווערט אַן עסיי איבער ליטעראַטור, קלעפּט מען דאָס צענויף מיט ניכטערע געגנדזנפינסלעך, ווייסט מען נישט וואו איז ער, וואו איז איך... און ס'איז אָלרייט.

זיצט נעבעך נח און קוועטשט זיך, און קוועטשט זיך. רייבט

*) משה נאַדיר באַקומט, און האָט באַקומען, דאָס זעלביקע געהאַלט, ווי יעדער מיטאַרבעטער פון דער „מאָרגן־פרייהייט". קיין ראָיאַלטיס פאַר זיינע ביכער באַקומט ער נישט. מיט דער רעדאַקציע פאַר „רייזען'ס סכירעס" האָט ער זיך נישט געדונגען. די פאַקטן אין טעקסט וועגן נאַדיר'ס עקאָנאָמישער לאַגע זענען ריכטיק. — רעדאַקציע „מ. פ."

אוים אין די ביבליאָטעקן אַ שלאָל מיט הויזן. ער קלעפּט, שניידט, נעמט־אַראָפּ, לייגט־צו, ווענדט־איבער: נאָך אַלץ נישטאָ די דרייצן פונט „ליטעראַטור", וואָס דאָס בוך פאָדערט. וואָרין דאָס בוך מוז זיין היפּשלעך דיק, מ'זאָל עס נישט דאַרפן פאַרקויפן פאַר אַ געמיינעם פּרייז. דער סאָף איז געווען, אַז ער איז געקומען צו מיר מיט אַ „געבראָכענער קניע" און געבעטן אַן אייצע־טויווע. האָב איך אים געזאָגט: „קרוינגעלע, די בעסטע אייצע וואָלט געווען זאָלסט איבער־דרוקן מיינע זאַכן, וועסטו פאַרשפּאָרן „טראָבל".

„טאַקע. ווייסט איר זשע וואָס, נאַדיר, גיט מיר אייערע מיינונגען וועגן אידישע שרייבער".

פון ראַכמאָנעס אַף דעם ליטעראַרישן בעזדיעטניק (איך בין נאָך דעמאָלט געווען „אומפּאַרטייאיש" און סענטימענטאַל!) האָב איך אים אָנדיקטירט אַ היבש ביסל בלעטלעך. ער האָט זיי אַריינ־געלייגט צו זיך אין קעשענע אַריין, און ס'האָט געהייסן, אַז ער וועט מיר די קסאָווים אָפּקאָפּירן פאַר מיין אייגענעם געברויך. אַז איך האָב שפּעטער מיט אַ 10 כאָדאָשים (ער האָט זיך געהאַט אַרויס־געלאָזט איבער דער מעדינע) געמאָנט בא אים די אָפּשריפטן, האָט ער געטאַינעט, אַז דאָס איז זיין אייגנטום, ווייל ער האָט עס איבער־געשריבן מיט זיין אייגענער האַנט, און אַז ער באַטראַכט זיי קימאַט פאַר אייגענע שאַפונגען. האָב איך דאָך געזען מיט וועמען כ'האָב דאָ צו טון, האָב איך דורך אַ בריוול אין „פרייהייט" געפאָדערט בא נח'ן ער זאָל אָפּשיקן די מאַנוסקריפּטן, ווייל איך האָב געהאַלטן, אַז אַפילע בא אַן עמעסן פאַרלעגער האָט דער שרייבער אַ רעכט צוריקצוציען זיינע קסאָווים, אויב זיי זענען נאָך נישט אַריין אין דרוק, ביפראַט אַז איך וויל בלויז אַ קאָפּיע פון מיין אַרבעט. האָט נח צום ערשטן זיך געזידלט, דערנאָך געביבערט מיט טרערן, אַז מיר זאָלן אים נישט קוילען אָן אַ מעסער, און לסאָף אָפּגעדרוקט דאָס „בוך משה נאַדיר" מיט מיינע עסייען איבער אידישע שרייבער (און אַנדערע פּערזענלעכע כאָכמעס) אין קאָסאָקע געגודזופּיסלעט. וואָס ס'קען הייסן, אַז איך זאָג, און אַז ער זאָגט, און אַז מיר ביידע זאָגן. דאַצו האָט ער נאָך דעם טעקסט אַביסל געפּעלשעוועט, לויט זיין אייגענעם גוסט, און צו די ביטרע קאָמפּלימענטלעך זיינע צו־געשטעלט היבשע כניאָקערייען און רכילעסלעך, קעדיי צו באַוואָרענען זיך קעגן ביזע צינגער.

דער „דאָקטאָר" ווינקט דאָ מיט אַן אויגל, ווי איינער רעדט: „נאַדיר האָט אַליין באַצאָלט פאַרן בוך... יענער האָט נישט געטאָרט אַ וואָרט אויסמעקן..." לייענט זשע אומיסטן דאָס ביכל. און אויב

עס איז מעגלעך, אַז אַ מענטש זאָל זיך אַליין מאַכן אַזוי צום אויס־דרייען, זאָל זיך אַליין אָפּשמייסן, און נאָך באַצאָלן געלט דערפאַר, האָט ער די ווערט, אַז מ'זאָל אים שטעלן „אַ גאָלדענע מאַציייווע".

לאָהוט נאָך „געלט" און נאָך „קאָוועד"? פרעגט באַ די אידישע מעלוכע־פאַרלאַגן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועלן זיי אייך זאָגן, אַז שוין באַלד אַ יאָר אַז מ'האָט דורכגעפירט אַ באַשלוס ארויסצוגעבן מיינע ביכער. מ'וואַרט אַף מיינע פאַרטיקע מאַטעריאַלן, און איך בין אַזוי פאַרנומען מיט מיינע „מאָרגן־פרייהייט"־אַרבעטן, אַז איך האָב ביז היינט די מאַטעריאַלן נישט געשיקט.

מ. ל. האַלפּערן האָט אַמאָל געשריבן אין דער „פרייהייט" וועגן דעם דאָקטאָר מוקדוני אַזוי:

„דאָס דאָקטאָרל מוקדוני איז אַזאַ מיעסער מענטש, אַז שפּייען אים אין פּאָנים אַריין איז נישט גענוג. אים דאַרף מען אויפרייסן זיין פּיסק און אים אַריינשפּייען גלייך אין האַלדז אַריין."

אַז אָך און אַז ווי איז צו'ן אייך, אידישע ליטעראַטן, אַז ליב־מאַן, קאַרלין, מיניקעס און ווייסמאַן זענען אייערע רעדאַקטאָרן, אב. קאַהאַן אייער „ערן־מיטגליד", לעשטשינסקי אייער זשורנאַליסט, „איטאַ" אייער נייעס־אַגענטור, און דער ביליקער פּראָזנטאַנדעטניק מוקדוני — אייער רעצענזענט!

דאָס דאָקטאָרל האַלט, אַז „מ'מעג דאַווקע יאָ שרייבן וועגן לעבעדיקע מענטשן". נו, וואָדען! אַטיטער כאַפּן און נישט האַלטן, אַז מ'מעג שרייבן וועגן דזשעני גאָלדשטיין... און אַנדערע פּרימאַ־נאָשים פון יעווורעיסקן טעאַטער, וואָס אַ רובל איז באַ זיי אַ מאַמזער. פון שרייבן ביאָגראַפיעס איבער טויטע קען מען דען קריגן עפּעס אין דער האַנט אַריין?

מען זאָגט מיר, אַז אין בופקאַמישע מינוטן, ווען דער יאָקטאָר האָט קלוימערשט „געוויסנביסע", ציט ער אין ליטעראַרישן קאַפּיי מיט דער נאָז און זאָגט: „פּעה, ס'פילט זיך פון אייך ווי פון מייסים." דאָס איז אַקוראַט, אַ שטייגער, ווי איין לימבורגער קעז זאָל זאָגן צום אַנדערן: „פּעה, רוק דיך אַוועק פון מיר, ס'איז פון דיר נישט אויסצוהאַלטן".

:: :: ::

נו, גוט! לייגט צענויף אייער שפּייעכץ, איר שרייבער־געזעקן פון די פאַרקויפטע בלעטער, און מאַכט דאַפון אַ שטריק פאַר מיין האַלדז. עס וועט אייך גאָרנישט העלפן, קרוינעלעך. מיין פען־און־ביקס־פייער וועט איר דאַמיט נישט לעשן. אַזוי לאַנג ווי אָטעם גילט, אַזוי לאַנג ווי די האַנט דינט. מיין ביקסנקויל, וואָס איז געצילט

קענן אַלע בעסעדאָוסקים, ראַסלפּליישניקעס, און „אַנטלאָפענע מענער", איז גלאַטיק מיט דעם מארך פון מיינע ביינער, מיט דעם סאַם, וואָס פליסט אין מיין האַרץ.

אָ, אומענדלעך פיינט האָב איך אייך, איר ליטעראַרישע שאַב־שעוויטשעס, איר פען־קנעכט, און פען־מעדכענס! וואָלט נאָר די צייט און דער קויעך געדינט אַף אַלע צו ענטפערן!... נאָר עס ברענען קאַמפן, עס שטייען וויכטיקערע סאָנים באַ דער טיר — אַל־קיין וועט איר מוזן מויכל זיין, וואָס איכ'ל אייך נישט קענען אַלע „באַדינען".

אָקטאָבער 4טען, 1930.

## עס דיר נישט אַף ס'האַרץ, שלום אַש!

(אַ בריוול צו שלום אַש מיקויעך זיין בריוול וועגן נאַמבערג'ס טויט)

היינט איז דינסטיק. איך בין לעבן יאַם אין קוני־איילאַנד, איך הייל מיר די לונגען. קיי ס'ביסל זון, וואָס טוט אַ טויווע און וואַרעמט אָן אונדזער טראַפּן ערד.

איך שפּאַציר אַרויף און אַראָפּ איבערן „ברעטער וועג" באַם יאַם. ס'ברעג וואַסער איז שטיל — דערלאַנגט אים איבערן מויל מיט אַ הילצערנעם טראָטואַר, צוויי מייל די לענג! די צוקערל־ און נים־פּארקויפער שטייען מיט זייערע שטעלכעלעך. האָדעווען־אונטער די אידישע נעשאָמעס... פאַריאָסעמטע פרענגל־וואורשטלעך צאַפּלען זיך ערגעץ אַף אַ ליידיקער בראָט־פאַן, זיפצן פון הייסע יעסורים.

די קרייץ־וועגן, וואו עס לויפן די פאַרלאָזענע ווינטער־גאַסן פון קוני־איילאַנד, זענען אָנגעזאַלצן מיטן נעכטיקן קלאָרן שניי, וואָס איז שוין היינט אַ נאַכט נאָך דער כאַסענע.

קויף איך מיר די אידישע נאָכמיטאָג־בלעטער, און דערזע אין „פאָרווערטס" „אַ בריוו פון שלום אַש וועגן נאָמבערג'ס טויט". דערוואָרט זיך.

נאָר אביסל איז אַ כידעש: וואו איז די טרער? געדאַרפט זיין:

„אַ טרער אַפן פרישן קייווער פון ה. ד. נאָמבערג, פון שלום אַש"...

מיט אַ „טרער", ווייסט איר, פּאַטערט מען אָפּ קימאַט אַ האַלבע וואָך אַרבעט. באַטרעפט עס — אין אַש'ס פאַל — אַזוי גרוים און נישט ווייניקער ווי: 37 דאָלאַר מיט 50 סענט — אויב נישט מער.

פאַר „טרערן" גיבן מיר נישט קיין רעבאַט...

:: :: ::

אַ־לאַ, וויפיל טרערן אונדזערע ברידער־שרייבער האָבן שוין צעטיילט אַף פרישע קוואָרים, — מיט אַ מינימום פון 15 דאָלאַר ביז אַזוי הויך ווי 37 מיט 50, — אָדער עפשער נאָך מער.

איך דערמאָן מיך מיט יאָרן קריק. אין ליטעראַרישן קאַפיי. צביון האָט אויסגעטון זיין פאַרפלעקט האַרט קאַפעליושל, וואָס איז ווי אַ מולטערל איבער זיין קאָפּ (דאָרטן ווערן „געדאַנקען" ראַש־טשינעט, דאָרטן גייט־אויף ס׳זויערטיג פון זיינע לעפּקע כאָכמעלעך און סי רינט אַריבער איבער די אויערן, איבער דער צונג!).

צביון זיצט באַם טישל און איז פאַרטיפט אין אַ... דריי־אייער־דיקן פאַנקוכן. אַ האַלבע וואָנסע איז אים פאַרגעלט. ער דערזעט מיך. (מיר זענען גוטע פריינט פון אַמאָל!), גלעט ער זיך אויס די וואָנסע, מיט דער דרויסנדיקער זייט פון זיין פויסט, און ער ווייזט מיר אַ בלאַט־צייטונג, וואו ער האָט ערשט־נאָר־וואָס פאַרגאָסן אַ פרישע טרער אַף קאָלעגע טערמאַנ׳ס קיווער.

:: :: ::

נו־נו, טרערן־גיסער, גיסט! אַ רעגן זאָל גיין פון טרערן. פון דעם־אָ רעגן וועלן וואַקסן האַרטע צענערלעך. פאַר די צענערלעך קען מען אין „קאַפּע רעזשאַנס" אין פּאַריז קריגן זייער גוטע ראַקעס, מיט בורשטינענעם וויין.

דערפאַר שרייב איך דיר, ליבער שלום אַש:

עס דיר נישט אַפּ ס׳האַרץ, קרוין מיינער. סי לוינט זיך נישט. ס׳לעבן גייט סיי־ווי־סיי אַוועק, און וויפיל האָסטו איינגאַנצן כאַנוקע־לעמפּלעך? סאַכאַקל אַרום 63? און גאָבעלאַנ׳ס און וואַטאָ׳ס און אַלט זילבערוואַרג, און שטערן־טיכלעך און מעגילעס און סייפער־טוירע־מענטעלעך און אַלטע קרעלן — וויפיל האָסטו דען? דו האָסט, זאָגט מען, אַ סאַך. אָבער ס׳איז נישט גענוג. אַ מענטש ווי דו, דאַרף האָבן מער — מער ווי מער... אַ סאַך מער... עס האָט קיין שיער נישט.

עס דיר נישט אַפּ ס׳האַרץ, קרוין מיינער! ביזט אַ שוואַכער מענטש, דאַיגעס אַפּן קאָפּ האָסטו נעבעך גענוג. אָט האָב איך ערשט אַנומעלט געלייענט אין די בלעטער, אַז דו קלאָגסט זיך פאַרוואָס מ׳שיקט דיר נישט קיין „טאַנטיעמען" (פּראָצענטער, הייסט דאָס) פאַר דיין „גאָט פון נעקאָמע". דאַביי גיסטו איידל אָנצוהערן, ווי דיין טעווע איז, אַז פון שפּאַניע און פון אַלבאַניע שיקט מען דיר יאָ טאַנט...

בידנער שלום מיינער!

און דאָס וואָס דו שרייבסט, אַז נאָמבערג איז געווען אַ שטיק

פון דיר, ווייס איך נישט, צי ס'איז גלייך וואָס דו שטעלסט־אונטער א טויטן כאוווער א פיסל. איך דערמאָן מיך, א שטייגער, א טאָג אין פראנקרייך, אין דיין רייכער ווילא, לעבן פאריז. נאָכמבערג גייט ארום, באטאפט די ווענט. גענוצט. איז מיד. פארשעמט אביסל אנטקעגן דיין „סוקסעס". דיינע כאנוקע־לעמפלעך און סאמאָווארן שטייען קאלט, דיינע אַלטע מעגילעס און ספאָרים־מענטעלעך און גאָבעלאנס דערווארימען נישט ס'הארץ פון א קראנקן כאוווער.

דו ווייזט דיין רייכקייט, דיין גאלאָכישן שלאָפראָק, דיין רייכע מעבל, און — ... נאָר ערגער דיך נישט, נעשאָמע מיינע, ערגער דיך נישט.

איך דערמאָן מיך א צווייטן מאָל: דו האָסט היינט אָפגענומען אן אפּויטיקע פון הונדערטער דאָלארן און גערעדט דורכן טעלעפאָן מיט עטלעכע „יאהודים" פון ריווערסייד... און אָנגעשריבן א וואויל ארטיקל וועגן דעם, אז „אמעריקע איז נישט קיין לאנד, נאָר אן אידייע". ביזטו זייער גוט אויפגעלייגט. רופסטו מיך און רייזענ'ען טרינקען וויין. גייען מיר און מיר טרינקען, און מיר פרייען זיך מיט דיר, וואָס גאָט האָט דיר אזוי שיין געהאָלפן און דו ביזט אזא אָנגעזעענער מענטש סיי בא אידן און סיי בא דזשאהודים. דער סאָף איז, אז מיר פארברענגען זייער א פריילעכע נאכט. דיין נעשאָמע ליאפעט גוטסקייט, דיינע ליפּן זענען באַטאנישע גערטנער, דיינע אויגן זענען פול מיט בייס־האמיקדעש.

דו געדענקסט, שלום? איכ'ל דיר אפילע געבן א וואָרצייכן: אז מיר האָבן זיך אויפגעהויבן פון די ערטער און געוואָלט אוועק־גיין, האָסטו א פליכטיקן בליק געטון אף דעם צעטל וואָס איז געלעגן אף אונדזער טיש — א בליק געטון אף דעם־אָ שטיקל פאפיר ווי אף אן אומבאקאנטן גאזלען, און געזאָגט: „רייזען, זיי אזוי גוט, באצאָל!"

נאָר ערגער דיך נישט, נעשאָמע מיינע, ערגער דיך נישט!

עמעס, דו שרייבסט אין דיין בלאט (150 דאָלאר א וואָך, צי מער?), אז דאָס לעבן הויבט אָן צו ווערן לאנגווייליק. אָבער — עס דיר נישט אָפּ ס'הארץ, נעשאָמע מיינע. צו לאנגווייל איז דאָ א טרופע. מ'פאָרט זיך אביסל דורך קיין פוילן. אז מ'קומט לעבן ווארשע שיקט מען פאָראויס צוויי „באריטענע אידן", זיי זאָלן בלאָזן שויפער. דערנאָך טוצאכאביסל! באנאכט לייענט מען איבער די בריוו, די טעלעגראמעס, מ'לייגט אוועק די טייסטערלעך וואו מי באדארף, דערנאָך לאָזט מען ארויס אף די בלעטער געציילטע זעקס אָדער (העכסטנס) זיבן זיפצן וועגן דער באס־מאלקע ציון, מ'גיט

אַ פּאַך מיטן טיכעלע („דעגעל מאַכנע יעהודע") צו מאַרשאַלעק פּילסודסקי, און... סי פעלט שוין נישט באַכישעם קיין קאָוועד, קיין געלט, קיין בלומען.

:: :: ::

יאָ, פאַרפרעמדט האָסטו דיך, שלום אַש! מיט וועמען קערסטו דיך אָן? מיט די „געלע אידן" פון „פאָרווערטס"? פון די וואַר־שעווער קוגל־בלעטער? ווער ביזט דו, און ווער איז דיינס? די פליגלען דיינע, שלום טייערער, האָסטו ארומגעוויקלט מיט הייליקן פּאַרמעט, קעדיי זיי זאָלן זיך נישט פאַרפלעקן פון דעם שטויב און רויך אַף די גאַסן.

ווער ביזטו איצט, אַש, און מיט וועמען טוסטו זיך באַהעפטן?

אין דיין ווילאַ זיצסטו לעבן פּאַריז און פּינטלסט דאָס פּינ־טעלע „איד".

אַפילע אינם אָנגעזיכט פון אַ כאַווערס טויט, זיצסטו ווי אַן אַפּערן־העלד אין דיינע בגדי־כהנה, און וויקלסט דיך אין שמעקעדיקן קטוירעס־רויך.

איז עפּעס אַ כידעש וואָס נישט דער לעבעדיקער און אַ־בעטנ־דיקער מענטש קער זיך אָן מיט דיר, נישט דו מיט אים?

נאָר עכ דיר נישט אָפּ ס'האַרץ, שלום טייערער.

עס קאָן דיר נאָך כאָלילע שאַטן, צום געזונט, קרוין מיינער. און דו האָסט דאָך נישט ליב, אַז סי שאַט דיר? פּאַרקערט. וואָס ווייניקער אַ זאַך שאַט דיר אַלץ מער, מיין איך, האָסטו זי ליב. נישט אַזוי, נעשאָמע מיינע?

דעריבער זאָג איך טאַקע נאָכאַמאָל:

ערגער דיך נישט, גאָלד מיינס! נישט אַלע צייטן גייען אַוועק מיט איין צייט! דו וועסט נאָך קומען קריק קיין אַמעריקע, אי"ה, און וועסט נאָך האָבן אַ גאַנץ פיינעם יובילייַ. וואָרין אַ וואוילער שרייבער ביזטו דאָך—דער גוטער יאָר זאָל דיך נעמען!

און דאָס וואָס דו לויבסט אַזוי נאָמבערגס צוגעלאָזנקייט צו זיינע קאָלעגען און זיין גוט האַרץ—איז מיר קיין כידעש נישט. אין דיין אייגן טעאַטער־שטיק „גאָט פון נעקאָמע" איז דאָך דורכגעפירט דער געדאַנק אַז „די מאָס פון ריינקייט וואָס אַ מענטש האָט פאַר־לוירן, איז די מאָס פון ריינקייט נאָך וועלכער ער בענקט".

און דאָס וואָס דו זאָגסט אַזוי איידל, אַזוי כאַוועריש אַז „וואָס — וואָס, אָבער אַ קאָלעגע איז ער (נאָמבערג) געווען" באַווייזט ווידער אַמאָל וואָס פאַר אַ גוטער, וואָס פאַר אַ ליבער מענטש דו ביזט.

גאָט זאָל דיר העלפן וואו דו וועסט זיך קערן און ווענדן, שלום טייערער.

און נאָכאמאָל: זע, זאָרג דיך נישט צופיל וועגן „טאַנטיעמעס". איך וועל רעדן מיט מאָרים שווארצן, איכ'ל רעדן מיט פּרעזידענט קאַלווין קולידזש, איכ'ל שרייבן צו יוסף באַראָנדעסן, אויב עס וועט זיין נויטיק, אבי דיר זאָל כאָלילע קיין זאַך נישט פעלן, און דו זאָלסט האָבן געגנוג כאַנוקע־לעמפּלעך, און גאָבעלאָן־טעפּיכער און געלט און וויין און קאָוועד און אַ צען־צימערדיקע ווילא אין פראנקרייך, וואו אַ כאַווער זאָל נישט קענען איבערנעכטיקען אַ נאַכט.

וואָס נאָך האָב איך געוואָלט זאָגן? יאָ. דאָס אַנדערע מאָל וועל איך זען, אַז אויב אַ קאָלעגע וועט וועלן שטאַרבן, זאָל ער עס נישט טאָן ווען דו ביזט אין אַ שלעכטער שטימונג, ווייל דעמאָלט איז דיר שווער צו שרייבן אַ העספּעד.

וואָס ה. ד. נאָמבערג האָט געטראַכט וועגן דיר ווי אַ קאָלעגע, וועל איך דיר זאָגן אַן אַנדערש מאָל. (איך דאַרף אַ זוך טאָן אין די בריף נאָמבערגס).

איצט גייט צו ניטל־נאַכט און דאָס איז נישט ווייט פון כאַנוקע. און איך ווייס וואָס באַ דיר הייסט כאַנוקע אָן יענעם כאַנוקע־לעמפּל פון 5טן יאָרהונדערט, וואָס ס'איז דיר נישט געראָטן צו קויפן אַף אַ ליציטאַציע, ווען דו ביזט געווען אין ניו־יאָרק.

זיי מיר מויכל, קרוין מיינער, וואָס איך קען דיר אינאיינעם מיט דעם־אָ בריוול נישט מיטשיקן דאָס לעמבעריקער ראָטהויז. עס איז נישט מיינס.

צו דיר

פון מיר

משה נאַדיר.

# נאָטיצן איבער בוך, מענטש און וועלט

די באַלעבאַטישע ליטעראַטור־קריטיק איז אַ פיינע רעשעטע, וואָס זיפּט־דורך דאָס ווייסע, געבייטלטע מעל אין דרויסן, און... לאָזט עס איבער דעם ווינט. די מאַרקסיסטישע קריטיק זיפּט־איבער אין אַ פאַרמאַכטער שטוב, מיט פאַרזיגלטע פענצטער. זיפּט פּאָרזיכטיק, ווייל זי דאַרף דאַפון באַקן ברויט.

:: :: ::

די בורזש־קריטיק וואַרפט שטענדיק אַרויס די קלאַיען, ווי אומ־איידלען, אומנוציקן שטאָף. די מאַרקסיסטישע קריטיק האַלט, אַז די געזונטע, נאַטירלעכע (כאָטש נישט־געבייטלטע, גראָבע) קלאַיען זענען נוצלעכער פאַרן סאָציאַלן גוף, ווי דאָס געבייטלטע ליטעראַרישע „זעמל־מעל".

:: :: ::

די בורזש־קריטיקער פאַרזוכן זייערע ליטעראַרישע פּירעס מיטן אויג. די מאַרקסיסטישע קריטיק פאַרזוכט — מיטן גומען. זעען די ערשטע אַן איבערגעוואַקסענע, פוילע, דעקאַדענטישע קאַרטאָפל. זאָגן זיי: „עס איז אַ וואַזאָנע". און שטעלן זיך אַוועק זי באַזינגען. דער מאַרקסיסטישער קריטיקער גיט אַ פאַרזוך, שפּייט אויס און זאָגט: עס איז זיס און — פּאַסקודנע. פע!

:: :: ::

דער בורזש־קריטיקער האָט זיך אויסגעלערנט צו וויסן, אַז „זיסע זאַכן" זענען וואוילע זאַכן. אַרט אים נישט אויב דאָס איז האָניק, אָדער — קאַרטאָפליעס. דעריבער, אַז ער גיט שוין אַמאָל יאָ אַ פּרוּוו מיט דער צונג, קען מען זיך אויך נישט פאַרלאָזן אַף זיין אויסגעלערנטע מייווינעס.

:: :: ::

אַז איר לייענט ל. קאָבערינ'ען האָט איר דאָס געפיל, ווי איר וואָלט געשטאַנען לעבן אַ שמוציקן וואַסער־שטראָם, וואָס רוישט גאַנץ פיין און שטינקט גאַנץ שרעקלעך.

:: :: ::

„עמעס צוליב'ן עמעס" איז פּונקט ווי מ'זאָל זאָגן „ברויט צוליב ברויט". (קיינער באַקט נישט קיין ברויט צוליב'ן ברויט, נאָר צוליב דעם מענטשן). ווען איינער זאָל זיך, לעמאָשל, אַוועקשטעלן מיט אַ

בלעכן קוואַרטירל און פריוון אויסמעסטן דעם יאַם, וואָלט דאָס זיכער געווען — די „ריינסטע נייגונג צום ריינסטן עמעס". ווען עמיצער זאָל זיך אַוועקזעצן איבערציילן די זעמדלעך אין אַ קופּע זאַמד, וואָלט דאָס זיכער געווען אַזאַ איינער, וואָס זוכט דעם עמעס צוליב דעם עמעס. אָבער קיין קוש אין פּיסקל וואָלט אים קיין סייכלדיקער מענטש דערפאַר נישט געגעבן.

:: :: ::

דער עמעס (ווי די „קונסט") ווערט בלויז עמעס לויט זיין פאַר־בינדשאַפט מיטן לעבעדיקן לעבן: לויט דער מאָס, אין וועלכער ער העלפט מאַכן דאָס לעבן בעסער, אָדער ערגער. אַ וועגעלע זיידענע שאָטנס וועגט ווייניקער ווי אַ... טשוועקל. אַ יאַם מיט כאַלוימעס וועגט ווייניקער ווי אַ קינדערשע טרער. אַלע טיפע אַבסטראַקטע עמעסן אין דער וועלט זענען ווייניקער עמעס ווי דער עמעס, אַז אַ מענטש דאַרף האָבן אַ שטיקל ברויט און אַביסל לופט און אַ טרער וואַסער, קעדיי צו קענען לעבן.

:: :: ::

דער עמעס (אָדער די „קונסט"), איינגעשפּאַנט אינעם בלאָטיקן פּיאַקערל פון נוצלעכקייט, איז ווי אַ שיינער הירש. דער עמעס (אָדער די „קונסט"), איינגעשפּאַנט אין אַ פּערלמוטערנעם שאָטן, ווערט — אַ נאַרישקייט.

:: :: ::

איר זאָלט האָבן אַ קלאַל, אַז אַ סאָלדאַט שפּילט זיך מיטן שייד פון דער שווערד, העגגט־אָן טראָלדן אָפן הענטל, נעמט זיך נישט די מי אַ קוק צו טון אָפן קלינגל, צי עס איז נישט פאַרזשאַווערט, און ער לאָזט נישט אַריין אַ פּאָר טראָפּנס אייל אינעווייניק אין דער שייד, איז אַ סימען, אַז ער... גרייט זיך צו גיין בלויז אָף פּאַראַד, און נישט אין מילכאָמע אַריין.

דאָס איז געקומען צו־רייד אָקעגן יענע־יעניקע שרייבער, וואָס זענען מוכנמזומען צו צירן זייערע ווערק מיט די שענצטע רעוואָ־לוציאָנערע קוטאַסן, נאָר מאַכן זיך סאָנים צישן די בלוטיקע סאָנים, מיט וועלכע מ'גייט מילכאָמע־האַלטן — דאָס נישט.

:: :: ::

די קולטור־שמעגעגעס רייטן אָפן פּעגאַז, גיבן אים צוקערלעך אין מויל אַריין, בעטן זיך באַ אים: „טייער לאָשיקל, גיב אַ האָצקע אַביסל".

דער פּראָלעטאַרישער שרייבער האַלט נישט פון אַזאַ „הומאַניזם" צו די „מוזן". אונדזערע „גייסטיקע לאָשיקעס" מוזן אַזוי גוט זיין

און לויפן וואוהין מען באַדאַרף. טאָמער נישט, איז דאָ — די בייטש (די נויט). אַז אונדזערם אַ „פּעגאַז" (כ'בעט איבער אייער קאָוועד) הויבט אָן מאַכן קונצן, שטעלן־זיך אַף די הינטערשטע פיס, און ציען קריקצעוועגס, איז דאָ צו אים אַ פּאָשעט מיטל: מ'שטופּט אַריין דאָס בייטש־שטעקעלע אין הינטן, גייט ער ווי געשמירט.

:: :: ::

אַז אַלעקסאַנדער דיומאַ האָט געוואָלט באַשרייבן זיין רייזע אַפן מיטללענדישן יאַם, האָט ער זיך געליינט מיטן פּופּיק אַרויף, נישט געגעסן דריי טעג נאָכאַנאַנד, זיך געלייטערט פאַר דער „הייליקער אַרבעט" פון כאַפּן אַפן פּענשפּיץ אַ ברעקל זונפאַרגאַנג, אָדער אַביסל יאַם־טראַסק.

אונדזערע פּראָלעטפּעניקעס קומט אויך אַמאָל אוים איבערצוהיפּן דריי מאָלצייטן אַ טאָג, אָבער מיר פאַרזיכערן אייך, אַז די קאַוואָנע פון אַזאַ טאָנעם איז נישט קיין ליטעראַרישע.

:: :: ::

צוויי אַרבעטלאָזע יאַטן זיצן אַף די טרעפּ פון „פרייהייט"־רעדאַקציע און שמועסן צווישן זיך:

— לייוויק? אַ היצקאָפּ!

— רוף עס נישט „היצקאָפּ" — דאָס איז נישט אײדל. רוף עס „טראָפּישער קאָפּ". באַ אים אין קאָפּ וואַקסן קיינמאָל נישט קיין ווײנפּערלעך אָדער אַגרעסן — נאָר קאָקאָ־נים. אַז דו קנאַקסט אויף געפינסטו וואַסער...

:: :: ::

איך האָב דאָ אַנומעלטן איבערגעלייענט לייוויק'ס ליד „וואָלקנס אַהינטערן (אַ הינטערן? !) וואַלד", און ס'איז מיר איינגעפאַלן, אַז „לאָן טשעני"*) איז נאָך אַלץ אַ גרעסערער אַקטיאָר פאַר לייוויק'ן.

:: :: ::

לאָן טשעני'ס זשאַנר איז: אַרויסנעמען מענטשן די קויכעס. לייוויק טוט אויך דאָס אייגענע.

לאָן טשעני אין די פילם־בילדער, לייוויק — אין דער דיכטונג.

:: :: ::

איין הון קוואָקעט, ווייל זי וויל לייגן אַן איי; אַ צווייטע הון קוואָקעט, ווייל זי לייגט אַן איי; אַ דריטע הון קוואָקעט, ווייל זי האָט געלייגט אַן איי.

---

*) דער נאָמען פון אַ פילמאַקטיאָר וועלכער ספּעציאַליזירט זיך אַף שרעקנסראָלן.

ליוויק קוואַקעט און קוואַקעט און קוואַקעט און ליגט שטענדיק דאָס זעלבע איי מיט אַ... בלוטסטראָפּן.

:: :: ::

מ׳קאָן זאָגן, אַז ליוויק ליגט דאָס איי נישט אַזוי צוליב׳ן ווייסל, אָדער דעם געלכל, ווי צוליב דעם — בלוטסטראָפּן.

:: :: ::

זאָלן מיר ווערן אַ שלעכטער און זאָגן, אַז דאָס איז ליט־סאַדיזם, זאַכערמאַזאָכיזם?

פון „גאָט מיט קישקעס אין דרויסן" און ענלעכע יאַטקעהויז־מעטאַפאָרן גייט אייך אויף צו ברעכן. דאָס איז שטאַרק, זאָגט איר? נו־יאָ, אַזוי איז אויך דער געריך אַף צווישנדעק פון אַ שיף, דער רייעך פון אַלטן קעז...

ווער עס האָט אַ גוסט פאַר אַזוינע יאַטקערייען, דער זאָל זיך באַלעקן!

:: :: ::

וואָס האָבן זיי שוין נישט צעטון מיט „גאָט", אונדזערע פּאָעטן? מ׳האָט אים שוין געזידלט ווי דעם ערגסטן. זיך געבעטן באַ אים ווי באַ אַ וואַלד־גאַזלען, ער זאָל נעמען אַ מעסער און שעכטן. אַרויס־געשלעפּט זיינע קישקעס אינדרויסן אַרויס און געלאָזט קאַפּן ס׳בלוט.

ווייסט דער גוטער יאָר, וואָס אַזוינע שרייבער טראַכטן זיך און פאַרוואָס זיי מאַכן אַ קולט פון מוטשען זיך און דעם לעזער!...

:: :: ::

ליוויק־טשעני האָט זיך געמאַכט אַ טעווע: ער גייט נאָך פּרעמדע אידן פון הינטן און שטעכט זיי שטילערהייט אַריין שפּילקעס אין טאָכעס אַריין.

:: :: ::

לאָן טשעני־ליוויק שרעקט אונדז שוין אַ שיינע פּאָר יאָר. נאָר איך און נאָך אַ היבש ביסל מענטשן האָבן בילכערע דאַיגעס, ווי דאָס, וואָס ליוויק טרייבערט באַ גאָט די קישקעס...

:: :: ::

אַז מיר גייען אַרויס פון דער דושנער לופט פון ליוויק׳ס ליטעראַרישע בלוטבעדער און מיר גיבן אַ קוק, אַז די זון שיינט, אַן אַרבעטער שטייט און פּוצט די פענצטער, טראַמווייען לויפן, מ׳ציט אַרויף אַ פּיאַנאָ אין אַ הויכער געביידע, אַרבעטער אַפּן „על", מיט הילצערנע שעפּעלעך, כאַפּן רויט־צעגליטע ניטן, וואָס מ׳וואַרפט זיי אַרויף פון אונטן, פּעדלערס רופן אויס זייער סכוירע, פייערלעשער לעשן, דאָקטוירים איילן זיך, הינט פּאָרן זיך, קעץ מיאַוקען, אַווטאָ־

מאָבילן פּייפּן — אַז מיר דערזעען דאָס אַלצדינג, פאַרגעסן מיר אינ־גאַנצן אָן דעם, אַז דאָס לעבן איז אָכאָכאָ, און אַז לייוויק'ס גאָט גייט אַרום מיט די קישקעס אין די הענט...

:: :: ::

ווען די געטער ווערן... פּאַטאָלאָגיש, וואָס פאַרא געטער זענען זיי שוין, מ'שטיין דר'ערדן געזאָגט!!

אַ גאָט אויף אַן אָפּעראַציע־טיש, פאַרשלעפּערט מיט עטהער, און דר. מאַיאָ פון ראָטשעסטער (אָדער לייוויק פון די בראָנקס) שטייט איבער אים און פּאַלמעסט און פּאַלמעסט...

:: :: ::

וואונדן, וואונדן... דער וואונדן־פּעדלער טראָגט אום אַ קיישעלע אַלטע (שוין לאַנג פאַרטריקנטע) וואונדן:

וואונדן, וואונדן, פרישע וואונדן! וואונדער־וואונדן צו אַלע שטונדן, פון זיך אַליין אַראָפּגעשונדן... וואונדן, וואונדן.... פרישע וואונדן!

יעדער דריטקלאַסיקער דיכטער איז באַ אונדז אַ איוב: קרעץ אַפן לייב. מאַנדראַוועשקעס אין די וויעס, לייסטענבערעך אין קאָפּ...

האַלט־איין אַ פאָלק־ישראַעל, האַלט־איין!

:: :: ::

די עמעסע מאַרטירערס (ווי סאַקאָ־וואַנזעטי, לעמאָשל), זענען נישט אויסן זיך צו מאַרטירערן. זיי זענען אויסן דורכצופירן אַן אידייע, אַפילע ווען זיי זאָלן מוזן דערפאַר באַצאָלן מיטן לעבן!

די פאַלשע מאַרטירערס זענען אויסן . . . זיך צו מאַרטירערן, עס עני פּרייז... לאָזיך טוען וואָס סי וויל! אָט־די לייט וועלן אייך טויזנט מאָל מאַקריוו זיין זייערע אידייעס, אַבי איר זאָלט זיי נעמען אויף דער טליע.

:: :: ::

איר קענט די „שאָטל־טרעין" (פאַרבינד־באַן) אויף דער 42טער גאַס?

די נעמלעכע שאָטל־טרעין גייט בלויז עטלעכע גאַסן און קערט זיך באַלד אום קריק.

אָפט קומט מיר אוים צו פאָרן מיטן „שאָטל", און שטענדיק אַז איך גיי אַריין אינעווייניק, דערמאָן איך מיך אָן... אברהם רייזען'ען.

זיין געזאַנג איז אַ מין קורץ־ליניקער שאָטל־טרעין, וואָס שאָטלט אַ גאַנצן טאָג הין און קריק.

„דער דיכטער עקס? אַ גאַנץ פּראַכטפולער דיכטער, בעעמעס...

ער האָט אין זיך עפּעס! הא, ווי מיינט איר? ער האָט אַ פּונק טאַלאַנט? בעעמעס אַ זשעני..."

:: :: ::

איר טרעפט אים אין גאַס, ער נעמט אַרויס אַ פריש בלאַט־צייטונג מיט זיינס אַ לידל אָדער אַן עס־יוד.

— געלייענט היינט מיין ליד? שוואַך, האַ?

דאַרפט איר געוויינטלעך פּאַרשטיין, אַז דאָס רעדט צו אייך אַ איד, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ שעם פּאַר אַ „גרויסן צאַדיק", און איר דאַרפט ענטפערן:

— וואָס רעדט איר, קאָלעגע רייזען? ס'איז אייך דאַווקע זייער געראָטן מיטן היינטיקן ליד אייערן.

איז דאָך אָבער א. ר. אַ גרויסער אָניוו, קנייטש ער זיך, ווי פון בויכווייטיק, און מאַכט:

— וואָס רעדט איר? איר שרייבט אַ סאַך בעסערע לידער פון מיר... איר זענט דאָך אַ זשעני... שיער־נישט אַ גאָנגאָל... ווי קום איך צו אייך?

אָט־אַזוי לייגט ער אייך אונטער קאָמפּלימענטלעך, קעדיי איר זאָלט אים נאָך מער לויבן, נאָך מער זייפן מיט אייל־זייף.

נאָר אַמאָל טרעפט, אַז ער כאַפּט אייך אין אַ שלעכטער לוינע, ווען איר זענט נישט אויפגעלייגט צו צאָלן אומשולדיקע כניפעלעך דעם „עלטערן מענטש", און אַז ער גיט אַ זאָג:

— „געלייענט היינט מיין ליד, האַ? אַ שוואַך ליד, איאָ?..."

— ענטפערט איר: „יאָ, טאַקע אַ שוואַך ליד." דעמאָלט ווערט דער צאַדיק אויס צאַדיק. ער צינדט זיך אָן ווי אַ שוועבעלע, די וואָנטשעס שטעלן זיך אים קאַפּויר, און ער מאַכט:

— אַ שוואַך ליד? ווער שרייבט היינט בעסערע לידער? מיין ליד, ווי שוואַך עס זאָל נישט זיין, איז עס נאָך אַלץ אַ מייסטער־ווערק! יענע קענען דען אויך שרייבן? צווישן אונדז גערעדט, קאָלעגע עקס, יענע זענען דאָך אַלע שוסטערס... אַכוץ אונדז ביידן איז אין דער גאַנצער אידישער ליטעראַטור נישטאָ קיין איין לייטישער שרייבער.

דאָ באַמערקט ער, אַז עס קומט אונטער אַ דריטער קאָלעגע, מיט אַ שטעקעלע.

— יאָ, און ער אויך! — ווייזט א. ר. אַף דעם צוגעקומענעם... מיר דריי זענען די איינציקע שרייבער באַ אידן... (ער דערזעט אַ פּערטן). פאַרשטייט זיך, דער איז אויך אַ גרויסער טאַלאַנט... מיר

פיר זענען בעעמעס די סאַמע גרעסטע שרייבער פון דער היינטיקער צייט — —."

אָט־אַזוי, פּראָסט און באַשיידן! אַזוי לאַנג ווי איר שטייט לעבן אים, זענט איר אַ זשעני. טראָגט איר נאָר אַוועק אייער אויער אַף עטלעכע שריט, זענט איר אַ סמאַרק, אַ גאָרנישט, אַ גראַפאָמאַן...

:: :: ::

אָט די שרייבערס האָבן צווייערליי „סעטס" (געגנג) מיט מיינונ־גען. איין מיינונג פאַר דער פּרעסע, פאַר דער „וועלט", פאַר אייך; די אַנדערע מיינונג — פאַר אייערע סאָנים, פאַרן פּליאָטקעטישל אין ליטעראַרישן קאַפּיי...

— איר היט זיך די ליטעראַרישע ביינער, האַ, רייזען?

— ניין, נישט דאָס, נאַדיר. איר זענט בעעמעס אַ ראָשע־מערושע. אַזאַ טייערער מענטש, מיט אַזאַ גאָלדן האַרץ, זאָל זיין אַ ראָשע, איז מיר בעעמעס אַ כידעש... איר זענט דאָך אַ עמעסער האָמאָן...

— נו, זאָגט שוין! איר האָט דאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, פאַר־וואָס שמירט איר אַזוי יעדן שרייבער איבער די ליפּן מיט פּאַטיקע?

— איכ'ל אייך זאָגן. ווען איך זאָל שרייבן וועגן עמיצן שלעכטס, איז ליהיי ווי איך וואָלט אָפּגעזאָגט אַ מענטשן דאָס לעבן... פאַר־געסט נישט, אַז איך בין אברהם רייזען... באַאישער איך בין אַן אָניוו... אָבער דער עמעס איז דאָך, אַז צו מיין וואָרט הערט זיך צו ס'גאַנצע אידישע פאָלק. לאַכט נישט, נאַדיר. ווען איך שרייב אָן וועגן אייך איין שלעכט וואָרט, דערהאַרגע איך אייך, כאָלילע, אַף טויט... מיינט נישט!

:: :: ::

דאָס גוטסקייט זיינס — דאָס האָט ער דאָך ב'שוטפעס מיט זיין כאַווערל שלום אַש.

איך גיי אַמאָל מיט אַש'ן אַף דער זיבעצנטער גאַס לעבן אוירווינג פּליים. מיר דערזעען אַ שטעלכן מיט פּרוכטן, אויסגעלייגט זייער שיין, אין טרעפּל־שורעס: אַנאַנאַס, מאַראַנצן, באַרן, פערשקעס. אַש בלייבט שטיין.

— דו האָסט עפּעס באַ זיך געלט, מוישעלע?

איך זוך אין קעשענע און געפין נישט.

— ני, ני, ס'מאַכט ניש... יאַכ'ל שוין אַלאיין קויפן. באַרן האָסטו ליב, מוישעלע?

— איך האָב ליב.

— וואָסערע באַרן האָסטו ליב, מוישעלע? גרויסע, געלע,

זאפטיקע קאליפארניע־בארן האסטו ליב ?

— יא.

גייט ער צו צום שטעלכן, קלייבט זיך אוים א גרויסע, האניק־דיקע באר פאר 8 סענט און — ער עסט זי אליין אויף.

דערנאך ווישט ער זיך אפ די וואנטשעס און זאגט:

קאליפארניע בארן זענען טאקיש זאיער גיט, מוישעלע!

:: :: ::

רייזען איז פון יענעם טיפ כאצע־נקייווע, וואס בעאיים זי „גייט" מיט אייך פאר עטלעכע דאלאר, האלט זי אייך אין איין דערציילן ווי שטארק ליב זי האט דעם אייגענעם מאן.

:: :: ::

אין א ליד פון א. אויערבאך לייענען מיר די ערשטע צוויי שורעס:

„ווי אלע טאג איז אין דער פרי
אויפגעשטאנען בוקער טי".

נאך גוט וואס מר. בוקער איז אויפגעשטאנען אין דער פרי. ווען ער שטייט כאלילע אויף באנאכט, וואלט ער שוין געמוזט הייסן בוקער פראכט, אז נישט וואלט ער נישט געקענט אויפשטיין...

:: :: ::

אף אונדזער קולטור־פראנט איז נאך אלץ נישט רואיק. א קליינער טייל כאווירים, וואס מ'האט זיי אויסגעמוסערט פאר אזוינע בורזשואזנע מידעס ווי: גאדלעס, איכיזם, פוסטקייט, האבן זיך גע־פונען שטארק באטראפן און האבן אנגעהויבן ווארפן שטיינער און אפילע בלאטע. אנדערע כאווירים — מוטיקע פראלעטפעניקעס, האבן אויפגענומען אונדזערע אף־א־מינוט־אפגעקילטע וואפן און ווייטער געצילט אינעם סאמע „אויג" אריין פון דער כאיע, וואס הייסט „בורזשקולט".

אז עס האט אפגעדונערט און אפגעבליצט אף אונדזער פראלעט־פראנט, איז די לופט געווארן א קאפעלע ריינער. נאר אז מ'האט זיך ארומגעקוקט דא און דארט (אין דער לופט־ליניע פונעם שטורעם), האט מען באמערקט אן אפגעבראכן צווייגל.

דאס איז קיין שאד נישט. יעדער לעבעדיקער בוים, וואס גיט ארוים פיירעס, מוז פון צייט צו צייט ארומגעזעץ ווערן. די פאר־קרענקטע צווייגן מוז מען אפוואַרפן. יענע, וואס רייסן זיך צו הויך פון די ווארצלען אוועק — צו זיי קען זיך שווערלעך דער־טראגן די ערד־זאפט. יענע קרענקלען געוויינטלעך אויבן — אין א דינער איינזאמקייט קרענקלען זיי און שטעקן אפט אן דעם גאנצן

בוים. וואָס גיכער דעם גערטנער׳ס שער פאַרכאַפּט זיי אין זיין שאַרפן X (עקס), אַלץ בעסער איז דאָס פאַר די פייגעס, פאַר די וואָרצלען, פאַר דעם בוים.

:: :: ::

איז ווער פון די פּראָלעטאַרישע שרייבער קען הויד־און־יעסאָד פון „פּערפעקציע״? אוואַדע נישט! פאַרקערט: פּראָלעטאַריזם לערנט דערעך־ערעץ פאַר אַרבעט!

אין דער ליניע פון פּראָלעטליט איז בלויז טרייף ווי כאַזער דער „מאַלכוסדיקער זשעסט״ פון דער קונסט, דער קונסט־אימפּעריאַליזם, וואָס גייט געאָרעמט מיטן קולטור־בלאָף, קולטור־באַנק; דער גרויסער אָנשטעל, אַז קינסטלער זענען „בעסערע מענטשן״, אַז יעדער פון זיי האָט אַ „גרעסערן נומער נעשאָמע״ ווי אַ געוויינלעכער באַסאַר־וו׳דאָם, אַז דיכטער זענען פּריווילעגירטע ליטע און זיי קענען אָפּטון קאָל־האַמין שטוסערייען, שווינערייען, און — שאַ־שטיל, זאָגט נישט אוים!

:: :: ::

מי שטעלט אייך אונטער אַ פּיסל, מי גיט וואוילינגעריש אַ רוק דעם דאַשעק אַף אַ זייט און מ׳גיט אַ פרעג:

איז דאַרף, הייסט דאָס, דער פּראָלעט־שרייבער זיך אַרונטער־לאָזן צום לעזער? ענפער, יאָ צי ניין?

מיר ענפערן: ניין. דער שרייבער דאַרף זיך נישט אַראָפּלאָזן צום לעזער, ווייל דער לעזער שטייט גאָר נישט נידריקער פון אים. דער דורכשניטלעכער לייענער איז אַף איין הויכפלאַן מיטן דורכ־שניטלעכן שרייבער. אויב אַ טייל לעזער שטייען זייער נידריק אין קונסט־געשמאַק, האָט מען עס צו פאַרדאַנקען דער אַרבעט פון גע־דונגענע בורזש־פענקנעכט, וואָס האָבן דורך הונדערטער יאָרן טינט־גיסעריי אַראָפּגעבראַכט דעם לעזער צו זייער אייגענער מאַדרייגע פון פּוסטקייט, וואָס זוכן נאָך ביז היינט דורך אַלערליי נידריקע קיצל־מיטלען צו גלעטן און פאַרשלעפערן דאָס קלאַסן־באַוואוסטזיין.

:: :: ::

די פראַגע „אַרונטערלאָזן זיך צום לעזער״ איז שוין (פאַר זיך אַליין) אַ גאַדלעסדיקער זשעסט. דער שוסטער „לאָזט זיך נישט אַראָפּ״ צו דיר, ווען ער לאָזט זיך אַראָפּ אַף דער קניע דיר נעמען אַ מאָס אַף אַ שוך.

דאָס „אַרונטערלאָזן זיך צום לעזער״ שמעקט שוין מיט בורזשואַזנעם סאָס, מיט אַ שטיל מעלאַמדיש קניפּעלע אונטערן בענקל. דאָס הייסט ווי צו זאָגן: מיר הויכע קינסטלער דאַרפן, נעבעך, גיין

א סאך טרעפ אַראָפּ, קעדיי צו זיין אַזוי נידריק ווי איר, פּראָסטע בניי־אָדאָמס, וואָס ציען אָן מעטאַלענע שלייקעס אַף הענג־בריקן, רייניקן קאַנאַלן, בויען טונעלן...

ניין, „מיר" דאַרפן זיך נישט „אַראָפּלאָזן" צו אונדזערע לעזער. מיר, פּראָלעטאַרישע שרייבער, נעמען אָן, אַז מיר און די לעזער זענען פון איין ייכעס. נישט בעסער און נישט ערגער. אויב יענער מאַכט פיינע קונסט־קעשענעס, שרייב איך אַזוינע זאַכן, וואָס איך מיין אַז זיי זענען קונסטיק צונויפגעטראַכט.

צי גלויבן מיר אין „קונסט"? פאַרוואָס נישט? מיר גלויבן אין וועסטל־שפּענצערס, גלויבן אין מעסערלעך. מיר גלויבן אין „קונסט" אויך. נאָר מער ווי אַלצדינג גלויבן מיר אין דער נייטיקייט צו דערנענטערן דעם פונק צום פאַס מיט פולווער, און צו דערנענטערן דעם פאַס מיט פולווער צום פונק!

:: :: ::

„אויב אַזוי", מאַכט דער וואוילער־יונג מיטן דאַשעק אַף א זייט, „אויב אַזוי, הייסט דאָס, אַז יעדער לעזער קען זיין א שרייבער?"

יאָ, יעדער לעזער קען זיין א שרייבער, נאָר א שלעכטער. א טייל לעזער, ווען זיי זאָלן זיך נעמען צו שרייבן, וואָלטן זיי עפשער געווען בעסערע שרייבערס ווי יענע, וואָס פאַרנעמען די פּיליטורטע שרייב־טישן אין די געלע רעדאַקציעס. אין דעם פּראַט איז שרייבעריי וויניקער קונסט, א שטייגער, ווי שניידעריי. איינער וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט געלערנט צו זיין א שניידער, וועט איינגאַנצן נישט אָנהויבן צו קענען נייען אַף א שטעפּמאַשין, בעאיים שרייבן קען יעדער מענטש — גוט אָדער שלעכט, אָדער מיטלמעסיק.

:: :: ::

איז דאָ „סוידעס" אין דער שרייב־קונסט? יאָ. זי האָט אַביסל פאַך־סוידעס! יעדער פאַכמאַן אין יעדן צעך האָט געוויסע אייגענע קנייטשלעך, אייגענע גענג, וואָס זענען געקומען צו אים (בא דער אַרבעט) דורך „אינספּיראַציע". יעדער שניידער האָט טעכניק און סטיל. די וואָס שלייפן פּיטעלקעס מיט דער האַנט, אָדער מאַכן אַריין קעשענעס, זענען די גרויסע פאַכמענער, די פיינע קענערס. די בעסטע פון זיי קען מען אָנרופן „קינסטלער". די אַנדערע זענען גלאַט נאָדל־באַלמעלאָכעס, גלאַט שטעפּערס. אין שרייבעריי איז אויך אַזוי: א טייל שרייבערס זענען גלאַט פען־שטעפּערס, טאַנדעטנע באַלמעלאָכעס. אַנדערע זענען קוואַליפיצירטע אויסטראַכטער, פיקציאָניסטן, לידער־שרייבערס, זשורנאַליסטן, עסייאיסטן. די בעסטע פון זיי קען מען

אָנרופן „קינסטלער".

קיין „קרוין" קומט קיינעם דאַפאַר נישט, וואָס ער קען אויס־שלייפן אַ גוט פיטעלקעלע, אָדער אָנשרייבן אַ גוט ליד אָדער אַ לייט־אַרטיקל. נישט מער, פון פּראָלעטאַרישן פּונקט־אויס דאַרף יעדער אַרבעטער דערמוטיקט ווערן צו טוען זיין אַרבעט אַזוי פולקום ווי מעגלעך, — אַריבערצוגיין פון קליין־קוואַליפיצירטע פאַך־טיילן צו מער־קוואַליפיצירטע; צו פּערפעקטירן זיך אין דער קונסט פון באַדינען דאָס לעבן; צו מאַכן פונעם לעבן אַליין אַ לעבעדיקע פּאָעמע, אַ קונסטווערק!

די „קרוין", וואָס די בורזש־וועלט האָט אָנגעטון אַפן קאָפּ פון „קונסט", איז באַ אונדז אַ שטערונג צו דער אַנטוויקלונג פון פּראָ־לעטישע זשורנאַליסטן. קיינער וויל באַ אונדז (דערווייל) נישט שרייבן אָן קונסט־שליפעס! דאַפאַר האָבן מיר אַזוי ווינציק יונגע זשורנאַ־ליסטן־פּובליציסטן און אַזאַ איבערמאָס פון דיכטער, סקיציסטן, נאָוועליסטן.

אינעם איצטיקן מאָמענט פון אונדזערע ביטער־שאַרפע קאַמפן, דאַרפן מיר אַ קאַדר פון יונגע פּראָלעטאַריער ,וואָס זאָלן זיין רעזערוו־מיטגלידער פון סטעף, אין פאַל פון אַן אומגליק. מיר דאַרפן שרייבערס, וואָס זענען אויסן נישט צו מאַכן זיך אַ „נאָמען", נאָר צו דינען דעם קאָמוניזם.

:: :: ::

קען דאָך איינער קומען צוגיין און זאָגן: הער נאָר, כ׳בעטיך, איר זאָגט מאַכן הויזן? איך טראָג שוין אַ קאָימע־לאָן פון 60 יאָר הויזן. דאַרף איך שוין פון דעם אַליין באַטראַכט ווערן ווי אַ „ספּעץ", און איר דאַרפט זיך רעכענען מיט מיין מיינונג.

מוז איך אים ענטפערן:

ניין, ברודער, פון דעם אַליין וואָס אַ מענטש טראָגט הויזן, אָדער לייענט ביכער, ווערט ער נאָך נישט קיין קוואַליפיצירטער שניידער. ער מוז — אַכוץ טראָגן הויזן, אַכוץ לייענען ביכער, — באַטראַכטן די הויזן און די ביכער מיט אַ פאַכמאַנישן בליק. ער מוז קענען די „סוידעס" פון טאָפּלנוטן, פון סטיל, פון פונקטואַציע; פון גערעכטענעם צושניט. מיט איין וואָרט: איידער אַ מענטש זעצט זיך שרייבן ביכער דאַרף ער זיך אַ שטיק צייט אָפּגעבן מיט פאַנאַנדערנעמען ביכער, זיי צעגלידערן אַף זייערע באַשטיי־פונקטן, זיי קריק צענויפשליסן. ווי אַ גוטער אַקטיאָר, דאַרף ער זיך לערנען צו קענען „אינספּירירט" ווערן אַקוראַט דעמאָלט ווען מ׳באַדאַרף. אַ גוטער פּראָלעט־שרייבער דאַרף זיך לערנען צו קענען טראַכטן

דאָס וואָס עס שטאַמלט אין אים, צו קענען קאָלעקטיוויזירן אַלע קויכעס אין זיך פאַר דער פּראָלעטאַרישער אידייע.

:: :: ::

„שיינקייט פאַר זיך אַליין", „עמעס צוליב'ן עמעס אַליין" — באַ, און גיט מיר די גומפּקע!

דער עמעס ווערט בלויז עמעס דורך דעם, וואָס ער באַדינט אונדזערע נויטן. אפילע די שפּעקולאַטיווע פילאָזאָפיע איז אויך נישט מער ווי אַף אַן אינסטרומענט אויסצונאַרן באַ דער „נאַטור" אַזוינע סוידעס, וואָס מיר קענען זיי אוטיליזירן פאַר אונדזער נוץ.

„דער ווילן צו וויסן" איז דער ווילן דורכצוברעכן די אייזערנע וואַנט, וואָס איז דאָס אויפהערן פונעם לעבן — דער ווילן צו וויסן, איז דער ווילן צו לעבן, דער ווילן צו מאַכן אונדזער לעבן בעסער און לענגער. דער ענד-ציל פון אַלע פילאָזאָפיזמען איז ווייך צו מאַכן דעם שטיין, אַף וועלכן דער מענטשלעכער קאָפּ ליגט אין געהאַקטע וואונדן און קען זיך מיט וועלט-מענטש-און-לעבן קיין אייצע נישט טון.

ווייסט איר ווי אַזוי דער „קולטוריסט" פאַרענטפערט אַלע סאָציאַלע פּראָבלעמען? זייער פּאַשעט. איר וואָלט זיך גאָרנישט גערעכט דערויף: ער לייגט אריין דעם פּראָבלעם אין אַ קאָשערער קעשענע אריין, פאַרזיגלט די קעשענע מיט טריפוואַקס, און — צינדט זי אונטער!

:: :: ::

די אָפּגעריסענע... נאַראָנים פון „וואָך" *), גייען אַרום ווי די הונגעריקע מייז און שפּירן מיט די נעז און אויגן, וואו עס געפינט זיך ערגעץ אַ שפּאַרעלע אין אונדזערע פּאָזיציעס אַף דורכצושטופּן זיך דורך אונדזער סאָלידן פּראָלעטאַרישן פראָנט.

האָבן זיי אַנומעלטן (אַ מעסירעלע פון אַ „בעסעדאָווסקי"?) דערשנאַפּט אַ פּיצעלע רים אין דער אידעאָלאָגיע פון איינעם אָדער צוויי פון די פּראָלעטאַרישע שרייבער, וואָס האָבן נאָך נישט גויוועט געוואוען אין זיך דעם בלענד-גלאַנץ פון בורזשואַזנע פּאַווע-פּעדערן, און — אָט שטייען שוין אַלע („דריי מאַן שטאַרק") מיט ברעכ-שטענג און מיט לאָמען און מען פּרופּט פונעם קליינעם רים מאַכן קלוימערשט אַ — שפּאַלטונג.

דאָס באַווייזט ווי שעדלעך עס איז יעדער „דורכלויכט" אין אונדזערע רייען, ווי ענג מי דאַרף זיך קניפּן, און נישט געבן די

*) אַ צייטשריפט אונטער דער רעדאַקציע פון ה. לייוויק.

הונגעריקע קולטור־מייז קיין שאַנס דורכצושטופּן זייערע מויזן־רירעוודיקע פּיסלעך.

מיסטער מנחם האָט יאָרן־לאַנג געשטעפּט און געשטעפּט ליטעראַ־טור, אַמאָל ערגער און אַמאָל בעסער, נאָר שטענדיק האָט ער גע־שטעפּט אָן פּאָדים!

די ליטעראַרישע זינגער־מאַשין זיינע האָט געשטעפּט און „גע־זונגען", געקלאַפּט און געטאַראַראַמעוועט. פון אויבן־אָן איז אַפילע געשטאַנען דאָס קלעצל ביליקע זייד־פּאָדים, נאָר אונטן איז קיין „באָבן" נישט געווען און קיין „שאַטל" (שיפעלע). אינעווייניק איז בא מר. מנחם'ען שטענדיק געווען ליידיק.

נאָך קנאַפּע 25 יאָר שטעפּן האַלט מנחם היינט פּונקט דאָרטן, וואו ער האָט אָנגעהויבן! קיין איין ליטעראַרישער שטאָך זיינער האָט זיך נישט „איינגעביסן" אינעם געוואַנט, וואָס איז צייט, וואָס איז לעבן.

:: :: ::

דאָס אַרויסגעשפּיגענע שפּייעכץ זאָגט:

— פּע, איך האָב אים נישט ליב!

— וועמען?

— דעם, וואָס איז נישט אַוועק מיט מיר אינאיינעם!...

געפעלט נישט, הייסט דאָס, מנחמ'ען, דאָס וואָס מיר האָבן זיך צעליינגט אין דער „מאָרגן־פרייהייט", ווי „אין וויינגאָרטן".

:: :: ::

אַז מי רעדט שוין פון די אָפּטריניקעס, לאָמיר נישט פאַרגעסן די מומע רייזען, וואָס גיט „לעבט אין שול אַריין" און טיילט צדאָקע אַלע שאַבעס.

מיר האָבן דאָ ערשט אַנומעלטן געהערט אַזאַ פאַקט:

רייזען קומט אַריינצוגיין אין אָפיס פון „מאָרגן־פרייהייט".

— העלאָ, העלאָ... וואָס מאַכט מען? ע... בעעמעס אַ —

ער וויל זאָגן אַ „זשעניע", נאָר ער ווייסט נישט וועמען ער זאָל עס זאָגן. אַלע זענען שטאַרק פאַרנומען בא די רעכן־ביכער. שוין וועלכע 5 וואָכן, אַז די שרייבער פון דער „מאָרגן־פרייהייט" האָבן נישט באַקומען אַ גראָשן.

— טאַקע, נישטאָ קאַ געלט? טסע, טסע, טסע! — מאַכט רייזען. — ס'איז בעעמעס אַ... שאַ, פאַר מיר האָט איר כאָטש געלט? ס'איז שוין היינט מאָנטיק! איך האָב באַדאַרפט קריגן מיינע ווידזשעס נאָך שאַבעס... פּע, דאָס איז נישט שיין! בעעמעס אַ...

מי באַרואיקט אים און מי ציילט אים אַריין אין דער אָפענער לאַבע אַריין די וועכנטלעכע געהאַלט זיינע.

איבערגעציילט צוויי מאָל, מאַכט ער:

— מיר קומט נאָך פינף דאָלאַר!

— ווי אַזוי? מיר האָבן אייך באַצאָלט אַ פולע וואָך סכירעס... ווי אַלע מאָל...

— יעס, אָבער אַז איך בין געווען אין קאַליפאָרניע אויף מיין יובילײ־טור, ווייסט איר?

— מיר ווייסן!

— האָט מען דאָרט געמאַכט אַ זאַמלונג פאַר דער „פרייהייט"...

— נו?

— האָט דאָך נישט געפּאַסט, אַז איך זאָל מיך נישט שטעלן שיין... בעעמעס, איך בין דאָך אַן אַרבעטער־פריינט...

— נו?

— נו, האָב איך אַרויסגענומען פון דער אייגענער קעשענע פינף דאָלאַר און געזאָגט: „כאַוויירים, איך גיב פינף דאָלאַר פאַר דער „פרייהייט". האָט מען מיר שטאַרק געקלאַפּט: „רייזען! רייזען!" איך בין בעעמעס גוואַלטיק באַליבט בא די אַרבעטער־מאַסן... איז קומט מיר בא אייך נאָך פינף דאָלאַר!... גיט אַהער! זייט נישט קיין רשאָאים... איר זענט בעעמעס רשאָאים!...

:: :: ::

דער פענונביקסלער איז פאַרנומען מיט טרייבן די פוקסן פונעם „וויינגאָרטן", די טכוירן — פון דער פידווירע, די הינט — פון די ליקן, די עזלען — פון די לאָנקעס, אַז סי בלייבט פאַשעט קיין צייט נישט אויף אַראָפּצושנעלן די וויינפערישע און קאַרלינישע פליגן, וואָס שטעלן זיך אויף דער נאָז, בעאיים דער שוויים רינט פונעם שטערן.

:: :: ::

אין זיקאָרן איז מיר געבליבן שטעקן אַ פראַזע פונעם שוסטער אין דוד בערגעלסאָנ'ס „פענעק", וואו ער זאָגט:

„אָבער אַ גוטן ראָסלפלייש עסטו פונדעסטוועגן? כאַפּסט אַריין, האַ? כאַפּסט אַריין?"

ווען איך לייען רייזענ'ס לידער אין „פאָרווערטס", וואו ער וויינט און קלאָגט און עסט קרעפּלעך, ווילט זיך אים אָנכאַפּן בא זיין וואָנטשע, אים אַ טרייסל טון און זאָגן:

אָבער אַ גוטן ראָסלפלייש עסטו פונדעסטוועגן! כאַפּסט אַריין, האַ, כאַפּסט אַריין?...

:: :: ::

קיין שלוישים אפילו נישט אָפּגעזעסן נאָך דיין אידעאַל, דו אַזוינער און אַזוינער, און ביזט שוין אַוועק לעבן מיט דיין „מויד", מיט דיין „פאָרווערטס", — געעפנט אַ קעש ביזנעסל פאַר זיך אַליין, מיט עפּיזאָדן־בראַנזשן אַזש אין אַרגענטינע — כאַפּסט אַריין, קאָלעגע רייזען, האַ? כאַפּסט אַריין?!

:: :: ::

דו ביליקער אַקטיאָרשטשיק, וואָס באַ דיר איז רעכט נעמען באַ אַן אָרעמען כאַוועד צוויי דאָלאַר און עס אַוועקגעבן דעם קעלנער טרינק־געלט — אַלץ צוליב דעם, אַז די היסטאָריע זאָל פאַר־צייכענען אַז דו האָסט אַ גאָלדן האַרץ!

קראַנק איז געווען אַ קרעפּטיקער אַלטיטשקער ווי דו, וואָס דו האָסט קויעך צו טאַנצן דורך די נעכט אין מאָסקאָוויטש'עס קאַפּיי — קראַנק ביזטו געווען צו דערנערן דיין „ווייב און קינד" פון ערלעכער אַרבעט? איך האָב גערעכנט זיכער: נו, וואָס עס וועט נישט זיין, אָבער אַזאַ פאַרשטאָכן פּאָנים וועט ער דאָך נישט האָבן צו גיין שרייבן אין „פאָרווערטס"! און אַזוי ווי זיין פרוי שיקן אַרבעטן אין אַ שאַפּ אַריין קען ער דאָך אויך נישט (זי איז צו „איידל"), וועט ער מיסטאָמע אַליין אַוועקגיין ערגעץ אין אַ שאַפּ פּרעסן הויזן, אָדער ציען פּאַסטריגעס, פאַרדינען די נויטיקע אַכט אָדער 10 דאָלאַר אַ וואָך, וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן קעדיי צו קענען לעבן, און דאַמיט באַווייזן, אַז זיינע אַלע שיינע ריידעלעך צו די „ברידער און געשוויסטער" איז נישט קיין טרייפענע ליפּן־פאָמאַדע...

אין ערגסטן פאַל האָב איך גערעכנט, אַז סי מעג דיר אָנשטיין צו ווערן אַ טענצער באַ מאָסקאָוויטש'ן אין קאַפּיי, אַ „ליטעראַרישע אַטראַקציע" (עס איז דאָך זיכער טויזנט מאָל שענער און אָנ־שטענדיקער, ווי צו שרייבן אין „פאָרווערטס"). דער באַלעבאָס פונעם קאַפּיי, בין איך זיכער, וואָלט דיר געווען גוט באַצאָלט דערפאַר, און אַביסל קידעש־וויין וואָלט אויך געווען, און פאַרפרישטשעטע מיידלעך אַרומצוקושן וואָלט אויך נישט געפעלט. וואָס מער האָט דיין „דיכטעריש" האַרץ געקענט פאַרלאַנגען, האַ?

:: :: ::

רייזען און דער פּרינץ פון די סאָכרים.

באַ דעם „פּרינץ פון די סאָכרים", מר. דזשאַן וואַנעמייקער, פלעגט זיין אַ מאָטאָ: **„אַ קאָסטימער (קוינע) איז טאָמיד גערעכט".**

אַזוי ווי דו באַטראַכסט די גאַנצע וועלט פאַר „קאָסטימער" פאַר דיינע „עסקיזן" און „עט־יודן", דעריבער האָסטו אַזוי ברייט געעפנט

דיין האַרץ, דו זאַנפטער, צאַרטער, זיסער האָמאָן־האַראָשע! קיינ־מאָל עפנטלעך קיין שלעכט וואָרט נישט געזאָגט אַף קיינעם, געקושט אי די מוזע, אי דעם ציילעם, אי — לייהאָווריל בייעלעף האַוודאָלעם — די רויטע פאָן.

ווער ס'איז קיין מיוווין נישט אַף דיינע ליטעראַרישע סטוטש־קעלעך, אַף דיינע כניפעלעך צו אַלע סאָוועטישע שרייבער, צו אַלע וואָס האַלטן אַ פען אין האַנט, אָדער אַ „אידיש וואָרט" אין מויל!

אַפילע אין דיין טעווע צו שרייבן נישט ווייניקער ווי צוויי לידער מיטאָמאָל ליגט אויך אַ געמיין סטוטשקעלע, אַ באַוואָרעניש: דער קריטיקער זאָל דיר נישט קענען זאָגן, אַז ס'איז דיר היינטיקס מאָל נישט געראָטן. וואָרין צוויי לידער האָבן אַ טעווע, אַז ווי שלעכט איינס פון זיי זאָל נישט זיין, קען דאָס אַנדערע זיין נאָך ערגער, וועט שוין דאָס ערשטע ליד ב'מיילע זיין „בעסער", און אַ מענטש וואָס איז ב'טעווע נישט אַזאַ גוטמוטיקער ליגנער און טשאָלנט־ברעטל־שמירער ווי דו, קען מיט אַ ריין געוויסן זאָגן, אַז איינס פון דיינע צוויי לידער איז נישט שלעכט — רעלאַטיוו גערעדט, הייסט דאָס...

:: :: ::

אַז דער פענונביקסלער פלעגט (אין די אַמאָליקע יאָרן) לייענען לייוויק'ן, אָדער מנחמ'ען, האָט ער געהאַט ס'געפיל, אַז ערגעץ איז אָפּן אַ הינטער־טיר און עס ציט אַ צוג...

אַ טייל פון יענע מיטלויפערס האָבן אַליין אָפּן געהאַלטן די טיר מיט אַ פוס (דאָס „מעדרכען"), קלוימערשט גלאַט־אַזוי־זיך, עס זאָל אַריינגיין פרישע לופט... פאַר אַנדערע האָבן קאַלעגן געהאַלטן אָפּן די הינטער־טיר, אונטערגעלייגט שטיינער — עס זאָל זיך נישט קענען צומאַכן.

אַלע זענען דערנאָך דורך דערזעלבער הינטער־טיר אַרויס, — איצט איז די טיר פאַרמאַכט. די אידעאָלאָגישע צוג־ווינטן האָבן אויפגעהערט בלאָזן. אין רעדאַקציע „מ. פרייהייט" גייט היינט מער קיינער נישט אַרום מיט אַ קאַטאַר אַף דער נעשאָמע. — די וואָס רייסן זיך קריק־אַריינקומען דורך דער זעלבער טיר, ווערן צוביסלעכ־ווייז געוואָר, אַז די טיר איז פאַרמויערט מיט די זעלבע שטיינער, וועלכע זיי האָבן אַף אונדז געוואָרפן אין די טעג פון דער „וואַק־כאַנאַליע".

:: :: ::

# אָפּקלאַנגען פון ערשטן מאַי, 1930

דעם ערשטן מאַי, 1930, ווען באַ אונדז אַף יוניאָן־סקווער האָבן געברענט די גרויסע וואַלד־פייערן פון פּראָטעסט און וואָפן־איבונג, ווען צעפלאַטערטער און געצאַמטער בונט האָט געהודיעט פאַרביי דעם איסט־בראָדווייער מיקווע־און־רעדאַקציע ראַיאָן, — אין יענעם טאָג זענען די שווארצע, געלע און פּאַפּיליאַטע פייגל געוואָר געוואָרן, אַז דער „וואונדערשיינער מאָנאַט מאַי" איז שוין דאָ. די קאָשערע שפּיל־פייגל האָבן זיך אַ לאָז געטון אינעם געגנט אַרום אונדזער פלאַמענדיקן גאָרטן, האָבן מיט איין כיטרע אויגל באַוואונדערט די נאַטור און מיט דעם אַנדערן האָבן זיי געקוקט צו איסט־בראָדוויי צו, וואו די מעזוינעס־ווערימלעך קריכן.

דער ערשטער מאַי איז פאַר די געלע און פּאַפּיליאַטע שרייב־פייגל פון „טאָג" געווען דער טאָג פון גרויס הישטאַפּכעס־האַנעפעש, איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן. די „געוועזענע מענטשן" און היינטיקע פען־לאַקייען זענען געשטאַנען אַף זייערע גאַניקלעך און זיך גע־קראַצט די בליסטשענדיקע פּליכעס. עלעגיש־לירישע יוגנט־זיכרוינעס זענען געקומען אין די „באַקראַנצטע" קעפּ אַריין. אַלטע, פאַרוואָר־לאָזטע געוויסנדלעך האָבן זיך גענומען מעלדן און בייסן מיט לײדיקע יאַסלעס.

דער ערשטער טאָג פונעם „וואונדערשיינעם מאָנאַט מאַי" האָט זיי דערמאָנט, אַז... אַמאָל, אַמאָל זענען זיי אויך געווען יונג און רעוואָלוציאָנער, האָבן „אַליין מאַרשירט אונטער דער רויטער פאָן פון סאָציאַליזם".

וואָס הערן מיר? אַ „געוועזענער מענטש" האָט זיך צעוויינט, כ'בעט איבער אייער קאָוועד, די טרערן רינען אים גלייך אין די שטיוול אַריין. ער טאַפּטשעט נעבעך אין אַ טיף בלאָטקעלע פון ליטעראַרישע טרערן! נאָר עס, ס'איז גאָרנישט. ער איז אַ איד, און (אַלם אַזעלכע־נער) האָט ער אַ פּעטע שטעלע אין „טאָג". שטייט באַ דער רעדאַקציע־טיר ווי אַן אַלטער שאַבעסכאַנוקע, הויבט אָפּ די יאַרמיקע פאַר דעם לאָמפּן־פאַבריקאַנט מיסטער שאַפּיראָ, וואָס ברענגט לייכטער און מענוירעס, קידעש און כאַרויסעס, „פּעידע" און קובעבי.

און אַז דער אַלטער האָט זיך גוט אויסגעסמאַרקעט די אויגן, איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן, לייגט ער זיך אַליין אַריבער אַף דער קיסע־האַפּאָרנאָסע, פאַרקאַטשעט זיך דעם אויסגעריבענעם פראַק, און שלאָגט זיך מאַלקעס:

מאַכט ער:

„מוטיקע קינדער זענען עס. (די קאָמוניסטישע יוגנט, הייסט עס). לוסטיקע און גרייט זיך מאַקריוו צו זיין פאַר דעם, אין וואָס זיי גלויבן."

און אַז דער „געוועזענער מענטש", וואָס דינט היינט אין „טאָג" צוליב... ראָסלפּליש, קוגל און העם ענד עגס, האָט דאָס אַלצדינג געזען מיט די אייגענע צוויי קאָסאָקע אויגן, האָט ער זיך צעבליפּעט ווי אַ ביבער.

אַ ווייטיק איז אים נעבעך, אַ גרויסע! די געוועזענע מענטשן, די וויק־ענד־סאָציאַליסטן, גלויבן נישט אין קיין זאַך, אַכוץ... אין קוגל, כאַרויסעס, העם־ענד־עגס, באַנק־ביכלעך, און געפילטע קישקע.

דערפאַר, אַז ער (דער געוועזענער) האָט אַ קוק געטון אַף דעם זידנדיקן קעסל־שטראָם פון יונגע און מוטיקע קאָמוניסטן — 150 טויזנט אין צאָל, האָט אים פאַרקלעמט באַם האַרץ, „אַד איין לייַ־שאיער", און...

„און ווען איך האָב געקוקט אַף די טויזנטער יונגע מענטשן, וואָס האָבן געשריען, געזונגען און געטומלט, האָב איך געמוזט אויסשרייען: עס איז שוין, עס איז פאַרכאַפּענד! צו זיי (צו די קאָמוניסטן, ה"ייסט דאָס, — מ. נ.) באַלאַנגט די נאָענטע צו־קונפט."

אַ דאַנק אייך, ר' אַלטער שפּיל־פויגל! און שמירט זיך אויס די שיך מיט אייער גוטקייט. מיט דער נאָענטער צוקונפט, ר' אַלטער, וועלן מיר שוין פאַרטיק ווערן ווי עס איז. און אייך אַליין, ר' אַלטער, און אייערס גאַטונג וועלן די טרייפענע טרערן נישט אויסקויפן.

:: :: ::

אין דער שוואַרצער בעזאָלאָוויע פון דעם „טאָג'ס" ערשטער־מאַי־רעפּאָרטערס האָט זיך אויך אַריינגעכאַפּט דער אויסגעריבענער דראַפּיטש מר. דאַנצים. ס'קאָצל קומט, ר' מאָרטכע! וואו זענט איר געוועזן אַזאַ לאַנגע צייט? עפּעס האָט מען יאָ געהערט פון אייך אַביסל, נאָר דאָס קאָל, מיסטער דאַנצים, איז באַ אייך געקומען פון... בויך. האָבן מיר געמיינט, איך ווייס, עפּשער איז שוין דער מאַן אַריין אין דער „סייד־שאָו" פון דעם מאַרגענזשורנאַל'ס קוני־איילאַנד? דערווייל, מיר גיבן אַ קוק, וואָס זענען מיר? מיר זענען, אַז ר' מאָרטכע האָט זיך פאַרלאָזט אַ „גייסטיקע באָרד" ביז צום גאַרטל. זענען מיר שוין געוועזן פראָסטעפאָשעט צעמישט: איז דער מאַן אַ בויכ־רעדנער אין צירק? אָדער איז ער... די „אידענע מיט דער באָרד"? אַף אַזאַ ליטעראַריש פאַרזעניש קען מען זיך אַלצדינג ריכטן! ערשט, וואָט־טעביע, וואַיאָווע מאָרטכע: ער האָט שוין אַ נייע... פאַרנאָסע.

ער איז אַ „איד" באַם „טאָג"! אַ גאַנצער „ספּעץ" אַף קאָמוניזם. אַ נאָז האָט ער אַ היבשע, דער מאָרטכע, איז וואו ערגעץ אַ שפּאַלט, אַ שפּעלטל, אַ שפּאַלטונג — אהא, דאַנצים'עס נאָז איז דאָ. אָבער איד איינער! אייער קאָלעגע, יואל סלאָנים, וועט דאָס אייך קיינמאָל נישט מויכל זיין! ער האָט מער כאַזאָקע פון אייך אַף צו שטופּן די נאָז הינטער פּרעמדע טישן און בעטן. זייט נישט קיין מאַסיג־גוואול, ר. מאָרטכע! צי האַ? עפּשער איז דאָ גענוג פּלאַץ פּאַרביידע נאָז־שטופּערס? סאַף־קאָל־סאַף איז אונדזער באַוועגונג אַזוי גרויס, אונדזער אידעאָלאָגישער טיש אַזוי רייך, אַז סי פּאַלט אָראָפּ פאַר די קליינע הינטלעך, וואָס דרייען מיט די עקלעך אַף רעכטס, און לאַסטשען זיך מיט די אייגעלעך אַף לינקס.

מאכט מרדכי דאַנצים:

„די אידיש־קאָמוניסטישע יוגנט איז אַן אינטעליגענטע, אַ טומלדיקע, אָבער אַ באַוואוסטזיניקע. זי אונטערשיידט זיך פון דער אַמאָליקער סאָציאַליסטישער יוגנט מיט איר פּאַרטײפּן זיך אין פאַרשיידענע פּראַגן און פּראָבלעמען, און דער איקער — מיט איר גרויס ענטוזיאַזם, וואָס פלאַמט אַרויס פון אַלצדינג וואָס זי טוט."

איז דאָך שוין, דאַכט זיך, נישקאָשע? איז — טויג עס ערשט נישט. פאַרוואָס? אָט לייענט ווייטער ווי מר. דאַנצים טוט זיך באַקלאָגן, אַז —

„מיט אידיש און אידישקייט האָט די דאָזיקע יוגנט נישט צו טון."

איז דאָך שלעכט, האַ? וואָרין טוירע, ווי מיר ווייסן, איז דאָך די בעסטע וואַרע! פונדעסן איז ר' מאָרטכע נישט קיין „גאַז־לען". זיין קאָשער אידיש האַרץ איז אונדז מויכל אונדזערע אַלע זינד. ער פינאַליזירט:

„אָט די־אָ באַציאונג (די נישט־אידישקייט. — מ. נ.) נעמט אָבער נישט אַוועק פון דער אידיש־קאָמוניסטישער יוגנט... איר הויכן אידעאַליזם... איבער אַ סאַך לויכט דער אָרעאָל פון מאַר־טירערײַ."

נאָר וואָדען?

„זייער העלדישקייט און מסירעס־נעפעש איז אַ אידישע."

אַ דאַנק אייך, זייער שטאַרק פאַרן קאָמפּלימענט, ר' מאָרטכע. נאָר מיר מוזן אייך ווידער שווער מאַכן דאָס האַרץ און אייך זאָגן, אַז דער מאַרטירער־אָרעאָל איז אינגאַנצן נישט קיין קאָמוניסטישער. קאָמוניסטן זענען נישט אין די מסירעס־נעפעש־ביזנעס. אויב מען דאַרף געבן דאָס שטיקל לעבן, גיט מען און מי פאַרלאַנגט דאַפאַר נישט קיין „רעסיט". און די גרייטקייט צו דינען דער אידייע

מיט ליב און לעבן איז די מידע פון די נישט־אידיש־רעדנדיקע קאָמוניסטן, נישט ווייניקער ווי פון די, וואָס רעדן אַף אידיש.

:: :: ::

א בוקעט פון ציבעלע־שאָלעכץ פאַר א שטיק רעפּאָרטאַזש קומט היינטיקס מאָל ב. צ. גאָלדבערגן. ער האָט זיך דאָס מאָל גע־פּיפּיקט, פון דעם פאַרשרויפטן פּיסקל שיטנזיך כיטרע אהין־און־אהער׳יקע באָכמעלעך און האַמצאָעלעך.

ער שרייבט:

„מיט די טויזנט אינגלעך און מיידלעך איז אויך געגאַנגען דער סאָציאַלער געוויסן פון דער היינטיקער צייט, דאָס געפיל פון יושער און גערעכטיקייט, דער פּראָטעסט קעגן דער אומרעכט פון דער היינטיקער אָרדענונג.“

מאַיסע „אומפּאַרטייאישער דזשענטלמאַן”. ניכט וואהר? נאָר מיט א פּאַראַגראַף וויטער, איז זיך מעיאַשעוו דער נעמלעכער דזשענטלמאַן און גיט אַ זאָג:

„שטעלט זיך פאָר, אַז מיר שערן־אָפּ דעם סאָוועטישן „עק“ פונעם מאַרש — מיר נעמען אַוועק די פּלאַקאַטן וואָס דערקלערן רוסלאַנד פאַר דער פאָטערלאַנד פון די אַרבעטער, אַן אויפרוף פון וועלכן, מיר דוכט, אַפילע אַ קאָמוניסט מעג זיך אָפּוואַרפן.“

עפּעס א באַקאַנט שטימעלע, ניין?

די קאָמוניסטן אין סאָוועטן־לאַנד זענען אָלרייט. נאָר די קאָמוניסטן דאָ־הי — פּע!

פּריפּט עפּעס א ניי לידל, געשעצטער גאָלדבערג! און וואָס שייעך אָפּשניידן דעם „עק”, — שטעלט זיך פאָר, מיין טייערער, ווען מען טוט אייך אזא זאַך? ווער וואָלט געשריבן פאַר אייך לייט־אַרטיקלען און אנדערע אזוינע זאַכן?

מאַכט זיך נישט נאַריש, כאַשעווער הער „קאָלומניסט”, עס פּאַסט נישט פאַר אייער שווער, דעם פיינעם הומאָריסט שלום־עליכם.

# נאָטיצן

קונסט־ל׳שעם־קונסט! אין סי־געיט האָבן זיך דאָ אַנומעלטן פאַרזאַמלט ווייבער פון דער גרופּע „ווימענס פּיס ליג” (גיט אַכטונג ווי איר זאָגט אַרויס דאָס וואָרט „פּיס”!), איינער אַ כאַזן אַ ר׳ בערעלע און אַ פּאָר „זיסע ליבנסווירדיקע מענטשן”, און מען האָט דערלאַנגט אַ קנאַק מיט אַ באַנקעט לעקאָוועד... דעם דיכטער מאַני לייב.

מיר שטעלן זיך פאָר ווי כיינעוודיק דאָס איז געווען: דער כאַזן ר׳ בערעלע טרילמערט. די „פּיס”־ווייבער פלאַמען מיט ליידנשאַפט צו דעם „שאַינעם דעכטער”. די „ליבענסווערדיקע מענטשן” קנאַקן האָזענע ניסלעך און ווינקען זיך איבער מיט די פּיס־אידענעס. דער „ריינער דיכטער” מאַני לייב לייענט־פאָר פון זיינע ריינע, נישט־געפעלשטע, 14־קעראַטנע לידער, און אַ פּיפּיקער קאָלעגע גייט אַרום מיטן טעלערל: „פאַר אַ ריינעם דיכטער — בעטמענזייער!”

:: :: ::

דער דיכטער פון קליינע לידעלעך, פאַר קליינע „אידעלעך”, דער מייסטער פון שטראַם־גראַם־מאַך־מיר־אַ־לעטניק, דער סאַמע בעסטער קענער פון האָצעפּלאָצישער האַלדז־גימנאַסטיק („פון אלעסק ביז קיין ביסק טראָגט אַ פּיקס אַ... ביקס אין פּיסק”!) שטייט העכער אַפילע פון זיך אַליין!... דער שפּיל־פויגל דע־לוקס רירט קוים־קוים די ערד אָן מיט אַ שטיקל פליגל. ער דאָסט אין די הימלען. ער זעגלט אין די בלאָע רוימען — פּשטאַיטיר מיך! ער, מאַני לייב, וועט זיך אַראָפּלאָזן צו די פּאָשעטע מענטשן אַף דער פאַרשמאָדערטער ערד? ער וועט מיט זיינע פליפערד־פליגל אָנרירן די קויטיקע שוועלן, וואָס דאָס לעבן שוויצט, וויינט, פּאַטשקעט זיך? נישט ער! נישט מאַני לייב! נישט דער „ריינער” דיכטער, פון ריינע, גאַראַנטירטע קונסט־לידער. וואָס האָט ער, דער איבער־מענטש, צו טון מיט אַזעלכע וואָכעדיקע זאַכן ווי ברויט און זאַלץ און שוויס און נאַפט? פּאַרנאָסע? ער לאַכט דערפון מיט אַ „ריין” קינסטלעריש געלעכטערל?! נישט מער, אַז ער אַליין דאַרף אַ ביסעלע פּאַרנאָסע, שעמט ער זיך אַוואַדע נישט און לאָזט זיך אַראָפּ צו די „פּיס־ווייבער” פון סי־געיט; דאָרטן, אין אַ האָטעלכן, לייענט ער זיינע לידער פאַר די פּאָרעס־האַבאָשאָן, פאַר די „רעכט־דענקענדע, שיינע באַלעבאַטים” און... מיטן טעלערל אין דער האַנט. (צי האָט מען עפּשער גענוצט אַ קאַפּעליושל?). „אַ דאָלאַר פאַרן ריינעם דיכטער, בעטמענזייער!”

:: :: ::

אימאַזשיניסטן: אַזוינע וואָס „מאַזשגענען” אין ליבמאַנ׳ס זשורנאַלכן.

הומאַניסטן: וועגעטאַרישע קאַניבאַלן.

:: :: ::

דזשאָהן מעיספילד, דער פּאָעט פון ליוק אָ׳קאָנער׳ס ביר־שענק, אין גרינידזש ווילעדזש, האָט אַמאָל געשריבן (אומגעפער):

„איך זינג נישט פון די וואָס זענען ברייט אין דער לענד,
איך זינג פון יענע אַלע וואָס זענען פונעם לעבן געשענדט.
איך זינג נישט פון די וואָס זענען פעט און ברייט אין דער דיך,
איך זינג פון די וואָס האָבן צעפּליקטע הערצער און צעריסענע שיך.”

דאָס איז געווען אַמאָל, אינעם לומפּן־פּראָלעטאַרישן פעריאָד פון דעם־אָ שפּערלינג, וואָס האָט געזונגען בעאיים ער האָט געזוכט אַ שטיקל ברויט אַפן מיסט. היינט איז „אונדזער דזשאָהן”, דער דזשאָן פון ליוק אָ׳קאָנער׳ס ביר־שענק, געוואָרן דער געקרוינטער פּאָעט פון ענגלאַנד און דעם „קיניג׳ס קאַנאַריק”...

:: :: ::

דעם „קיניג׳ס קאַנאַריק” זינגט שוין היינט גאָר אַנדערש. ס׳איז אַראָפּ די „גראָבקייט” פון זיינע אויפרייסנדיקע פערזן. היינט דיכטעט מר. מעיספילד ווייסע, געבייטלטע לידער, ווי סי פּאַסט פאַר דעם „קיניג׳ס קאַנאַריק”... היינט באַמיט זיך מר. מעיספילד צו גיין אין די וואַסאַלן־טריט פון זיינע פאָרגענגער, די לאָריעטן פון ענגלאַנד. היינט ווערט „דעם קיניג׳ס קאַנאַריק” ציִיטנווייז אַ שטיקל פּאָפּוגיי, וואָס קרימט נאָך די בראַווע זשעסטן און די געלעקלטע אינטערוויר־מאַניערן פון דעם נעכטיקן „פּאָעט לאָריעט” דר. ברידזשעס; איינ־גיכן וועט דזשאָהן מעיספילד מיסטאָמע באַזינגען די קעניגלעכע כאַסענעס, ברים׳ן, שאַלעם־זאָכערס — נישט פאַר 27 פונט שטערלינג אַ יאָר, ווי די אַמאָליקע ענגלישע הויף־דיכטער פלעגן דאָס טון, נאָר פאַר... אַ היבש ביסל מער!

:: :: ::

קונסט־ל׳שעם־קונסט איז אין דעם פאַל די טייטש — קונסט ל׳שעם אַ פעט שטיקעלע ראָסלפלייש, מיט אַ פריש בינטל וויינטרויב־לעך פונעם קיניג׳ס אייגענעם וויינגאָרטן ארוים!...

:: :: ::

דער „ליבער דר. זשיטלאָווסקי” האָט שוין ווידער אוועקגעלייגט אַפן טיש אַ בלאָנדע האָר פון זיין באָרד און זי מיט אַ סאָפיסטיש העקל אויפגעשפּאָלטן.

מיר רעדן דאָס פון זיין אַרטיקל „העברייאיש און העברייאישיזם" אין „טאָג" פון 25טן מאַי, 1930.

אין דעם נעמלעכן אַהין־און־אַהער אַרטיקל באַווייזט דער „ליבער דאָקטאָר זשיטלאָווסקי", אַז ערשטנס... (לאָמיר אַזוי וויסן פון בייז!), און צווייטנס (לאָמיר אַזוי וויסן פון בייז!), און דריטנס דרייט דער ליבער דאָקטאָר דאָרטן אַ היטל עפּעס וועגן דעם כילעק צווישן העברייאיזם און העברייאישיזם. דער גאַנצער אומגליק ליגט, הייסט דאָס, אין דער „שין" פון העברייאישיזם. נעמט אַוועק דעם שין, און — „עוורעטהינג איז לאָוולי, סאָ העלפּ אָס דזשיזוס!" (אַלצדינג איז אויסגעצייכנט, אַזוי זאָל אונדז דער יוויזל העלפן!).

אַמאָל־אַמאָל, אויב זי געדענקען, מיינע ליבע הערן, יהוד'י־שיסטן, האָט דער ליבער דאָקטאָר געהאַלטן, אַז העברייאיש איז... פע, נעמטס אַוועק פון דאַנען! ס'איז אַ „געפּייגערט לאָשן", „ס'איז אַן אָפּשפּרעך, נישט קיין שפּראַך". דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען דער ליבער דאָקטאָר האָט נאָך אָפּגעהיט זיין ליטעראַריש זיצפלייש. היינט האָט זיך דער ליבער דאָקטאָר אויך אין דער שפּראַך־פראַגע אַוועקגעזעצט מיט אַ האַלבן הינטן אַהער, און מיט דעם אַנדערן אַהין. דעם דאָקטאָר'ס באַרימטער מעטאָד: ער נעמט אַ גרינגן איניען און מאַכט אים גוואַלדאָוונע שווער. די־אָ אַרבעט גדויערט 7 יאָר מיט 7 וואָכן. דערנאָך גדויערט אים נאָך זיבן יאָר מיט 7 וואָכן און ער מאַכט דעם איניען קוים מיט אַנגסטן אָף אַ העלפט אַזוי גרינג ווי ער איז געווען פון אָנהויב, איידער דער ליבער דר. זשיטלאָווסקי האָט אים גענומען אין די הענט אַריין.

דער ליבער דאָקטאָר צעקייט איך דעם כילעק צווישן העברייאיזם און העברייאישיזם, און סי קומט אויס, אַז דער ליבער דאָקטאָר, וואָס האָט אַלע זיינע יאָרן „געקעמפּערט" (מיר זאָגן „געקעמפּערט", נישט „געקעמפּט", האַהאַהאַ!), איז זיך מוידע, אַז די „שיפּכע" איז טאַקע אַ... שלעפּל, אַ ראָצערקע, אַ ניקס; וואָס קען זי? וואָס האָצע? וואָס פּאַרמאָגצע? „קיינע" מוזיק. „קיינע" טיפּע אויצרעס, בעאיים די נגידעסטע, זאָל זיין געזונט, האָט דאָך טאַקע אַ ביבל־גוידער, מיט די אַלע זיבן זאַכן, און היינט דאָס קלינגעניש, וואָס סי קלינגט פון איר אַרויס! אַז דר. הערבערט (אויב איר קענט אים) שטעלט זיך אַוועק, הערט איר, און הויבט אָן דאַבערן אָף העברייאיש, הערט איר, אַז... די האָר שטעלן זיך קאַפּויער, לאָמיר אַזוי געהאָלפן ווערן מיט אַלעם גוטן!

האַקלאַל, און בעקיצער, און וואָס טויג עס אונדז, דער ליבער דר. זשיטלאָווסקי האָט סאָף־קאָל־סאָף איינגעזען, אַז עס איז נישטאָ

קיין „ברעקל סאַפּעק" אין דעם, אַז דער העברייאיש איז אָווא־וואַ־וואַ, נאָר נישט מער, יהודיש איז אויך... אָווא־וואַ! דאַפאַר דאַרף די קנעסעם־יסראָעליכע ליב האָבן העברייאיש און כאסענע האָבן מיט יוהדיש. נאָר נאָך אויסשטייער — דאַרף מען טאַקע פאָרט גיין צו העברייאיש, ווייל וואָס די נגידעסטע וואַרפט אַרוים אין מיסט, קען נאָך די שיפכע האָבן געגוג אַף א וואָך צערונג. נאָר וואָזשע־דענזשע? מ'זאָל אַרויסנעמען די שין פון העברייאישיזם וועט שוין זיין גאָר פרימע. און איצט, מענדל־(ראָזענבאום)־לעבן, לאָמיר אַפּזינגען „גאָט פון אברהם" און גיין א האַפּקע.

:: :: ::

דעם ליבן דאָקטאָר'ס „פילאָזאָפיע" האָט שטענדיק געהאַט דעם טאַם נישט פון קיין פלייש, און אפילע נישט פון קיין גאָרטנוואַרג, נאָר פון... קיי־גומי (טשואינג־גאָם). דער דאָקטאָר לעבן האָט ליב צו קייען רייד. ער נעמט אַרוים פון וועסטל־קעשענקעלע א פּעקל געסאָרטירטע, אָפּגעפּוצטע, שיין־איינגעפּאַקטע ריידעלעך, און קייט און קייט און קייט.

נאָר דאָס איז אַליץ גערעדט געוואָרן — אַמאָל, ווען דער ליבער דאָקטאָר האָט נאָך געאַרבעט באַם אָפּגעראַזירטן פאָלק יסראָעל פאַר א באָרד. אין זיין „דעמאָקראַטישן פּעריאָד" האָט דער ליבער דאָקטאָר זיך אַרויסגעזאָגט אין ליבע צו דער שיפכע, אין דער האָפענונג, אַז די וועלט וועט קלינגען מיט דער סענסאַציע, און אַז דער שיפכע'ס מישפּאָכע וועט אים טראָגן אַף די הענט. איצט אָבער האָט זיך דער ליבער דאָקטאָר אַרומגעזען, אַז „גיין צו א שיפכע" איז איין זאַך, און קיצלען די נגידעסטע הינטערן גוידערל איז אַן אַנדערע זאַך. עמעס איז, די שיפכע פאַרמאָגט נאָך אַביסל דראָשע־געשאַנק, וואָס איר מישפּאָכע האָט זיך צענויפגעלייגט, לעקאָוועד דעם „אָנגעזעענעם שידעך". און עמעס איז, אַז די שיפכע קאָכט פאַר דעם דאָקטאָר א גאַנץ וואוילן באָרשט מיט קניידלעך. און א ראָסלפלייש אַף שאַבעס קען זי אויך מאַכן. אָבער וואָס עט'ן טון, אַז דאָס ביסל דראָשע־געשאַנק וועט זיך אויסלאָזן? אַז די שיפכעשע הענט וועלן האָבן אָפּגעדינט און נישט קענען מער קאָכן קיין ראָסלפלייש? וואָס טוט מען, אַז די אויסגעמוטשעטע שיפכע כאַפּט — נישט די שאָ זאָל עס זיין! — און גיט זיך א פעקל־אָפּ אַף יענער וועלט? איז, האָב־זשע סייכל, חיים־לעבן, און זיי א מענטש, וועסטו זיין געזיכערט מיט ראָסלפלייש אַףביידע וועלטן: הען אין כוץ־לאָאָרעץ, הען אין פּאַלעסטינע. הען אין ניו־יאָרק־פּאַריז־לאָנדאָן,קאָפּענהאַגען־בריסל,

וו'העו אין ירושלים־תל־אָביב־צפת. בעקיצער — עס איז אייביקע קעסט, אבי געזונט!...

• :: :: ::

מיר האָבן אייך אָנגעהויבן צו זאָגן, נאָר מיר האָבן פאַרגעסן צו ענדיקן, אז: אמאָליקע יאָרן פלעגט דער „ליבער דאָקטאָר" זשיט־לאָווסקי כאָטש קייען פילאָזאָפישן טשואינג־גאָם, — עס פלעגט, וואָס דער עמעס איז, טאַקע זיין קיי און שפּיי, אָבער די ציין האָבן זיך דאפּון געשליפן (אויב נישט דער סייכל). די זשיטלאָווסקי־איוורע איז געווען קייעוודיק און באַשמעקט מיט צימרינג. ער האָט געקענט אריבערקייען דעם גרעסטן כאָכמע־קייער.

היינט אָבער איז דער „ליבער דאָקטאָר" געוואָרן אַף א האָרעלע אַן אַקטיאָר: ער קייט מיט א ליידיק מויל. ער מאַכט זיך בלויז, אז ער קייט. העברייאיזם? העברייאישזם?" העברייאיש מיטאַ אָדער העברייאיש אָנאַ... ?

:: :: ::

ס'איז נישטאָ קיין ברעקל סאָפּעק, אז דער ליבער דאָקטאָר זשיטלאָווסקי דרייט זיך היינט אַפּן קאָריק: גוט־מאָרגן אהער, גוט־יאָר אהין, וואָס־מאַכט־איר־גוטס קיין מיזרעך און ס'קאָצל־קומט קיין מאַירעוו. אָדנים סלאָוואָם, ווי מ'זאָגט, דער ליבער דאָקטאָר זשיט־לאָווסקי איז אָן שום ברעקל סאָפּעק אָלרייט. ער קייט אזוי אָפּ — מיט דער פעדער — א צוויי שאָ, האָט ער שוין א האַלבע וואָך ארבעט, און... מענדל־לעבן, דערלאַנג מיר דעם שטעקן מיט דער ליולקע, וועמיר גיין שפּאַצירן אין די וויינגערטנער פון כופר!...

:: :: ::

# בלינקיניזם אין דער אידישער ליטעראַטור

שלום אַש האָט זיך אַף אַ ווײַלע אַנטלינגן בא מיר די פראַזע, אַז: „קלײנע מענטשן זענען געבענטשט מיט טאַלאַנט, גרויסע מענטשן זענען פאַרשאָלטן מיט טאַלאַנט". אַש, אַש, גיב מיר צוריק דאָס וואָרט. איך דאַרף דאָס איצט האָבן — נויטיקער ווי איך האָב עס באַדאַרפט אַף מײַן „אָוונט" אין פּאַריז!

— קענגן וואָס?

— קענגן אַ האַלבן טוץ פון אונדזערע „געבענטשטע" יונגע־לײַטלעך, וואָס שטופּן די נעז פון זײערע נעמען אומעטום, וואָס דײַסן זיך אַרײַן אין דער אומשטערבלעכקײט — ווי גאַזלאָנים: מיט מע־סערס, מיט העק.

פאַר דער העכערער אינסטאַנץ, וואָס מ'רופט זי „קריטיק", האָבן זײ (ווי גאַזלאָנים פאַרן געריכט) טרערן אין די אויגן, פאַר־מוטשעטע געזיכטער, קרעכצלעך.

די יונגעלײַט וואָס „נעמען די קריטיק מיט גוואַלד און מיט באַנבאָנעס", קריכן אין די אויגן אַרײַן — ווי כרײַן. איר קענט ניט געפינען קײן בלאַט, קײן וואָכנשריפט, איר זאָלט ניט טרעפן זײערע נעמען. געוויינטלעך ווערט דאָס געטאָן לויטן דעמאָקראַטישן פּרינציפּ פון „קראַצסטו־מיך־קראַץ־איך־דיך".

:: :: ::

אַמאָל פלעגט דאָס געטאָן ווערן אַביסל שעמעוודיקער. הײַנט ווערט אַזאַ אײנער אַ . . . רעדאַקטאָר. די „באָיעס" לײגן זיך צונויף די פּאָר סענט, דאָס ביסל „טאַלאַנטין", וואָס מ'פאַרמאָגט און עס הויבט זיך אָן אַן אָרגיע פון . . . וואַסערגיסן, פּײַערמישן, לעקעך־קײַען.

אונדזערע קריטיקער — מײַלע, וואָס פאַרלאַנגט מען דען פון זײ, מ'שטײנס געזאָגט? זײ זאָלן אָנטרײַבן די פערד? נײן. זאָלן זײ כאָטש אָנטרײַבן דעם באַלעגאָלע, וואָלט אויך געווען גענוג שײן פון זײער זײַט.

אָבער זײ שרײַבן נישט. נאָר זײ היטן זיך.

זײ פּאַסקענען שאַילעס: קאָשער, טרײפע...

די „באָיעס" זענען אָבער נישט קײן פוילע. זײ שטײען בא די גאַנײדן טויערן פון אומשטערבלעכקײט, און אַזוי גיך ווי דער

וועכטער פּאַרקוקט זיך אַפן מוילעד, כאַפּן זיי זיך אַריין אינעווייניק, פּעסטיקן זיך אַליין צו מיט אַ קייט צום קיסאָקאָוועד — מ׳זאָל זיי נישט קענען אַרויסוואַרפן. און ס׳איז פאַרפאַלן!

ניין. ס׳איז נישט פאַרפאַלן.

מאיר בלינקין איז אַן איידעס.

דער זייער טויטער מאיר בלינקין, וואָס באַם לעבן האָט ער זיך „געריסן אין די טויערן פון אומשטאַרבלעכקייט" מיט אַזאַ גוואַלט, מיט אַזאַ אימפּעט, אַז ס׳איז געווען נישט אויסצוהאַלטן:

בלינקין, בלינקיניזם.

:: :: ::

מיטן קויעך־האַדימיען־צוג קריק אַף 20 יאָר.

ס׳י ליטעראַרישט זיך באַ אונדז.

סלאָגים — סלאָנימט. חיימאָוויטש — חיימאָוויטשט, באַסין — באַסינט. לאַפּין — לאַפּיט. איך און מ. ל. האַלפּערן שווייגן מיר אויך נישט.

מאָרים ראָזענפעלד איז אין די פּעטע זיבן יאָר זיינע. טראָגט אַריבער ס׳טינטאָרין פון איין רעדאַקציע אין דער אַנדערער. וואָס איז דער כילעק? יעדער צייטונג, וואו מען שטעלט אַוועק ס׳טינ־טאָרין איז... די בעסטע צייטונג אין דער וועלט, הוראַ.

מער פון אַלעמען אָבער פּלאַקערט אַ וועלט מאיר בלינקין.

ס׳איז:

„בלינקין דאָ,

און בלינקין דאָרט,

בלינקין אַף איעדער אָרט!"

עפנסט אַ בלאַט־צייטונג, אַ זשורנאַל, אַ בוך — אַהאַ — בלינקין. אַ מאַיסע פון בלינקין, אַ נאָטיץ וועגן בלינקין, אַ רעצענ־זיע אַף בלינקין, אַ באַנקעט פאַר בלינקין.

ווער שרייבט דען נישט וועגן בלינקינען?

דרייפוס און... בלינקין.

בלינקין און... קאַפּיטאַן דרייפוס.

וואָס איז די מאַיסע?

די מאַיסע איז אַז בלינקין איז אַ מענטש מיט קויעך. ער קען דערלאַנגען אַ פּאַטש מ׳זאָל זיך איבערקערן. כוץ לאָזע איז ער גלאַט אַן... אַקשען. טשעפּעט זיך צו ווי אַ קליעשטש, און טרעט נישט אָפּ, און קריכט־נאָך, און כאַנפעט, און ליובט און סטראַשעט.

ס׳איז פון אים נישט פּטור צו ווערן. סע דאַכט זיך אויס, אַז בלינקין איז נישט נאָר איין בלינקין, נאָר טויזנט בלינקינס.

שרייבן וועגן אים אַלע: דר. זשיטלאָווסקי, שכנא עפּשטיין, ענטין, סירקין, — פון די קלענערע העכט רעדט מען נישט.

דער בלינקיניזם פּארכאַפּט אונדזער ליטעראַטור, סאַמט זי אָפּ, דערהארגעט איר דעם קאָפּ.

די גאַנצע קריטיק אונדזערע גייט ארום אַ הייזעריגע, מיט באַנ־דאַזשן ארום האַלז — צוליב בלינקינען.

אַפילו די באַנדאַזשן אַליין איז, דאַכט זיך אויך אָנגעשריבן: בלינ־קין. מאיר בלינקין. בלינקין מאיר. מאיר, מאיר, בלינקין־ בלינקין.

:: :: ::

איך דערמאָן מיך אַזאַ זאַך.

איך גיי אַזוי פון רעדאַקציע „קונדס”, וואו איך האָב אין יענער צייט געשריבן נאָטיצן איבער ליטעראַטור. אונטער דעם טיטל „בוך־איין, בוך־אויס”.

מיט בלינקינען בין איך געווען אַביסל פון דער ווייטן. נישט געהאַלטן שטאַרק פון זיינע „טאַלאַנטן”.

גיי איך אַזוי אַפּ איסט־בראָדוויי. טרעפט ער מיך אָן, טראָגט מיר אַקעגן אַ שמייכל אַפּ זיין לעוואָנעדיק־זאַטן, שיינלעכן, גרויען פּאָנים.

— העלאָ.

— העלאָ. וואָס מאַכסטו, נאַדיר?

— מ'שרייבט.

בלינקין האָט זיך אַביסל פאַרטראַכט און פּלוצים זיך ווי אין עפּעס דערמאָנט און אַ מאַך געטאָן:

— שאַ, אַ גוטן האַוואַנאַ־ציגאַר ווילסטו, נאַדיר?

— גיב אַהער!

איך האָב פאַרויכערט, אים געקוקט גלייך אין די אויגן אריין און געזאָגט:

— ווען גייט ארויס דיין נייער בוך, בלינקין?

— דו ווייסט שוין, אַז ער גייט ארויס?

אוואַדע אַז דו גיסט מיר אַ ציגאַר, מיסטאָם גייט ארויס דיינס אַ נייער בוך...

:: :: ::

און יענער בלינקין איז דאָך געווען גאָלד קעגן אַ טייל פון אונ־דזערע היינטיקע בלינקינס, וואָס מאַכן זיך אַליין באַנקעטן, שרייען אַליין וועגן זיך, אַז זיי זענען אָץ־קוויצעץ בען־קוויצעץ, און האַלטן אַ בעזשבן מיט פריינט און סאָנים.

די ערשטע גיט מען — שישי, אַפּ די אַנדערע דערציילט מען

שטילערהייט אַז זיי סאַמען פערד, און האַנדלען מיט פרויען.

קריטיקער — שוואַכע מענטשן נעבעך, באַליי־פּאַרנאָסע, וואָס זענען שטענדיק גרייט נאָכלויפן מאַשיכען און אים שיטן זאַלץ... זענען אָבער נישט גערן זיך צו מאַכן סאָנים צישן יונגעליט „מיט געמבעס און מיט פּענעס". אַביסל האָט מען מוירע און אַביסל — צו וואָס דאַרף מען עס? גיין זאַטשעפּן מיט מאַקאַבונדעס! כאַפּט זיי דער ווייסטער יאָר!

שרייבט מען וועגן זיי, אַז... עס, מע, בע... דאָס הייסט, זנאַטשיטסיאַ, אַז שרייבער יאַק שרייבער, אָבער זשעניען זענען זיי צוביסלעך...

וואָס דען אויב נישט זשעניען? אַז אויסלייגן קען מען נישט, קיין סינטאַקס ווייסט מען נישט, הערן — הערט מען נישט, זען — זעט מען נישט...

שניידט אַמאָל ס'האַרץ אַף די וועכטערס וואָס דרעמלען אין אונדזערע „ווייגגערטנער" — קיין פלאַנצער זענען זיי נישט, קיין היטערס זענען זיי נישט. וואָלטן זיי עפּשער געקענט זיין גוטע מיס־טיקערס, ווען זיי זאָלן זיצן אַף איין אָרט. לויפן זיי אָבער אַרום אין אַלע גערטנער, אין אַלע סעדער פון אונדזער ליטעראַטור.

ווערט אומעטיק, ווערט ביטער.

און אַז סי ווערט אומעטיק און סי ווערט ביטער, דערמאָנט מען זיך אָן... בלינקינען, און דער אומעט צעגייט, און די ביטערקייט צערינט.

ווער געדענקט היינט בלינקינען? ווער לייענט זיינע ביכער?

דער מאָרגן וועט אייך אַרויסשפּייען, קינדער.

די „קאָמיטעס" וועלן אייך גאָרנישט העלפן.

אַף דעם זיקאָרן פון אַ פּאָלק קען מען זיך אפילע אַמאָל אַרויפ־צווינגען מיט אַ ביקס, אָבער דאָצו דאַרף מען זיין שטענדיק לעבעדיק.

לעשט־אוים ס'אויג, לעשט אוים די אומשטאַרבלעכקייט.

און מ'וואַרפט אייך פון גאַן־איידן אַרויס, ליבע „באָיעס"...

:: :: ::

2

אַ גרויסער טומל איז אַרום דער קונסט, אַ יאָר־יריד, אַ מאַרק, נישט מיט דער סכוירע פאַרנעמט מען זיך, נאָר מיטן פאַרקויפן...

איך דערמאָן מיך אַ בילד אַפן סוכאַראָווקער מאַרק אין מאָס־קווע: אַף דר'ערד זיצט אַ פויערשע „נעפּמאַנכע" און פאַרקויפט —

פארקויפט אַלטע טשוועקעס, לאָרנעטן, עלפנטביינערנע פעכערס, מע־שענע קנעפּ, קרעלן, א קוימען פון א סאַמאָוואר.

איך גיי צו און ווייז־אָן, מיטן שפּיץ פון מיין שטעקן אף א שנירל קרעלן.

— וואָס קאָסט דאָס, בירגערין?

— דאָס־אָ? זאָגט די בירגערין און קוקט נישט אף דער זאך אף וועלכער איך ווייז מיט מיין שטעקן, נאָר אף מיר אליין, — דאָס־אָ וועט איך קאָסטן עלף רובל, נישט ווייניקער א קאָפּיקע.

זי ווייסט נאָך אפילע נישט, צי איך וויל קויפן דעם סאַמאָוואר־קוימען צי די קרעלן. זי שטעלט סיי־ווי־סיי דעם פּרייז נישט לויט דער סכוירע, נאָר לויט דעם וואָס קויפט די סכוירע...

און לויט איך בין אָפּן אויסזען א גאַנץ לייטישער יונגערמאַן דאַרף איך צאָלן עלף רובל...

פונדעסטוועגן לאָזט זי זיך דינגען.

עפּעס ענלעכס איז בא אונדז אין דער ליטעראַטור:

דרייט זיך אַרום אין דער שטאָט ניו־יאָרק איינער א מענטש. זוכט פּאַרנאָסע. ווייסט נישט צו וואָס צו נעמען זיך. קיין געלט האָט ער נישט. קיין קענטעניש אויך נישט. לערנען א מעלאָכע האָט ער קיין געדולד נישט — עפּשער דינט טאָקע נישט דער קאָפּ דאַצו.

פאַלט ער אַריין דורך א צופאַל — אין „קאַפּיי פון די צימבלען", זעט ווי אידן טרינקען וויין, טאַנצן מיט ווייבס־לייט, האָבן קאָוועד און נאַכעס. מ'זאָל זאָגן אַז זיי זענען מי־יוידייא־ווער קען מען אויך נישט זאָגן. מענטשן אָן לאַנגע האָר אפילע. און אפילע אָן אויס־טערלישע קראַוואַטן. נאָר וואָ־דען? זיי טראָגן שטעקעלעך? א גרויסע מעציע! גייט מען אוועק און מ'קויפט זיך אויך א שטעקעלע. מ'נעמט איבער די שטאַלצע איוורע פון די ליטעראַטן, די גאַיווע, די פּוסטעריי און... מ'ווערט יאַקאָש א ליטעראַט.

דאָס הייסט מ'ווערט נאָך נישט. דערווייל איז מען בלויז א קאַנדידאַט. מ'קלויבט זיך אויס א רעבין, אָדער א שיטע, אָדער ביי־דען, מ'הויבט זיך אָן מישן, קומען אָפט אין קאַפּיי אריין; זיך וואַרפן אין די אויגן, זאָגן מעווינעס, גיבן צושטייער אף א זשורנאַל.

:: :: ::

קלוגע מענטשן לערנען זיך אַליין, שויטים — לערנען אַנדערע.

אז כוצפּע און אביסל „טאַלענטין" העלפט נישט — מ'האַלט אין איין נישט־דרוקן פּלוינים שריפטן, וואָס טוט ער? גייט ער אוועק

און ער ווערט אַ קריטיקער, אָדער אַ רעדאַקטאָר פון אַ „ליטעראַ־רישן זשורנאַל".

דעמאָלט ווערט ער שוין אַ מאַכט — מוזטיך מיט אים רעכענען. ער קען דיר פאַרשווארצן ס'פּאָנים, אָנמאַכן הארצווייטיק.

ביזט בא אים אין די הענט — בא דעם בלינקין מיטן אייגענעם זשורנאַל, בא דעם בלינקין וואָס פּאַטשקעט קריטיקען, מאַדזשגעט עסייען...

:: :: ::

אַן אַנדער מיטל איז צו שרייבן גרויסע זאַכן, אָנגעבלאָזענע, איבער גרויסע טעמעס...

יעדע טעמע איז 39 שטאָק די הויך... קיין געביידע איז נישטאָ — אַבוץ פּאָנען.

„שלמה דער מיליכיקער", „שימען לעמעלע", און דאָס גלייכן דראַמעס וואָס נעמען אַרויס די קויכעס...

:: :: ::

מיר קענען אַ שרייבער, איז ער פּאָפּולער ווי... ריצינייל. ער קען שרייבן אויך. נישט קיין סאַך. אַביסל. ער פאַרכלינעט זיך איבערן „לעבן".

זיין קויעך ליגט אָבער דער איקער אין... שטעקן, מיט וועלכן ער קלאַפּט איבערן טיש בא יעדער געלעגנהייט, און די פּאָסט־קאַרט־לעך וואָס ער זשאַלעוועט נישט צו שרייבן קיין ווארשע, קיין לאָדז, קיין יעהופּיץ, קיין ריאָ דע זשענערא, קיין מאָנטאָווידעאָ — אין אַלע ערטלעך וואו ס'לעבט אָדער זשיפּעט דאָס אידישע לאָשען אונדזוערס.

נאָך מער איז זיין קויעך גרויס אין טעלעפאָן.

מ'דערציילט, אַז מיט אַ פּאָר יאָר קריק איז דערזעלבער שרייבער, אין אַ שיינעם פּריויטיק, אָפּגעלעגן אין דרוק־שאָפּ פון דער צייטונג, וואו ער אַרבעט, ביזוואַנען זיין דערציילונג איז געווען אַריינגעזעצט אין מעטאַלענעם רעמל — פאַרטיק צום דרוק. לסאָף אָבער האָט פּאַסירט אַ מאַלעיר: דער „פאָרם" איז אַראָפּגעפאַלן, דער זאַץ האָט זיך צעשאָטן. מ'האָט געמוזט כאַפּן און אַריינשטעלן אַן אַנדערן שרייבערס אַ דערציילונג. וואָס איז גראָד געווען צו דער האַנט.

דער שרייבער מיטן שטעקן האָט אָבער נישט געוואוסט דאָפון. אויף מאָרגן אינדערפרי (נאָך איידער ער האָט געהאַט געזען די צייטונג) האָט ער אָפּגעקלונגען זיין רעדאַקטאָר און געזאָגט:

— איר ווייסט? ס'טוט זיך דאָ כווישעך, מיט מיין נייער דער־

ציילונג: מען רייסט מיר פּאַשעט אָפּ דעם טעלעפאָן. עפּשער 20 לע־זער האָבן מיר שוין היינט אָפּגערופן, און מיך גרא־טו־לירט״...

:: :: ::

אַ מענטש איז אַ מענטש. וואָס קען מען טון?

אַ קליין, מאָגער ביכעלע מיט אַ דראַמע, אָדער לידער איז פּאָרט גרינגער איבערצעלייענען און צו „קריטיקירן״, ווי אַ גרויס און וויכ־טיק בוך.

אַז אסיף דימאָוו האָט נעבעך אַסטמאַ, מוז (אַפּילע באַ מיר) זיין „וועלט אין פלאַמען״ זיין אַ גוטע פּיעסע... מ׳איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, צום גוטן יאָר!

נישטמער: די קאַוואָנע דאַרף לעכאָל האַפּאָכעס זיין אַ ריינע. דער שרייבער וועמען מ׳גיט „קרעדיט״, דאַרף האָבן באַוויזן, אַז ער האָט אַמאָל געצאָלט מיט מזומענעם טאַלאַנט...

נישט אינגאַנצן אָפּ באָרג — מירן רואינירט ווערן, ברידער!

...אַ מענטש וואָס האָט גערעדט צו אייך אינדערפרי אָפן טעלע־פאָן און אייך געפרעגט „ווי איז אייער געזונט, פּליעז?״ איז פּאָרט אַ גרעסערער שרייבער ווי — — —.

און אַז מ׳קען נאָך פאַרשרויפן ס׳פּיסקעלע און רעדן פרום, ווי דורך אַ טרומייטערל וואָס מ׳האָט אַנטליגן אין בוים־האַמיקדאָש איז אַוואַדע גוט...

דער „קריטיקער״ גייט פאַרביי מיט זיין איידל פּענימל און גיט אַ זאָג: „נעמט אַזאַ גאָלדענע שורע ווי „בקצים דארך לדומה רננזים״. דאַרף ער שוין מער נישט. דער פאַקט וואָס ער גיט זיך אַ זאָג־אָפּ אַזוי גרינג „נעמט אַזאַ גאָלדענע שורע ווי „בקצים דארך לדומה רננזים״ פּלעפט אונדז אַזוי, אַז מיר קענען שוין גאָרנישט טראַכטן, אַז די שורע איז כאָלילע נישט קיין גאָלדענע.

:: :: ::

„דעמאָקראַסי״ איז אונדזער וויינגאָרטן.

איינער פּלאַנצט, איינער רייסט, איינער קייט וויינטרויבן... און איינער גייט אַרויס.

וואָס קען מען טאָן?

אַ פאַך פון לויטער קונסט, נישט מער און נישט ווייניקער.

נישט דער בעסטער שרייבער איז אַ קינסטלער אין זיין פאַך, נאָר אַלע וואָס מאַכן ליטעראַטור זענען קינסטלער.

און אַז מען איז אַ קינסטלער דאַרף מען נישט אַרבעטן — אַפּילע איבער די אייגענע געציייג. דער קינסטלער דאַרף זיך נישט „מעזאַ־

וועג" זיין אפילע. ער ליגט זיך אוועק איינער אליין, און שטייט אויף א „געבענשטער" און גייט צו קינד...

גאָטס בראָכע איז איבער אים. דער רועך־האַקוידעש ליגט זיך מיט אים שלאָפן.

באַ די „עכום", אַז מ׳זאָגט אַף איינעם, אַז ער איז אַ גרויסער מענטש, פרעגט מען: וואָס איז ער? אַן אינזשיניר? אַ כעמיקער? אַן עגיפּטאָלאָג? אַ ליטעראַט? אַ פילאָזאָף? אַ פּאַטאָלאָגיסט? אַן עקאָנאָמיסט? אַ פּעדאַגאָג?

באַ אונדז, אַז מ׳זאָגט „שאַמשען איז אַ גרויסער מענטש", פרעגט מען: „אין וועלכן „פּייפּער" שרייבט ער?"

# פּאַרפאַסערס, שרייבערס, ליטעראַטן

.1

ברייִשים באָראָ עלויאים . . . דעם פּאַרפאַסער.

דער פּראָסטאַקישער מענטש האָט פון קיין כאָכמעס נישט גע־וואוסט, נישט געהאַט קיין פליי אין דער נאָז, אַ איד ווי אַלע אידן. נישט קיין געשטודירטער כאַזן, פון רוים, אָדער פון וויען, נאָר אַ „זאָגער", וואָס האָט גערעדט מיט באַקציין, זיך געטומלט אַף אַ היבשן שעטאַך, קיין מאַניערן נישט געהאַט.

אין אונדזער „ווייִנגאָרטן" דעם פּרימיטיוון — מיט רויע שאָמערשע אָדער צונזערישע געצייג, געמוזט אַן ערלעכן טאָג אַרבעט „אַריינאַרבעטן", מיט שטומפּיקן אַקער איבער האַרטער ערד, איבער שטיינער און קלעצער.

אַז איר זאָגט „פּאַרפאַסער", קומט אייך אָפּן זיין „דער באַל־מעלאָכע פון דער פען", דער „קוסטאַר", וואָס באַציט ניט זיינע מאָדעס פון פּאַריז, ווייסט ניט פון קיין פרעמדע פּאַסאָנעס. וואַר־שאַווסקי אין דער דיכטונג. דינעזאָן אין דער פּראָזע.

די דערמאָנטע צוויי זענען, פאַרשטייט זיך, די העכסטע און בעסטע פאַרטרעטער פון זייער שול. ציִשן זיי ביידע שטייט אַ שורע מיט אַנדערע „פּאַרפאַסערס", נידריקער אין גראַד, וואָס האָבן געזוונגען פון פרעמדע ביכלעך אַרויס, איבערגעשריבן, גענומען צו־ביסלעך פון די „גרויסע זינגער", איבערגעמאַכט אַריעס פון אָפּערעס אַף „לעכאָ־דוידים", אָבער דאָס איז געטאָן געוואָרן אַזוי נאַאיוו, אַזוי אָפן, אַז מ׳האָט עס נישט געקענט אַפילע באַטראַכטן פאַר פּלאַגיאַט,

איינער וואָס האָט דאָס וואָרט „געניייווע" נישט געהערט אַף זיין לעבן, קען נישט באַטראַכט ווערן פאַר קיין גאַנעוו.

די פּאַרפּאָסערס זענען ס׳ראָוו געווען „באָיקע בעוורע", האָבן ליב געהאַט דעם יאָנטעוו פון לעבן, אַ „בעכערל וויין", אַ גענזן פּור־פּיקל, אַ געשמאַקע טרער.

שאָמער און דינעזאָן — כאָטש ווייט איינער פונם אַנדערן אין זייער פּאַך־קענטעניש, (דער ערשטער, אַ פלינקער באַל־מעלאָכע וואָס האָט געוועבט אַף עטלעכע שטולן מיטאַמאָל, דינעזאָן, אַ „מעפינעק", שפּינער פון פּאַלטש־זיידענע טראַגעדיעס) זענען ביידע געווען פּאַרפּאַסערס אין דעם זין וואָס עס איז זיי נישט איינגעפאַלן צו בויען קיין געביידעס פון שפּינוועבס, אָדער צו מעלקן די לעוואָנע.

דער „פּאַרפּאָסער", דער פּרימיטיוו אין דער מישפּאָכע פון נע־שאָמע־פּראָוואָקאַטאָרן און געדאַנקען־שפּיאָנען, איז געווען, ווי ביכ־לאָל די אַלטע קלאַסישע פאָרם אין דער ליטעראַטור — דאָס וואָס ער איז געווען. דאָס קלייד האָט געפּאַסט ענג צום לייב. האָסטו באַלד געזען צי שטייט פאַר דיר איינער מיט אַ הויקער אַף דער פּלייצע, אָדער אַ שיינער און אַ פּראָסטער...

דער פּאַרפּאָסער האָט נישט געוואוסט פון דער קונסט פון באַ־האַלטן דאָס וואָס ער האָט נישט. ער האָט נישט געצאָלט דעם כוווו צו זיינע „געטער" מיט לאַנגע־טערמיניגע וועקסלען, נאָר אין מע־זומען...

ער איז געקומען מיט זיין „הייליקער פּשטות", מיט זיין ער־לעכן דופט פון בלומען, נאַכטיגאַלן, מיט זיין קליינעם באַגאַזש פון ערע, טרוימען, ליבע, ליידנשאַפט.

אָרעם איז געווען זיין האַנטווערק. די „נעשאָמע" האָט פון זיין „קוישל מיט סכוירע" אַרויסגעפּישטשעט ווי אַ געל־פייגעלע אָן פע־דערן, מיט אָן אָפן פּיסקל.

שאָמער האָט געמוזט אויסטראַכטן, אָדער כאָטש צענויפטראַכטן מאַיסעס גאַנצע. לאָז זיין אַ „קאַץ איז געפלויגן איבערן דאַך", אָבער געפלויגן איז זי! און ס׳איז געווען שאָמערס קאַץ, שאָמערס דאַך...

פון קיין אַמעריקאַנישע בלאָף־מעטאָדעס האָט דער „פּאַרפּאַסער" נישט געוואוסט.

קיין גרייטע „פּאַך־טריקס" זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען. יעדער פּאַרפּאַסער האָט געמוזט אויסטראַכטן אַ ראָמאַן, אַ ליד, — „קלאָר ווי דער טאָג, טרויריק ווי די נאַכט".

מ׳האָט גערעדט מיט באַקציין, מ׳האָט נישט געשלוקערצט און געזאָגט „איך זינג"...

.2

נאָכן פּאָרפּאָסער איז געקומען דער שרייבער. מענדעלי, לינעצ־קי, שלום עליכם, פּרץ, יהודה שטיינבערג, רייזען, אַש, נאָמבערג, מאָרים ראָזנפעלד, באָװשאָװער, עדעלשטאַט, — די זענען שוין געווען נישט קיין פּראָסטע באַלמעלאָכעס, נאָר מייסטערס, לאָמיר זאָגן: זייגערמאַכערס, גאָלדשמידן. די האָבן שוין געלייגט קאָוועד אַף זייער פאַך, גענוצט אַ קליינע ציטער־וואָג פאַר די „געפילן", איידעלע צוואַנ־גלעך און שפּאַקטיוון — פאַר דעם זייגער־ווערק וואָס הייסט נעשאָמע, נאַטור, מענטש.

זיי זענען שוין געווען אויסקלייבערס, נישט נאָר אינם מאַטע־ריאַל, נאָר אין די ווערק־געצייג. מענדעלי דער אור־קאָוואַל פון אי־דישן לאָשן איז געשטאַנען אָנגעטאָן אין לעדער־פּאַרטוך, באַם פייער פון דער קוזניע „פאָלקס־נעשאָמע", מיט די קלוגע שפּאַקולן אַפן שטערן און געשמידט העמערלעך און צווייגגלעך פאַר זיין אַרבעט.

שלום עליכם האָט זיין אויער צוגעקלעפּט צום דויפעק פון אונ־דזער שפּראַך, אַרויסגעהערט יעדן קלאַפּ, יעדן שאָרך.

מענדעלי, דער גרויסער זאָגער, פּרץ, דער גרויסער טראַכטער, שלום־עליכם, דער גרויסער הערער, שלום אַש, דער גרויסער זעער, רייזין, דער גרויסער טרייסטער, ראָזענפעלד, דער גרויסער שילטער,— אַלע האָבן אָנגעשריבן שטיקער לעבן, אָדער שטיקער געמיט, אָדער שטיקער כאַלוימעס...

קיין „טריקס" זענען נישט אָנגעגאַנגען. אַפילע באַ פּרץ'ן, וועל־כער האָט צייטנווייז „געשטאַמלט און געזאָגט טוירע", איז דאָס שטאַמלען געווען נישט קיין מיטל אַף איבערצושרעקן און צו „ווירקן", נאָר ס'איז געקומען פון אַ מויל, וואָס האָט נישט געקענט נאָכלויפן דעם פלינקן, בליצנדיקן געדאַנק.

די מייסטערס זענען געווען „שרייבערס". שלום־עליכם שרייבט קיינמאָל נישט „איך האָב געשאַפן", נאָר „איך האָב געשריבן". ער רופט זיך אַפילע צוליב אַניוועס, „פּאַרפּאַסער"

אַלע אידישע קלאַסיקער, אַפילע יענע באַ וועמען דאָס שרייבן איז געווען אַ „דאַווער שעביקדושע", האָבן פונדעסטוועגן געפּרופט רעדן צו אַן אויער, לאָז זיין אַ קליין אויער, לאָז זיין אַ פּראָסט אויער, אָבער זיי האָבן נישט גערעדט צום „הענגלייכטער", זיי האָבן נישט געריטן אַף קיין „פּורפּערנע פערד" אָנגעטאָן אין ברייטע רוי־מישע טאָגעס, אונטער וועלכע מ'קען באַהאַלטן הויקערס, און אַנדערע מייכעשן, פון וועלכע „נאָבעלע ריטער פון דער פען" טאָרן נישט ליידן.

אונדזערע קלאַסיקער האָבן גענוצט אַלע זייערע פיינע כושים אַף צו מאַכן אַן אָרדנונג אין מענטשלעכן דענקען. געפּרופט צע־נויפזאַמלען די עטלעכע קליינע מאַטבייעס פון אונדזער קולטור און זיי איבערבייטן אַף עפּעס גרעסערס, שווערערס.

.3

היינט האַלטן מיר באַם פּעריאָד פון „ליטעראַטן".

דער כילעק פון ליטעראַט ביז אַ שרייבער איז הימל־הויך. דער שרייבער, (דער זינדיקער מענטש) מוז שרייבן, מוז אַריינרעדן אין אַן אויער אַריין, מוז צייכענען שוואַרץ אַף ווייס — אַזוי קלאָר ווי ער קען, אַזוי בוילעט ווי ער קען, ווייל קיין „קדושע" איז אין זיין פאַך נישטאָ, קיין פּריסטער־צייכן, קיין גאָלד־אָרנאַט.

דער ליטעראַט, ווי דער פּויפּ און דער „רעבי" קער צו אַ קאַסטע, צון אַ „שעיוויט", דער שעיוויט מיט הערנער, וואָס איז אַרומגע־וויקלט מיט לעגענדעס, מיט הייליקע מאַיסעס...

דער ליטעראַט, ווי דער פּויפּ און דער רעבי, איז נישט מעכויעוו צו „זאָגן קיין טוירע" מיט אַ שיטע, מיט אַ סייכל... דער רעבי דאַרף בלויז זאָגן. עס מאַכט נישט אויס וואָס — וואָרין יעדער זאָג איז הייליק, און יעדער גלאָץ מיט די אויגן איז טיף.

דער „ליטעראַט" האָט אַ... מיסיע: ער דאַרף עמיצן אַראָפּ־ברענגען — מ'טאָר אַפילע נישט אויסזאָגן וועמען. ער איז אַ זוכער פון וועגן, אַ נאָווי, אַ פּאַסטוך פון אַ טשערעדע.

מעמיילע קען ער שוין נישט זיין מיט דעם „ערעוואַוו", מיטן אוילעם... ער מוז זיין אָפּגעשיידט פון דער זינדיקער וועלט, מוז טראַכטן אין רעמאָזים, מוז זען, אַז ס'קידעש־בעכערל זיינס זאָל (ווי באַם באָהושער רעבין) זידן בעאַיים ער מאַכט האַוודאָלע...

דער ליטעראַט היט זיך. מוז זיך היטן. באַוואָרענט זיך, מוז זיך באַוואָרענען. ער מוז שטענדיק שטיין אַף דער וואַך איבער זיין „גרויסן נאָמען", מוז אים שיצן קעגן אַפּיקורסים.

איינער אַ „הייליקער", איינער אַ „מיסטיקער", איינער גלאַט אַ פאַרשטעלטער, — אָבער „טריקמאַכערס" זענען זיי אַלע...

וואָס זאָל מען טאָן? ס'איז אַ וואָכעדיקע וועלט. בויסט אַ בריק, פירט מען אַרויף צען פּאָר פערד און מ'זעט גלייך צי ס'האַלט זיך, בויעסט אַ הויז אויף 30 שטאָק, און ס'פאַלט נישט איין, איז עס אַ סימען אַז ס'איז אַ גוט הויז, אָבער ווער קען מעסטן די „קראַפט און די שיינקייט" פון אַ ווענעלע מיט שאָטנס? ענטפערט מען דיר:

וואָרט־צו 5000 יאָר. ווער ס'וועט אַלעמען איבערלעבן, דער איז דער גרויסער דיכטער.

און ווייל די סכוירע איז נישט קיין זיכערע, און ווייל אונדזער צייט איז אַ „זינדיקע און אַ ניכטערע" מוז מען האָבן „געהיימע ברי־דערשאַפטן", מוז מען רעדן צום לייענער אַזוי, אַז דאָס ביסל וואָס ער ווייסט שוין פון פריערט, זאָל ער אויפהערן צו וויסן.

אַז איר'ט אָנמוטן דעם ליטעראַט, אַז ער זאָל ריידן אַזוי, אַז מ'זאָל פאַרשטיין וואָס מ'וויל, וועט ער זיך אויסלאַכן פון אייך. וואָס האָט ער צו טאָן מיט שרייבערי? ער איז אַ שאַפער פון ווערק, אַ דיכטער, אַ ליטעראַט... ער טרינקט נישט פון קיין גלאָז, נאָר פון סאַמע טונקעלן קוואַל וואָס ציִשן די צעדערבוימער...

ווער פאַרשטייט דיך, דיכטער? וואָס ווילסטו? וואָס ביזטו אויסן?

— „איך בין אויסן דאָס וואָרט, דעם מענטש... די האַנט אַפן אַקסל זאָל זיין אַ דעק־טוך..."

— „ווי קען אַ האַנט זיין אַ דעק־טוך?"

— נישט פאַר דיר צו וויסן, דו האָסט דיך אין הייליקן וואַסער נישט געטויוועלט".

באַשרייבן זאַכן אַזוי, אַז מ'זאָל פאַרשטיין? וואָס איז ער, אַ „שרייבער? ער איז אַ דיכטער, אַ ליטעראַט. ער רעדט סיי־ווי־סיי נישט צו קיין אויערן, — ער רעדט צו דער לעוואָנע, צום „לאַנגן ביין", צום „צאַר וואָס אַף אונדזערע נעגל".

זיין שטאָף איז טונקל — מאַכט ער עס נאָך טונקעלער.

ער מאָלט בלינדע „ניגערס" באַנאַכט, אין אַ פינצטערן קעלער, מיט אַ שוואַרצן קויל אַף שוואַרץ פּאַפּיר...

אין בעסטן פאַל מאָלט ער אַף ווייסן פּאַפּיר אַ ווייסן ציפער, מאָלט אַרום ס'גאַנצע ווייסע בלאַט מיט שוואַרצער טינט, קעדיי דער ציפער זאָל אַרויסקומען ווייס.

גרינגער איז, פאַרשטייט זיך, צו שרייבן מיט שוואַרצער טינט אַף ווייס פּאַפּיר — גרינגער און ליכטיקער פאַרן אויג, אָבער דער ליטעראַט איז נישט גלאַט קיין „שרייבער", אַ קאָפּ־ווערקער, נאָר אַ מין גייסיקער קאַליגראַף.

אַריבערגעגאַנגען ביידע טקופעס — די טקופע פון גערודלד, און פון אומגערודלד, פון רו און אומרו, איז דער ליטעראַט — איבער די קעפּ פון אַלע קלאַסיקער און מייסטערס — דערשפּרונגען צו דער טקופע פון שטאַמלען צוליב איידלקייט, הוסטן צוליב גאַווע...

ס'איז וואָר: היינטיקע ליטעראַטן האָבן נישט קיין לאַנגע האָר

און טראָגן נישט קיין „ווינדזאָר קראַוואַטן", אָבער דאָס איז נאָר אַזוי פון דרויסן. פון אינעווייניק טראָגן זיי קימאַט אַלע לאַנגע האָר, און פליענדיקע קראַוואַטן...

יעדער ליטעראַט טראָגט מיט זיך אַן אייגענע וואַנט, שטעלט זי אַוועק, וואו ער קומט, פאַרקאַטשעט די אַרבל, לאָזט אויפשפּילן די צימבלען און די האַרפן און זאָגט: „איר זעט די־אָ וואַנט? הינטער דער דאָזיקער וואַנט איז..."

יעדער באַזונדער האָט אַן אַנדערן פּיזמון, וועגן דעם וואָס „הינטער דער וואַנט" איז...

און די אומקלאָרקייט ווערט אַלץ ברייטער, צעקלעקטער.

דיכטער... גראָבן־אויס פון אונטער דר'ערד „בלינדע טעמאָס", צעפּלעכטן באַ זיי די צעפּ, גיבן זיי שטורקאַצן אין די הענט אַריין. בינדן צו פּויקן צו די ווידלען.

„זאָל דאָס אונדזער גאָרטן זיין?"

דער ווייַנגאָרטן וואו דער אידישער אַרבעטער געפינט איין ווייַנ־טרויב אַף הונדערט צווייגן?

האָט דער פּראָלעטאַרישער לעזער צייט פאַר „פּראָבלעמלעך" ווען עמעסע פּראָבלעמען שטייען ווי וועלף פאַר דער טיר?

## דער דיכטער פון „פּראָבלעמל"

גאַמבערג אין פּאַריז. דירעווודיק־לעבעדיק זענען זיינע לעצטע טעג. די אויגן ליגן שטענדיק אין ברוינער קאַווע. די פיס טאַנצן אַרום מיט דעם קליינעם גוף. בלויז דער מויעך איז ליכטיק, ברענט ווי אַ לעכט אינאיינעם מיטן הילצערנעם לייכטער.

ער גייט מיט מיר איבערן בולוואַר מאָנפּאַרנאַס — גייט צופוס און זעט פאָרט אויס ווי ער וואָלט געשטופּט אַ ביציקלעט.

גאַמבערגס גאַנג.

איבער די האַלעס געגאַנגען. געגעסן הייסן זופּ פון קעז, מע־קאַנע געוועזן די שטאַרקע מאַרקפרויען מיט זייערע געזונטע אַפּעטיטן, בוטעלקישע בוזימס, גרויסע סעקסועלע קויכעס.

„פּאַריז איז ווייט? — דו נאַר, פאַרקערט. אַז מ'קומט אַהער זעט מען ערשט ווי נאָענט פּאַריז איז. ווייט איז בלויז ניו־יאָרק. אָך איז דאָס אַ ווייטע שטאָט, אַ שרעק! דובאָנעי ווילסטו טרינקן? ס'איז הייליקער בראָנפן..."

אין קאַפע באַ די פּאַריזער האַלעס איז טומלדיק. „אַפּאַשן"

טראָגן רויטע פּאַטשיילעס אַפן האַלז, פאַרבונדן מיט אַ שיינעם קנופּ. אַף די הויכהיפּטיקע הויזן זענען ברייטע לעדערנע גאַרטלען. די שיך זענען שפּיציק, גוואַלדיק נאָזיק...

מיר טרינקען הייסן האַריק. נאָמבערג זאָגט, אַז דאָס איז זייער גוט פאַרן געזונט און ער פאַרהוסט זיך — מיט אַ טיפן כריפּ. ער פאַרגייט זיך שיר. איך נעם אים אַרויס אין דרויסן. די לופט דער־פרישט אים, ברענגט אים צו זיך. דערנאָך גייען מיר ביידע אַהיים. צו אים אין צימערל אַריין, נישט ווייט פון קאַפע ראָטאָנד טאַקע, וואָרין נאָמבערג האָט ליב „אַרויסגיין פון דערהיים און אַריינגיין קריק אַהיים" און לאָזן די וועלט אין דרויסן. „לאָז זי אָנקומען אַף עמיצן אַנדערשס הענט. עך האָב צין איר קאַ קויך ניש..."

:: :: ::

דער שמועס גייט ווי אַן אָנגעשמירטער קאַרוזעל. קונסט, לעבן, ליבע, טויט, אַמעריקע.

„לעבן איז: אָדער דו פרעגסט, אָדער דו ענטפערסט. מ'קען נישט אי פרעגן אי ענטפערן. בעסער איז אַז מ'פרעגט נישט און מ'ענטפערט נישט."

אַזוי האָט געזאָגט איינער פון אונדז ביידען — איך געדיינק שוין נישט ווער.

„ליטעראַטוריזירן? ווי אַזוי? זאָל ליטעראַטור זיין אַ שליסל צום אויוונדעקל, אָדער דער אויוון אַליין, אָדער דאָס פייער — אָדער דער רויך, אָדער דער גוטער יאַר ווייסט וואָס!"

„זאָלן מיר כאַפּן דעם געדאַנק אין ווערטער? אָדער זאָלן מיר אים לאָזן שטאַרבן אין רייד?"

מ'רעדט, מ'רעדט, מ'רעדט.

און אין דרויסן איז פּאַריז!

נאָמבערג זאָגט: ליטעראַטור? אַ ניי פאַך, וואָס די קולטור האָט אויסגעטראַכט: ראַכמאָנעס, איידעלקייט. אומשולד. „זאַהיץ אַזוי גיהט, פעטער, קימט מיט מיר. איך בין אומשולדיקער פון יענער."

אַז אונדזער גערייד איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, האָב איך דערמאָנט דעם נאָמען פון באַרימטן דיכטער אין אַמעריקע. נאָמבערג האָט אַ מאַך געטאָן:

„יענער איז דאָך דער דיכטער פון פּראָבלעמל..."

און ער האָט באַלד געגעבן צו פאַרשטיין אַזוי: „הער אויס, ס'איז דאָ אידן, וואָס פאַרבייטן אַ שלאָס־מעם פאַר אַ סאַמעך. פון דעם וואָרט „פּראָבלעמס" (ער האָט עס אַרויסגערעדט: פּראָ־בלעים) ווערט באַ זיי שטענדיק „פּראָבלעס". רעדט איר מיט זיי דערציילן זיי

אייך, אַז זיי האָבן ליב פּראָבלעמלעך — סאָקאָנעס נעפּאָשעס...
זיי האָבן ליב אַז מ'רעדט ביגנייווע, מיט אַ ווינק פון אויג, מיט אַ צי
באַם אַרבל...

:: :: ::

אין איין שורע מיט דעם בלינקיניסט, דעם מאַדזשנער, וואָס
שרייבן איז באַ אים בלויז אַ זאַך פון טינט און פעדער, שטייט דער
„דיכטער פון פּראָבלעמל", דער סגי־נהור'שער שרייבער, וואָס איז אַ
גוואַלדאָוונער כאָכעם — שוין מיט דעם אַליין, וואָס רעדן רעדט ער
וועגן יאַנקלען און מיינען מיינט ער איציקן—.

דער מענטש וואָס טראַכט זאַאיקעוואַטע, העקלט מיטן נעדאַנק
אַ זאַק, אַן שפּיזלעך און אַן באַמוויל. מאַכט הייליקע זשעסטן, פּרומע
האַוואַיעס: די שורעס זענען באַ אים געמאָסטן און געוואויגן — אַ
רענדל אַ וואָרט.

אַז איר שטייט פון דער ווייטנס און זעט ווי אַ מענטש ציילט
מאַטבייעס אַזוי באַהיט־זאָל־מען־ווערענדיק שטיל, מיט אַזאַ פּאַרטיפּ־
טער מינע און מיט אַזוינע זשעדנע אויגן, מיינט איר זיכער, אַז ער
ציילט רענדלעך. וואָדען גראָשענס וועטן ציילן מיט אַזאַ פּאָנים?

נאָר די וואָס שטייען נאָענט זעען: גראָשענס.
קאָפּיקענע נעדאַנקען צעקלונגען אַף רענדלעך.

סענטן איבערגעגאָסן מיט זשאַווער־פּאַרב, מען זאָל נישט קענען
זען צי ס'איז גאָלד, צי נישט.

דער „אַלטער קוואָל" איז אַ גרויסע סגולע צו דעם.
„קיי מיטן מויל און מאַך מיט די אויערן."

דער „דיכטער פון פּראָבלעמל" איז נישט פּאַרטיפט אין פרעגן
דאָס וואָס פרעגט־זיך. נאָר מאַכן פון אַ פראַגע-צייכן אַ האַטשיק
צו זיין ראַבאָנישן שטעקן.

און ווייל ער ציילט די ווערטער: אַקוראַט אַכט ווערטער אין אַ
שורע, און אַקוראַט עלעף שורעס אין אַ ליד, און ווייל ער שרייבט נאָר
לעקאָוועך שאַבעס־יאָנטעוו־און רויש־כוידעש, איז דער לייענער זיכער,
אַז עפּעס איז זיין סכוירע טייערע סכוירע — אַז נישט, וואָס
זשאַלעוועט ער אַזוי צו שרייבן? און פאַרוואָס שרייבט ער בלויז עלף
שורעס אַף אַמאָל? און פאַרוואָס רעדט ער וועגן מענדלען און מיינט
שלוימען?... האַ? עפּעס מוז דאָך אין דעם זיין!

:: :: ::

אַ מענטש וואָס האָט געהייסן יצחק רייז, האָט שוין אַמאָל גע־
זאָגט:

אין דער קונסט איז פּונקט ווי אין „פּעטענט־מעדיצין״: אז א וואַסערל פֿאַרקויפֿט זיך אין א קליין פֿלעשעלע, מיט א גרויסן גומע־נעם שטאָפּיק, קאָסט זייער טייער, האָט א טאַם פֿון כאַלאָשעס און שטינקט — גלויבן אַלע, אַז מיסטאָם איז דאָס א רפֿואה.

וואָרים אויב נישט קיין רפֿואה — וואָס־זשע דען איז דאָס?

דער „דיכטער פֿון פּראָבלעמל״ זוכט אייגנטלעך גאָרנישט, אַכוץ א שטול אין גאַניידן, א הויך שטריימל, אפֿן שטריימל אַן אָנגעצונדן לעכטל, וואָס ברענט אין הימל אַריין.

דער לעזער נעבעך שרעקט זיך טאַקע אַמאָל איבער אויך. פֿינטלט מיטן אויג ווי בא דער קאַסע פֿון טעאַטער, ווען ער קויפֿט א בילעט צום „דיבוק״, און דער „דיכטער פֿון פּראָבלעמל״ ווערט גרויס, באַרימט.

:: :: ::

איך געדיינק מיט א 15 יאָר קריק האָט זיך בא אונדז אין „וויינ־גאָרטן״ געטאָן כוישעך: א דיכטער (ראַבאָי, דאַכט זיך), האָט אַנט־פּלעקט דעם סאָד, אַז א הונט האָט אויך א נשמה—.

נו־נו, האָט זיך געטאָן אַביסל!

און דאָס איז געווען, פֿאַרגעסט נישט, א מענטש מיט אַזא ציכ־טיקן טאַלאַנט ווי א. ראַבאָי.

און אַכוץ וואָס ער האָט „אַנטפּלעקט דעם הונטס נשמה״, האָט ער טאַקע געגעבן דעם הונט אויך.

די „פּראָבלעמל דיכטער״, אָבער זענען נישט מעכויעוו צו גיבן דעם הונט: ער בייסט זיך, ער איז אומריין, ער האווקעט און ס'איז שווער אים צו כאַפּן.

די נשמה זיינע אָבער—.

די נשמה פֿון הונט דאָס גיט דער דיכטער פֿון פּראָבלעמל, דורך טונקעלע רייד, טונקעלע געדאַנקען, אונטערערדישע שטימעס—.

ווער קען זיך אויס אַף דעם?

ווער קען זאָגן: אַף „פּראָבלעמלעך״ גוט, שלעכט — אפֿילו בא מעטערלינקן?!

:: :: ::

„קונסט איז נישט קיין מעלאָכע״.

אָבער דאָס איז דאָך א ליגן!

מענטש איינער, גוטע מעלאָכע איז — קונסט.

שלעכטע קונסט איז אויך מעלאָכע, נאָר נישט קיין גוטע.

צו באַשרייבן די נשמה פֿון א בענקל איז טאַקע שווער, אָבער אַסאַך שווערער, גלויבט מיר, איז צו באַשרייבן א בענקל אַזוי, אַז

איינער וואָס האָט אין זיין גאַנץ לעבן נישט געזען קיין בענקל, זאָל זיך קענען פאָרשטעלן אַקוראַט ווי אַזוי דאָס זעט אויס.

דעמאָלט וועט ער שוין די געשאַמטע פון בענקל ס'ווי־סיי פילן.

ווייל די געשאַמטע איז בלויז דער פערטער פוס פון בענקל...

:: :: ::

ווען האָט נאַמבערג באַצייכנט מיט די ווערטער „דער דיכטער פון פּראָבלעמען"?

דער „דיכטער פונם פּראָבלעם" איז דערזעלבער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך אַנומעלטן געקריגט מיט איינעם פון אונדזערע זייער פיינע דיכטער, און געזאָגט, אַז יענער האָט בײַ אים געגאַנוועט אַ שורה.

אויף דעם אַרויף האָט אים יענער דערציילט דעם עפּיזאָד מאָריס ראָזענפעלד. ס'איז אַ מאַיסע ווי אַזוי אַן אומבאַקאַנט דיכטערל, וועמענס נאָמען הויבט זיך אָן מיט די אויסיעס „מ. ר." האָט באַשולדיקט מאָריס ראָזענפעלדן, אַז ער האָט איבערגעדרוקט יענעמס אַ לידל אויף זיין (ראָזענפעלדס) נאָמען.

מאָריס ראָזענפעלד האָט צוגעגעבן, אַז ער האָט טאַקע דורך אַ טאָעס איבערגעדרוקט יענעמס לידל אויף זיין נאָמען, ווייל ער האָט געמיינט, אַז ס'איז זיין אייגנס. „איך האָב זיך טאַקע געבידעשט", מאַכט ראָזענפעלד, „ווי קומט צו מיר אַזאַ נאַריש לידל. נישט מער, מאַכט ער, „יונגערמאַן, אויב איר האָט סייכל, איז ווישט זיך אָפּ די ליפּן און מאַכט אַ שווייג. וואָרים, אַז אַ בעטלער, מאַכט ער, וועט אַרויסגיין אין גאַס און שרייען אַז ראָקעפעלער האָט בײַ אים צוגעגאַנוועט אַ „ניקל", וועט מען אים דען גלויבן?"

:: :: ::

## צו אַ קאַניבאַל אַן ציין *)

מיין ליבער ש. יאַנאָווסקי!

איך וואָלט געקענט אָנהויבן מיין בריוול מיט דער באַקאַנטער פראַזע: „עס איז אונטער מיין קאָוועד צו פירן אַ פּאָלעמיק מיט אַ פּאַסקווילַיסט וואָס שרייבט נישט אונטער זיין נאָמען". אָבער ווי

---

*) אונטערן נאָמען „אַ מענטשנפרעסער" האָט אַ געוויסער צייטונגס־שרייבער — אויף דער אינסטיגאַציע פון יהואש'ס „פּאַטריאָטן" אָנגעפירט פון י. מאַרינאָוו זיך „אָפּגערעכנט" מיטן אויטאָר פאַר זיין רעצענזיע אויף יהואש'ס בוך „פון ניו־יאָרק ביז רחובות און צוריק". — זע מיין בוך „מיינע הענט האָבן פאַרגאָסן ס'דאָזיקע בלוט".

שטאַרק ס'איז מיר ניט צום האַרץ זיך אונטערצוגעבן צו אייער קונץ פון פּאַסקוויליזירן אַ מענטש אַזוי לאַנג, ביז וואַנעט ער וועט זיין געצוואונגען צו שרייבן פאַר אייך אַ פּעליעטאָן אומזיסט, מוז איך עס פונדעסטוועגן טון. שוין עטלעכע נעכט, אַז מיין באַליידיקטער נאָמען שטייט איבער מיין בעט און וויינט, אַז איך בין אים ניט געטריי, און אַז ער וועט מיך פאַרלאָזן און זיך אויסזוכן אַן אַנדערן באַלעבאָס — אַזאַ איינעם וואָס וועט זיין צופרידן צו אַרבעטן פאַר אים לענגערע שטונדן און אויפּפּאַסן אַף אים ווי סע־קער צו זיין. „איך, דיין נאָמען", טאַנעט ער צו מיר, „בין אַזוי ווי אַ גוטער דימענט, אַז איך בין אָפּגעפּוצט און 18־קאַראַט־ריין און כ'האָב אַ קלאָרן גלאַנץ — בין איך ווערט, לאָמיר זאָגן, זיבעציק טאָלער אַ וואָך, טאָמער אָבער בין איך אַביסל אָפּגעריבן און פאַרפלעקט, בין איך שוין ווערט מיט גאַנצע 20 פּראָצענט ווייניקער."

פונם פונקט פון הויכע פינאַנצן, מוז איך דאַריבער אַ פּאַרטייִדיג טון מיין נאָמען.

ערגאָ!

איך טראַכט פאַרוואָס זענט איר קימאַט אייפערזיכטיק אַף מיר, איר ליבער עלטערער מענטש, ש. יאַנאָווסקי? און איז דען אייך נישט קיין גרויסער קאָוועד, וואָס איך, אייער טאַלמיד, האָב דערלעבט צו זען אַזוי פיל נאַכעס באַ מיר אַליין, און וואָס מיין רוהם איז אַף די ליפּן פון עלעווייניצניק דאַמען, און וואָס יונגע מאַמעס בענשן זיך אָן מיר און עלטערע טאַטעס לויפן מיר נאָך און ווילן מיך כאַפּן?

און פאַרוואָס זענט איר אַזוי פאַרברעכעריש־ערלעך, אַזוי פרייעפּרעסעדיק, איר ליבער, פעאיקער, עלטערער מענטש?

און — זעקסטע פראַגע — ווי האָט איר אַזוי ווייניק בריוו־קאַסטן־סייכל — נישט צו פאַרשטייען, אַז דאָס האָט מען געפייערט אָפּן כעשבען פון אייער רעפּוטאַציע אַלס „אַנשטענדיקער רעדאַקטאָר", דעם אויסגעבלוטיקטן פרידן צווישן דעם אַלערליבסטן דיכטער יהואש און זיינע אַלערליבסטע קיילימטרעגערס? ווייסט איר דען נישט, מיין עלטערער, אַז זינט איך האָב מיך דערוועגט אַביסל אַרונטערצושיבן אונדזער אַלערליבסטן יהואש פון זיין ליבן אַהין־און קריק־פּיעדעסטאַל, פון ניו־יאָרק ביז רחובות, איז מיר דער ליבער יהואש געוואָרן אַ ליבער סוינע אַף'ן ליבן לעבן? או אַז די מענטשנפרעסערישע אַטאַקע אויף מיר איז ניט אַזוי מן־השמים, ווי מן י. מאַרינאָוו־יהואש, עט קאַ?

עלטערער פֿריינד מיינער ש. יאַנאָווסקי. ווען איר זאָלט וויסן ווער דער יונגערמאַן איז, וואָס באַ אייך פֿאַרמאַדזשגעט — אַ פֿינף נומערן פֿא״ש, וואָלט איר אַף אים געהאַט נישט ווייניקער ראַכמאָנעס ווי איך.

מיין אָרימער יונג, עס איז אַביסל פֿריקרע, וואָס אַזאַ „פֿיינער״ סטיליסט און ליטעראַטור־קריטיקער, זאָל וועלן „אָפּבייסן די רעכטע האַנט״ און זיך איבערוואַרפֿן מיט אַזוינע נישט־געשמאַקע אונטער־ווערטער, און זאָל נעבעך מוזן אָנקומען צו דער אונטערשטער העלפֿט פֿון זיין פּערזענלעכקייט (וועלכע איז עפּשער נישט ווייניקער ליטעראַט און מיוכעס ווי זיין אויבערשטע העלפֿט) קעדיי צו קענען ווערן וואול־גאַר. ווי רירענד דאָס איז! אויך איך בין אָפּט וואולגאַר — נידער־טרעכטיק, נישט צום־דערטראָגן וואולגאַר. אָבער — זאָל איך סענ־טימענטאַל ווערן (שטימע: „פֿאַרוואָס נישט?״) און אייך זאָגן, אַז מיין וואולגאַריטעט איז אַזוי און אַזוי? וויים איך דאָך, אַז ווען דאָס מויל רעדט פֿון ליליעס, טראַכט ס׳האַרץ. פּונקטום. און ווי די נאָנע זאָל נישט היטן איר יונגפֿרוילעכקייט, מוז זי דאָך. פּונקטום. און ווען איך הער און זאָג שמוציקע וויצן, וויים איך דאָס זענען נישט קיין וויצן נאָר אַ וועהגעשריי, אַ הילפֿרוף. אָבער איר, מיין נערוועונשוואַ־כער קאַניבאַל! ווי צעשפּרייטן זיך אייערע לעפּצן, ווען איר רעדט פֿון די זייער־מענטשלעכע, ראַכמאָנעסדיקע פֿונקציעס פֿון דער אונטער־שטער העלפֿט פֿון אייער קערפּער.

איר, מיין צעשראָקענער קאַניבאַל, זענט ווי יענער העלד, וואָס אַז ער האָט געזען ווי אַ מוטיקער מענטש שטייט אין אַ שטייג און גיט אַ טיגער צו עסן פֿון דער האַנט, האָט ער זיך אָנגערופֿן: „איך קען אויך טון דאָסזעלבע״. און אַז מ׳האָט אים געפֿרעגט וואָס ער קען אויך, האָט ער געענטפֿערט מיט אַ צעשראָקענעם אויגנפֿינטלונג: „איך קען אויך טון דאָסזעלבע וואָס דער — טיגער״.

איך קוק אַרויס דורכן פֿענצטער און איך שרייב ווייטער:

מיין הער: איר זענט אויף מיר ברוגז דערפֿאַר, וואָס איך רעד וועגן זיך אַליין. עס פֿאַרדריסט אייך, מיין הויכגעשעצטער, וואָס איך בין אַזוי פֿאַרברענט נאָך לויב, נאָך ליבע, נאָך רוהם, נאָך לוק־סוס, נאָך קאָמפּלימענטן? מיר — אויך: עס פֿאַרדריסן מיך אומ־געהויער מיינע טעגלעכע נויטיקייטן, זיי פֿאַרביטערן מיר דאָס לעבן מיינס. איך, דער דענקענדער מענטש, דער פֿיינער שמועסער, פֿיינ־פֿאַרקעמטער, קאַנט־לעזענדיקער משה נאַדיר מוז נעבעך אָנקומען טאָג־טעגלעך צו דער אורין־בלאָז! איז דאָך מיר אַזוי שלעכט. מעג

איך מיך באַרימען, ווייל מיינע באַרימערייען זענען קינדעריש, און זיי נאַרן קיינעם נישט אָפּ.

און ווייס איך דען נישט, אַז דער אייביקער דורשט נאָך אונ־שטערבלעכקייט איז אַזוי אַלט, ווי דער אור־וואונש צו וועלן זיך רע־פּראָדוצירן, צו וועלן פאַרוואַרפן אַ שטריק אויף דעם האַלז פון דער ווייטער צוקונפט? און רעד איך דען נישט פון מיינע שניפּסן וואָס זענען נישט שיין, פון מיין פּאָנים וואָס איז מיר אַזוי דערעסן ווי יאַ־נאָווסקי'ס „אויף דער וואַך", פון מיינע אויגן וואָס זענען אַזוי אומע־טיק, פון מיינע אונמעגלעכע, קימאַט אויסגעטראַכטע סטיל־גרימאַסן פון מיין קונסט, פון אייער קונסט, וואָס איז אַזוי ווייניק ווערט! און ווייס איך דען נישט, אַז די אייביקייט נאָך מיר איז נישט מיינע? און אַז מיין אונשטערבלעכקייט נאָך מיר איז אייערע אַסאַך מער ווי מיינע? פונדעסטוועגן ווייס איך אויך, אַז ווען דאָס ביסל נאַריש לויב וואָס ווערט געגעבן באַטוויניקן, טאַמאַשעווסקין, וואָלט אָנגע־קומען מיר אַליין, וואָלט עס מיר עפּשער געדינט אַלס אינספּיראַציע, וואָלט עס מיך דערמוטיקט אין דער שעדלעכער אַרבעט פון וואונדיקן די נעשאַמע מיט די נעגל, און מאַטערן־זיך, און לאַנ־צירן־זיך מיט דעם שאַרפן מעסער פון זעלבסט־קריטיק.

הער לאָגיקער! נאָכדעם ווי איר באַווייזט אַזוי קלאָר, אַז יעדעס וואָרט מיינס, יעדע זילבע איז „ערגעץ גענומען", שטעלט איר זיך אַוועק און שרייט גוואַלד, אַז סטייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, „זאָ־וואָס", אַז אַ מענטש זאָל שרייבן אַזוי ווי משה נאַדיר און אַז ס'זענען גאָרנישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט אַזוינע וויצן ווי מיינע און עס קומט אויס, אַז איך האָב זיי סיידן אויסגעטראַכט פון מיין אייגע־נעם קאָפּ.

נו, זאָגט אַליין!

איר זאָגט ווייטער אין אייער „פּאָלעמיקע", אַז די זילבע „פער" (אין מיין לאָשן „פאַר") האָט אין אידיש די באַדייטונג פון „פער־שווינדן", „נישט־מער־זיין", און אַז קיינמאָל ווערט די פּאָרזילבע נישט באַנוצט אַלס „איינ", און איר כידעשט זיך פאַרוואָס איך זאָג „פאַרלעבן" אַנשטאַט איינלעבן.

מיין ענטפער:

אַ ראַכמאָנעס נעבעך אויף אייער גראַמאַטיק, אויף אייער לינג־וויסטיק.

אָרימער מענטש! שטעלט זיך פאָר, אַז אַ דאַמע איז אַמאָל גע־ווען פאַרליבט אין אייך (אָנגענומען אַז אַזאַ זאַך איז מעגלעך.) איז

זי דען געווען ענטליבט, אוועקגעליבט? און אויב איר פאַרליבן איז איינליבן, פאַרוואָס קען פאַרלעבן נישט זיין איינלעבן? און אַגאַוו — פאַרוואָס קען מען שוין נישט זאָגן, אַז איר פאַרשטייט „אונגע־הויער ווייניק. אַז איר זענט דער גרעסטער גאַרנישט אין קלענסטן פאָרמאַט? פאַרוואָס זאָל מען נישט קענען זאָגן, אַז איר זענט אַזוי רייך מיט געדאַנקענלאָזיקייטן, אַז איר זענט דער פיערפאָנט־מאַרגאַן פון נישט קענען? און פאַרוואָס זאָל איך נישט זאָגן, אַז אייער הימל־געשריי, אַז מיינע פאַראַדאָקסן זענען נישט לאָגיש, איז זייער אַ פּאַראַ־דאָקסאַלער, העכסט־אומלאָגישער געדאַנק? און פאַרוואָס זיל איך נישט אביסל וואולגאַר ווערן און אייך ענטפערן, אַז די אורזאַך, פאַר־וואָס איך גיי מיט אַן אָפענעם הויזן־טערמינוס, איז, קעדיי איר זאָלט זיך נישט שעהמען אין מיין אַנוועזנהייט צו גיין מיט אַן אויפגעדעקט פּאָנים? (עקלהאַפטע כאָכמע.) און פאַרוואָס זאָל איך נישט זאָגן, אַז ס'איז ביכלאָל זייער גרינג צו באַווייזן, אַז וואָסער־עס־איז שטיקל ליטעראַטור איז גענומען פון וואָסער־עס־איז אַנדער שטיקל ליטעראַטור (אַף דער גאַנצער וועלט איז נישטאָ מער ווי עלף אָריגינעלע סוזשעטן. זע פאַרשיידענע ביבליאָטעקן!) מען דאַרף אָבער האָבן טאַלאַנט דערצו און פעהיגקייט און סייכל. איר, פאַני מענטשנפּרעסער, האָט דאָס אַלצדינג, אָבער איר ווייזט עס נישט אַרויס (אונגעהויער, אונ־מעגלעכער, אַלטער וויץ, ענטנומען פון אַלטמאַן בראַדערס, פּונקט אַזוי ווי מיין „מער־ווייניקער ווי מער" איז ענטנומען פון עקהאַרד'ס ביבל־קריטיק. זע יאַבושיק'ס בוך אולדער־דראַנג, צווייטער טייל, בלעטל 641).

איר האָט פּאַראיבל, הער מענטשנפּרעסער, פאַרוואָס באַ מיר ציטערט אַ רוקן. אַ רוקן, זאָגט איר, קען נישט ציטערן. איך זאָג, אַז אַ רוקן קען יאָ ציטערן. אויב אַ גאַנצער מענטשנפּרעסער קען ציטערן אונטערצושרייבן זיין נאָמען, טאָ פאַרוואָס זאָל אַ רוקן נישט קענען ציטערן? אַז איר ציטערט, ציטערט אייער רוקן דען נישט מיט? טוט איר זיך דען אויס פונם רוקן? אַגאַוו: די ערד מעג ציטערן? די הויט מעג ציטערן? („עס ציטערט אויף אים די הויט") און דער רוקן טאָר ניטש?

אַכוץ דעם איז דאָס וואָרט רוקן־ציטער גלאַט אַ טיפּאָגראַפישער פעלער. עס האָט געדאַרפט זיין: רוקן־ציטאַ. (ציטאַ, קעניגין ציטאַ פון עסטרייך.) אָדער רוקן־ציטאַר אָדער רוקן־צעטום (ליטוויניש צעטום, וואַלפיש, רוקן־וואַלפיש), אָדער רוקן־ צידרע (פראַנצויזיש: צידרע, סידרע, סיידער, עפּלקוואַס, רוקן־עפּל־קוואַס).

נאָר אָנגענומען אַז ס'איז ניט קיין טיפּאָגראַפישער טאָעס, נאָר ס'איז טאַקע אַ רוקן־ציטער, טאָ וואָס איז דאָ אַזוי דער גוואַלד? אין ערגסטן פאַל, אויב דער רוקן ציטערט נישט, קען מען אים אויסשניידן און אים אַרויסהענגען אַפן ווינט וועט ער ציטערן.

ווייטער זאָגט איר, אַז די אורזאַך וואָרום איך וואַרף זיך אַזוי מיט שטיקער גאָלד, רענדלעך, בריליאַנטן, זילבער, עדלשטיינער, ראַדיום, איז דערפאַר, ווייל איך בין נעבעך אַ בלוטיקער אָרימאַן, און כ'האָב נישט אַ (גייסטיקן) גראָשן באַ דער נעשאָמע. דערפאַר בין איך, זאָגט איר, אַזוי ששים־בכרס־אחדייק, ערכאַאיש, אַנאַפּאָריש, אַנציפאַל, רעגנבויגנדיק.

איז דאָס נישט צומאָל אַ שטיקל פּאַראַדאָקס?

איר זאָגט ווייטער, מיין הער, אַז איך. משה נאַדיר (מערקט ווי איך דערמאָן מיין פולן נאָמען, באַ יעדער געלעגנהייט! דאָס אימיטיר איך אים, ווי הייסט ער? — שעלמבאַכ'ען פון לייפּציג) — איר זאָגט, אַלזאָ, אַז אויב משה נאַדיר „צוטרייבערט אַ פּיעסע אַף פּיצ־פּיצלעך איז זי גאַנץ בעשטימט אַ מייסטערווערק". נו, דער פאַקט איז, אַז מיט דער אויסנאַם פון עטלעכע דראַמען פון אַש, דימאָוו און קאָברין, האָב איך זייט די לעצטע דריי יאָר „צעטרייבערט קימאַט אַלע נייע אידישע פּיעסן, אונגעפער אַן אַכציק שטיק. קען עמיצער מיר אָנווייזן אַז די אידישע בינע האָט אין די לעצטע דריי יאָר געשאַפן אַן אַכציק „בעשטימטע מייסטערווערק"?

אַלס אַ באַווייז אַז איך בין פּערזענלעך אין מיינע טעאַטער קריטיקען ברענגט איר אַ מוסטער פון מיינע באַציהונגען צו שלום אַש'ן (וועמען איך לויב) און איבסענ'ען (וועמעס הערדא גאַבלער, איך „צע־טרייבער אַף פּיצלעך"). אָבער איר ווייסט, דאַכט זיך, אַזוי גוט ווי איך, אַז מיין פּערזענלעבע סינע צו איבסען'ען (—צוליב דעם וואָס ער האָט אַמאָל מיך אָנגעגריפן אין מיניקע'ס יאָנטעוו־בלעטער. זעה דעם סוקעס־נומער פון יאָר תרע"ה) — איז שוין לאַנג פּאָראיבער און פאַרגעסן! און אַז די לעצטע צייט, פלעגן מיר — איך און איבסען — זיין אין זייער פריינטלעכע באַציאונגען. און מיר פלעגען קומען איינס צו'ן ס'אַנדערע יעדן שאַבעס אַף קוגל! אָבער איר מאַכט זיך נישט ווייסעדיק דערפון. באַ אייך קומט אויס, אַז מיינע באַציאונגען צו איבסען און צו שעקספּיער'ן זענען נאָך אַליץ פּערזענ־לעכע. ווי איבערטריבן!

אייערע ציטאַטן פון מיינע (?) ווערק, זענען ביכלאַל אַ גרויסע נישט־ערלעכקייט, מיין הער. און איר זענט דאָך אַזאַ פיינער, אָדער

העכסט־אײדעלער מענטש. װי קומט עס צו אײך? איר װײסט דאָך, אַז די אַלע זאַכן װאָס איר ציטירט קערן זיך נישט צו מיר, זײ קערן צו דעם רױזנקאַװאַליער, צו דר. האָציקל, צו רינאַלדאָ, צו אַנאַ דאָנאַ און אַנדערע? און איך בין דען דער װעכטער פון מײנע פּסעװדאָ־נימישע ברידער? און װען די דאָזיקע זאַכן זענען אַפילו פון די בעסטע — קומט מיר דען קרעדיט דערפאַר?

און בין איך דען ביכלאַל אַ מין „יהואש דער כאַכעם" װאָס שרײבט דירעקט שטיקער אונשטערבלעכקײטן? און מאַך איך דען מײן ליטעראַרישע אַרבעט מיט אַ בלעכענעם אונטערשלאַג און מיט מעשענע קנעפּ־לעכער, עס זאָל געדױערן אײביק!

אָ, מײן האַרצגעליבטער קאַניבאַל, װי אָפּגעשװאַכט איר זײט נעבעך פון אײער משה־נאַדיר־פּרעסערײ! איר שװיצט נעבעך. איר זענט נעבעך מיד פון שטײן אַף אײער שװאַכן קאָפּ. אָבער װאָס האָט איר געפּױלט דערמיט? גאָרנישט. איך האָב נאָך אַלץ ליב: װײנשל־בױמער, האָשיש, פלאָבערן, באָרװעסע פרױענפיס. איך בין נאָך אַלץ, גאָט זײ דאַנק, אַ גרױסער פײגלינג, און אַז איך הער װי די רעדער פון דעם טראַמװאַי אַף װעלכן איך פאָר — צעקנאַקן די בײנער פון אַ לעבעדיקן מענטש, שפּרינג איך אַראָפּ און אַנטלױף, און קוק מיך אַפילו נישט אום (פאַקט.) און איך גלױב נאָך אַלץ, אַז אױב די װעלט מאַכט מיך נישט קײן אָפּטע באַנקעטן, יובילײאומס, פאַראַדן, װיװאַטאַדן (מ'קען נישט זאָגן „װיװאַטאַדע", אָבער איך זאָג סײ־װי־סײ און עס שאַדט מיר נישט צום געזונט.) — איז עס אַ פאַרלוסט פאַר דער װעלט, נישט פאַר מיר, װײל, אַז איך בין נישט אין קײן גוטער שטימונג שרײב איך זײער װײניק, אַז די װעלט גײט אַרום און האָט נישט װאָס צו לעזן! און איך בין נאָך אַלץ אַזױ זעלבסטפאַרליבט, אַז איך גלױב אין אײנעם מיט מײן פרײנט מ. ל. האַלפּערן, אַז איך בין — אין דער אידישער ליטעראַטור — דאָס קאָפּ־ריזנע בן־יחיד'ל. און איך גאַנװע נאָך אַלץ מײנע מײסטערװערק באַ עליאַש'ען, באַ דאַרװינ'ען, באַם לעבעדיקן, באַ פּאָמפּאַדור'ען (— כאָטש ס'איז אַביסל נישט פאַרשטענדלעך, װאָס אַזאַ בריליאַנטענער נעמער־דע־לוקס, זאָל נעמען פונם „לעבעדיקןס"*) פּאָמפּאַדור, אַנשטאָט צו נעמען דירעקט דאָרטן, װאו דער לעבעדיקער נעמט—באַ ניטשע'ן) און איך נעם און נעם און נעם. עס נעמט גאָרנישט קײן סאָף צו מײנע נעמערײען. און עס איז שױן דערגאַנגען אַזױ װײט, אַז

*) אַ פּסעװדאָנים פון אַ שרײבער.

איך גאַנווע שוין: נישט נאָר נעכטן, און היינט נאָר איך גאַנווע שוין עטלעכע כאַדאָשים אין פאָראויס. און אַז עליאש שרייבט אָן אַ „סקיצעלע" אין „קונדס" דעם ווטן דעצעמבער, וואָס־זשע טו איך? לויף איך אַוועק מיט דריי כאַדאָשים פריער, גאַנווע עס בא אים צו (זעט אייער לעצטן בריוו, הער עם עף.) און אַז טורגעניעוו האָט „אַ מאַיסע מיט אַ בער" — ווי איר גיט אָן זייער גענוי — אינם 14טן באַנד פון „וועלט־הומאָר" זוכן מיר די דאָזיקע מאַיסע — איך און ל. קרישטאָל — און מיר קענען זי בשום אופן נישט געפינען. און מיר באַשליסן צו אָנאָנסירן זייער ערנסט, אַז אויב עמיצער וועט געפינען בא טורגעניוו'ן אַ מאַיסע מיט אַ בער, וואָס איך האָב איבערגעשריבן אין „טאָג", וועל איך אייך גיבן הונדערט דאָלאַר אין גאָלד (גאָלד האָט איר דאָך ליב,האַ?)

אייער פראַגע: „ווי אַזוי קען אַ מעסער זיין שאַרף און נים שניידן?" מיין ענטפער: „אַ מעסער קען, צומביישפּיל, זיין שאַרף און ליגן אַפן טיש און נישט שניידן! אָ, זאָגט ער, ווען אַלע שאַרפע מעסערס וואָלטן געשניטן אונטער אַלע אומשטענדן, וואָלט מען דאָך נישט געווען זיכער מיטן לעבן צו האַלטן אַ מעסער אין שטוב.

(אָוואַ, און אייך איז דאָס גאַרנישט איינגעפאַלן!)

מער קיין נייס צו שרייבן, חוץ גרוסן און קושן צו דער גאַנצער אַנטי־משה־נאַדיר־פאַמיליע, וואָס זענען נעבעך שרעקלעך געערגערט דערפון וואָס איך „ספּאַיל די ביזנעס" דערמיט וואָס כ'דערצייל, אַז אַ שריפטשטעלער איז נים קיין ענגל. נאָר אַ מענטש גלייך ווי אַלע, מיט פעלערן און מאַלעס, שוואַכקייטן, נאַרישע פאַרלאַנגען און פּיצלדיקע שטרעבונגען.

איך ענדיק, און קעדיי נאָך אַמאָל צו שאַקירן די אַלע בא וועמען עס „ציטערט נישט דער רוקן", וויל איך מאַכן די באַהויפּטונג, אַז ס'איז גאַרנישטאָ די לעבעדיקע פרוי אַף דער וועלט וואָס זאָל מיך נישט קענען פאַרפירן — אויב זי איז נאָר געזונט און ווייניקער ווי 58 יאָר אַלט.

מיט העכסט־גראַציעזער פאַרניגונג,

משה נאַדיר.

אַרום יאָר 1915 אָדער 1916

# פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור

.1

דעם סייכל׳ס סייכל איז: נישט איך זאָל אים באַדינען, ווי ער וואָלט געווען מיין אויבערהאַר, נאָר ער, דער סייכל, זאָל באַדינען אַלע מיינע נויטן (אַפילע אומסייכלדיקע). ד. ה. דער סייכל דאַרף דינען, ניט הערשן. דאָרט וואו דיין סייכל ווערט דיקטאַטאָריש, ווערט אַן אָפּאָזיציע צו דיין לעבן, דאָרט איז ער — מיט אַלע זיינע קאָסמישע קונצן און פילאָזאָפישע שפּיצלאַך — דיין סוינע.

צו זיין קלוג „אַן־און־פאַר־זיך", אָן דער פּאָדפּאָרע וואָס שפּאַרט אונטער די פאַלנדיקע ווענט פון לעבן, אָן באַהעפטונג פון מענטש מיט וועלט — צו זיין גלאַט־אַזוי־זיך קלוג, איז אַ ברוטאַלע נאַריש־קייט.

קונסט, ווי אויפקלערנדיקער מאַסנשטאָף, מוז צעפּירט ווערן אין וואַסער פון טאַכלים, מוז פליסן און באַוועגן זיך מיט דעם אַל־ריטם פון דעם אוניווערז. מיט דעם אַף־און־אָפּ הילך פון לעבן.

די בורזש־קונסט דינט אַף אַ קליינעם אויפן דעם־אָ צוועק. זי גלעטיקט, טרייסט. טוט נישט צו שטאַרק וויי. שטעכט זי זיך אַמאָל אַליין דורך איר האַנט־געלענק מיט אַ מעסער, מעגט איר זיין זיכער, אַז דאָס מעסער איז אַ קונצן־מעסער פון אַ פאָקוסניק. דאָס קלינגל פאַרקריכט אין שייד באַ דעם אָנריר פון אייגענעם פלייש.

אָבער די בורזש־קונסט באַדינט איר לידיקן קלאַס ניט נאָר מיט גלעט־ליטעראַטור, נאָר אויך מיט געדאַנקען־באַוואָפנונג קעגן איר פיינט.

דער בורזש־קינסטלער זאַמלט ארום זיך די קויכעס פון שטאַט און קירך, זאַמלט אַרום זיך די אַלע מענטשן, וואָס רייבן זיך אַרום אַ פעטן טאָפּ, פאַרפומירטע זיפצלעך זענען אייגנטלעך גיפטיקער געדאַנקנגאַז.

די זיס־פרומע לידער צו גאָט, הייליקע איקאָנעס — אין די אַלע דעליקאַטע גאָלדשטעמפּלען אַף ציגאַר־פּאַפּיר איז באַהאַלטן (באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט פאַר דעם בורזש־קינסטלער), אַ קלאַסן־קאַוואָנע.

דורך די שיינע, קלוימערשט־עטישע ווערטער, זיפט זיך סאַם פאַר דעם דערנידעריקטן און באַלידיקטן קלאַס. דער באַשפּיגענער און באַרויבטער ווערט אויסגעשמירט אין סאַזשע און געשטעלט אין

קינע. ער ווערט פּסיכאָלאָגיש צוגעגרייט דאָצו, אַז ער איז מינדער־ווערטיק, פון געמיינעם בלוט געבוירן — אַ דריטקלאַסיקער מענטש, אַף וועמען עס פּאַסט זיך ראַכמאָנעס צו האָבן.

פאַרשטייט זיך, אַז גראַדן פון קונסט (אין זין פון מעלאָכעשאַפט) איז דאָ באַ די בורזש־ליטעראַטן זייער אַסאַך. שולעס אָן אַ שיר. זוכעניש, אויפדעקעניש, צו־לאָכעס. דאָ בליען די נייעסטע שולעס פון דעקאַדענץ, מאָדערניזם, אינטראָספּעקטיוויזם, אימפּרעסיאָניזם, דאַדאַאיזם, גרויסע שווינדלען ווערן דאָ באַטריבן. עס קומט אַזוי ווייט אַז אויב אַ שמיר פון בעהיימע־עק אַף אַ לייוונט אַפּעלירט נישט צו אייערע געפילן, זענט איר — אַ גראָבער יונג און ס'איז אַ ווייסטער ביזאָיען גאָר מיט אייך צו רעדן.

דער קונסט־שוך הויבט אָן צו קוועטשן. מ'לאָזט שיר די נע־שאָמע. נאָר מ'שעמט זיך אויסצוזאָגן. מ'האָט אייך איינגערעדט, אַז אַ „גוטער פוס" מוז פּאַסן צו יעדן שוך . . .

ליט־כוצפּע באַקומט פליגלען. ביז איצט האָט מען געפּרואווט פאַרעמעסן דעם ליגן. דער שרייבער, וואָס האָט ערשט אַנומעלטן געצייכנט זייער פּאַכמאַניש און דעטאַלנע בלייפעדער־ליניעס, און דערנאָך די פאַרענדיקטע צייכנונג פאַרווישט מיט דער האַנט צוליב עפעקט, דער נעמלעכער שרייבער שפּאַרט זיך איצט איין די מי און ווישט סטאַם־אַזוי צערונענע טינט־פלעקן אַף פּאַפּיר.

אין די פּוסטריט פון דעם קענער, פון דעם פּאַכמאַן, וואָס מוז אייך פאַרקויפן גוטע סכוירע פאַר שלעכטע ווייל אַף דער גוטער סכוי־רע איז קיין באַלאָנים נישטאָ, אין זיינע פּוסטריט קומט דער פאַר־טאַטש און צעלייגט זיין סכוירע אַפן ליטעראַרישן מאַרק: מאַכן אומ־קלאָרע פלעקן קען ער אויך! — נאָך ערגער (ד. ה. בעסער) ווי דער פּאַכמאַן. אַזוי גייט אָן דער שווינדל ביז עס הויבט אָן דערעסן. באַווייזן זיך אַף דער סצענע ווידער די מייסטער: סינקלער לואיס, טהאָרנטאָן ווײַלדער, טהאָמאַס מאַן. דאָס קלאָרע קלאַסישע צייכענען איז טרומף. די בורזש־וועלט איז איבערגעגעסן מיט דעקאַדענטישע שפּינוועב־לעקעכלעך, זי וויל עמעסע שפּייז פאַר איר גוף. זי וויל די וועלט און יענע וועלט . . . קלאָמפּערשט גייט זי צו דער ערד, קלאָמ־פּערשט הערט זי זיך צו צו איר אייגענע שטילע טריט, וואָס קומען פון עלטער־שוואַכקייט, אָבער אין דער עמעסן זוכט זי זיך טרוקענע סטעזשקעס אין דער טיפער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער בלאָטע, אין וועל־כער זי איז שטעקן געבליבן אין יאָר 1914 — נישט אַהין און נישט אַהער.

.2

אונדזערע שרייבער:

ווער ס'לויפט־מיט — לויפט־מיט, פון דעם רעדט מען נישט. דער מיטלויפער קען אמאל צונויפקומען ווי א נאך־פאסטן: כאטש ער גייט מיט אונדז, גייט ער אבער הינטערוויילעכס, מיטן פאנים אוועק פון אונדז. סטראטעגיש קומט דאס צונויף: דער סוינע קען זיך אמאל אפנארן און (לויט דעם מיטלויפערס פאזיציע) מיינען, אז מיר גייען אוועק, בעאיים מיר קומען גאר אן! נאך מער: אין פרעמדן לאגער קען מען מיינען, אז די הינטערשטעליקע נאכלויפערס פירן. כאטש אין דער עמעסן זענען זיי העט הינטן און שפילן קיין גרויסע ראלע נישט.

דער רוי־שטאף פאר פראלעטארישער ליטעראטור, זיין „טעמאטיק" קען גענומען ווערן פון אייגענע דערפארונגען, איבערלעבענישן, רעגונגען, מיט דעם טנאי אבער, אז מען דארף פארזיכטיק אויסקלייבן די ווערימדיקע ארבעס. נישט אלצדינג וואס פאסירט מיט א מענטשן איז — עמעס. נישט יעדער עמעס איז — ווירדיק. פראלעט־קונסט בויעט זיך אף דורכגעזיפטע קוואליפיקאציע, שארפגעשפיצטע עמעסן.

מיר פונם עלטערן דאר אידיש־שרייבער, וואס האבן געהאט דעם אומגליק צו פרי געבוירן צו ווערן, שטעקן נאך מיט א האלבן לעבן אין יענער אידעאלאגיע. עס איז שווער פון אונטער זיך די האלבטויטע ווארצלען אויסצוקארעניען. ווי א פלאמנשווערט האט די רעוואלוציע אונדזערע לעבנס איבערגעשפאלטן אף צוויי העלפטן. די טונקעלע יערושע־פעדים ציען אהין, צום מיסטל, אף וועלכן די רויטע ווייספערלעך זענען אויפגעוואקסן. ווי אן אפגעשניטענער פוס, וואס טוט נאך וויי, כאטש ער איז אפגעשניטן — אזוי איז אונדזער פארגאנגענע העלפט לעבן. אבער דער מוטיקער סייכל זאגט אונטער: ראטעווע דיין פוס־פיען! לאז מער קיין פוילע מאטעריע נישט צו. צינדט־אונטער אין זיכאליין די אלע ליריש־עלעגישע שימלשטאפן און זאל דאס פייער פון אידעאלאגישער לייטערונג לאפיסירן דיינע שריפטן.

דאס איז גערעדט געווארן וועגן די האלב־טראגישע שרייבער, וואס זענען געקומען צו דער רעוואלוציע, צוגעגרייט מער מיט „גאלדענע הענט", ווי מיט בלייענע ביקסקוילן, — יענע וואס זענען געקומען מיט סאמעטשטאפענע אידעאלן דינען א אידייע וואס איז שטאל און נויט. ווי איז אבער דער דין, אז די יונגע דיכטער, פון די הארבארניעס און שעפער ארוים — די שרייבער וואס זענען בלוט־און־פלייש פונם פראלעטאריאט, — ווי איז דער דין, אז אזוינע דער־

טראַכטן זיך פּלוצים, אַז קונסט איז עפּעס גאָר אַזוינס־און־אַזאַס?!

פונוואַנען קומט אַף זייערע וואַסערן צושווימען אַזאַ קונסט־קאַטשקע? פונוואַנען נעמט זיך אַף זייערע רויטע ליפּן אַזאַ טריפונג פון „יונגפרויענמילך"? האָבן זיי דען דאָס פון די אייזערנע בריסט פון דער רעוואָלוציע געזויגן?

ס'איז דאָך מערקווירדיק: די וועמענס שרייבשטאָף איז רויע קאַנאַפּליעס, באַמיען זיך מיט אַלע קויכעס, דורך דעם שפּרוך פון קונסט־אַלכעמיע צו מאַכן פון זייער פלאַקס — זייד, דערנאָך טאַינען זיי, אַז זיי ווייסן גאָרנישט וואָס פלאַקס איז! די נאַטירלעכע, גע־זונטע ליין־שפּינערס ווערן אומנאַטירלעכע, קראַנקע זיידשפּינערס...

איר יונגע שרייבער וואָס איר זענט געבוירן געוואָרן אין „זיידן העמדל" פון גראָבער לייוונט, קראַצט נישט אָן אַף זיך קיין וואונדן, מיינט נישט, אַז וואונדן זענען אַזוינע טשאַטשקעס, וואָס ליטעראַטן קענען זיך אָן זיי נישט באַגיין, און אַז וכאָל האַמאַרבע לקראַצנזיך מיט איוב־שערבאַלעך האַריי זע מעשובאַך.

מאַכט זיך נישט אָן קיין „פּסיכאָלאָגישע" וואונדן, און קומט נישט צו אונדז מיט קיין קאַשעס, ווי אַזוי מי היילט זיך אויס.

וואָס קומט אַרויס פון דער נעשאַמע־פאַרשעריי, אַז איר טענ־דענץ איז נאָר צו רייסן אַף זיך די הויט? וואָס איז דער ציל און דער טאַכלים פון „קונסט", אַז דאָס איז בלויז אַן אַרומדרייען־זיך אין לאַבירינטן מוירעדיקע, וואָס אין גליקלעכסטן פאַל, קריכט איר אַרויס דורך דערזעלבער עפענונג, ווי איר זענט אַריינגעקראָכן.

באַלויכטן דעם מענטשן מיט רענטגענשטראַלן צוליב וויסנ־שאַפטלעכן, אָדער סאָציאַל־פּסיכישן דיאַגנאָז — דאָס פאַרשטייט מען, אָבער אויסטועון אַ (קראַנקען) מענטשן נאַקעט, אים אַרומרינגלען מיט שפּיגלען, און אים לאָזן זיך דערוויל ערגערן, פאַרשעמען און פאַרקילן — צו וואָס דאַרף מען עס?

דאָרטן וואו דער בורזש־שרייבער קאָן זיך פאַרגינען צו שפּילן מיט קונסט, ווי מיט קאָלירטע פּאַפּיר־באַלונען, מוז דער פּראָלעטאַרי־שער שרייבער שטענדיק באַדינען די ביטערע נויטן פון דער מאַסע.

פון דעם וואָס דו וועסט אָנצייכענען מיט אַ קריידל נייע רעלסן, פריינט באַלכאָלעם, וועט דער סאָציאַל־פּאָליטישער לאָקאָמאָטיוו זיך נישט דערשרעקן. וויפיל דו זאָלסט דעם לאָקאָמאָטיוו נישט אויפ־קלערן וועט ער אַף די קרייד־געצייכנטע רעלסן נישט לויפן, סיידן דו וועסט איבער דיין „קונסט", איבער דיינע קרייד־ליניעס, אויסלייגן שטאָלענע שינעס און זיי בינדן מיט פעסט־מאַרקסיסטישע שפּאָלן.

וואָס שטייט פאַר דעם פּראָלעטאַרישן שרייבער?

ערשטנס: מאַכן די רעוואָלוציע אינזיכאַליין. אויפהענגען אין דער אייגענער נעשאָמע די פייערפאָן, זי לאָזן דאָרט פלאַקערן, און גליען, ווי אַ מיטל קעגן די אַלטע נעשאָמע־שיימעסן, וואָס דו האָסט בירושע פון דיינע זיידעס און וואָס פאַרליינגן די טרעפּ צו דיין גמעמיט־בוידים. (אַגאַוו, אַז איר בויעט פון שטיין און שטאָל, שטעלט נישט אַריין אין מיטן דרינען קיין „גאָלדענעם טרעפּ". עס איז, אפילו לויט די קלאָלים פון דער קלאַסישער אינזשעניר־קונסט אַ דיסאָנאַנץ!)

צווייטנס. מאַך נישט דיין קונסט־מאַלביש פון איידעלע, טייערע שטאָפן, וואָס קלעקן בלויז אַף אַן אומבאַקוועמען בענעד, בעסער מאַך עס פון פּראָסטער סכוירע, נאָר גראָב און ברייט און מיט אַ פאַליבאָן, אַזוי אַז דער פאָלקס־מענטש זאָל זיך נישט פילן איינגעשטייפט, נישט פילן, אַז עס איז געגייט אין אויסלאַנד, און אַז ס'איז נישט אין זיין מאָס גענומען. יאָ־יאָ, כאַווער, פאַרבייג אַביסל דיין „קונסט" צוליב דעם קאָמוניזם. דעם „שיינעם אידן מיט אַ פּראַקטיקער באָרד", וואָס טוט נישט אַ האַנט אין קאַלט וואַסער האָסטו דאָך פיינט, איאָ? לערן דיך אויך פיינט האָבן די „קונסט", וואָס האָט אַ גוואַלטיק־שיינע באָרד, נאָר זי גייט אַרום מיטן שטעקעלע און טוט גאָרנישט.

דער בורזש־דיכטער איז אויסן, אַז לייענענדיק זיינע לידער זאָל מען אַף גיך אַרונטערשלינגען די סלונע און זאָגן פאַרגאַ־פעט: „האַה?!". און דער לייענער זאָל בלייבן מיט דער צונג אין דרויסן.

דער פּראָלעטפּענער איז בעשום אויפן נישט אויסן צו פּלעפן מיט זיין טאַלענט, פאַרקערט, ער פאַרקאַטשעט אַביסענקע די פּאָלעס, בוינגט זיך אָן, קעדיי זיין קאָל זאָל נישט קלינגען איבער דיר, נאָר אין דיר, צו דיר.

דריטנס. פאַראונטערטעניק דיין געיאַרשענטע „קונסט־גאַיווע" צו דעם געפיל פון נוצלעכקייט, שטיי נישט און באַוואונדער די שאַרפקייט פון דיין האַק, קוק בעסער וויפיל שפּענער האָסטו שוין אָנגעשפּאָלטן.—

באַוואָפן דיין טאַלאַנט! גיב אים אַ שווערד אין דער האַנט אַריין!... קענסטו די שווערדנשריפט איז אַוואַדע גוט. קיין פען שרייבט נישט אַזוי קלאָר און איבערציינגנדיק ווי אַ שווערד. קענסטו דאָס נישט, שרייב כאָטש מיט דער שווערד אין דער האַנט. קענסטו דאָס צווייטע אויך נישט, ביזטו אין אונדזערע קאַמף־קאַדרעס נישט קיין גרויסער מעיוכעס: דו קערסט צו די פּיזיש־שוואַכע, וואָס באַדינען דעם רויטן פראָנט ביז צו די ערשטע ליניעס; טראָגן הייסע זופּ צום פראָנט, באַדינען מיט באַנדאַזשן, מיט פּאַפּיראָסן.

און דאָס וואָס דו זאָגסט, אַז צוליב דיין אידעאָלאָגישער ניכ־טערקייט קענסטו נישט פאַרנוצן די גאַנצע נעשאָמע־סכוירע, ווי זי שטייט און גייט (אַזוי ווי דער בורזש־שרייבער טוט דאָס), איז דאָס אַ טאָעס; דער בורזש־שרייבער קלויבט אויך אָפּ. „האַרץ" און נערוון זענען טאָמיד אין דער אַרבעט פון זאַמלען איינדריקן, דער סייכל קלויבט־איבער, רעזשיסירט... וואַרפט אַרויס רוישטאָפן אָן אַ שיר, שטעלט איבער, קאָמבינירט טויזנט מאָל איידער סי קומט אַרויס דאָס, וואָס דער סייכל האָט פאָראויס באַשטימט, אַז ער דאַרף האָבן פאַר זיין צוועק, פאַר זיין אידעאָלאָגיע. די בלינד־געבוירענע געפיל־הינטלעך ווערן אויסמושטירט צו שטיין פאַר קירך, קייסער און קאַפּיטאַל אַף די הינטערשטע פיס... דער „הייליקער גייסט„ וואָס האָט אינספּירירט די בסולע קונסט, איז נישט מער ווי אַ פאַרשטעל־טער דאָן־זשואַן.

פערטנס. דו זאָגסטט, כאַווער, אַז „אָקטיאַבר" איז דיר צו נאָענט צו די אויגן, זאָלסט עס קענען קינסטלעריש זען, דיר איז גרינגער צו שרייבן פון ווייטערע זאַכן, ווייל די־אָ זעסטו בעסער און אַז פאַר דער גרויסער געשעעניש פון דער רעוואָלוציע פעלט דיר פּערספּעקטיוו ? !

טאַ, עס איז גאַרנישט אַזוי די מאַיסע מיט „פּערספּעקטיוו" ! קיינער הייסט דיר נישט ליגן מיט דער נאָז אָפן שפּיגל. רוק דיך אָפּ אַף הינטערווייל עכעס ביז טיף אין דעם מענטשנס אור־געשיכטע אריין. פון דאָרטן קוק אהער. פון יענער ווייטקייט־אַרוים — עפענען זיך סאָציאַל־היסטאָרישע לאַנדשאַפטן וואָס פאַרכאַפּן ס'אויג.

דער פּראָלעט־שרייבער האָט אַף זיין וועג צו סאָוועטישער בוי־אונג געגעג שטרעקעס צו דעקן, אָן אויפצולייגן דעם וועג. דער פּראָלעט־שרייבער זוכט דעם נענטסטן, קורצסטן סטיל. ער רעדט קלאָר, הויך, מיט קיילעכדיקע, גרויסע אויסיעס, אַז אַלע זאָלן דייטלעך הערן, פאַרשטיין אין וואָס עס האַנדלט זיך.

וואָרים נישט אין מיסטיפיקאַציע ליגט דער „סויד", נאָר (נאָך מער) אין ליכטיקייט. אין דער פינצטער האָבן ליב צו שאַפן שוואַרצקינצלער, ראַבאָאים, אָפּשפּרעכערס, אַפּאָסטאָלן, פּויפּסטן...

באַשרייב דיין שאָפּ, דיין מיטאָג־ברויט, דיין מאַשין, די מאַ־טעריעס פון וועלכע דו מאַכסט דיינע זאַכן. דיין באָס, דיינע כאַ־ווירים, דאָס פּיסל פון דיין ניימאַשין. קלויב דיר אויס דיינע בונטאַרישע מענטשן און לאָז זיי האַנדלען לויט דיין אידעאָלאָגיע. לאָז נישט קיין „טויטע מענטשן" רעדן אַליין. דו, לעבעדיקער מענטש, רעדט פאַר זיי ! מאַך זיי לעבעדיק מיט דיין אָטעם, אינאָקוליר זיי

מיט דעם בלוט פון דיינע אַמביציעס, פון דיינע ציל̈ן.

ל̈אָז זיי האַנדלען ווי פּול̈ווער, ל̈אָז זיי טרוקן־ווערן און — אויפרייסן!

האָסטו נישט אין דיין דימיען־גאַלעריי אַזוינע פּול̈ווערישע מענטשן, טו שיט זיי אָן פּול̈ווער אין אַלע קעשענעס, — די צייט, די רעאַליטעט, דער צונויפשטויס מיט די האַרטע נויטן אין לעבן, וועט שוין ברענגען דעם אויפרייס.

האָסטו אין דיין טיפּאַזשן־לאַגער אויך אַזוינע מענטשן נישט, טאָ דאַיאָש דעם סוינע!... שיט אים אַריבער צו אונדז, מיט אַ צוגע־שפּילעט צעטעלע צו זיין ל̈אַץ, מיר זאָלן וויסן וואָס צו טאָן מיט אים.

באַוועג אַלדינג אַרום אים — נאָר אים אַליין ל̈אָז בל̈ייבן סטאַ־טיש, ווי אַ פל̈יג וואָס איז איינגעגליווערט אין בורשטין. זאָג נישט: „איך קען מיר נישט העלפן. אויך אין דער בורזשואַזנער נאַטור זע איך גל̈אַרישע שיינקייט, שטראַלנקרוינען". — זעסט דאָס און זאָגסטו דאָס אַרויס, דעמאַראַליזירסטו די אַרמיי, ביזטו — אַ פּאַרפירער! דער שונא מוז מיעס זיין, קעדיי מיר זאָלן אים קענען גרינטלעך פיינט האָבן. איז ער דאָס נישט, האָבן מיר אים נאָך מער פיינט דאַפאַר! מיר האָסן מיט טויט־סינע יעדן פונק פון סימפּאַטיע צו דעם קלאַס, וואָס רויבט אונדזער גליק, לעשט אונדזער לעבן!

באַ דער בורזשואַזיע הייסט קונסט:

צו פאַרליגנערן דעם עמעס. אָדער צו פאַרעמעסן דעם ליגן.

באַ אונדז הייסט קונסט:

צו באַווייזן, אַז דער עמעס איז אויך עמעס. צו באַווייזן (ווי ש"ע זאָגט), אַז „מענטשן זענען אויך מענטשן"... און אַז קיין אַנדערע מענטשן אַכוץ מענטשן (אַרבעטער) דאַרף מען גאָרנישט.

פון אייך, יונגע שרייבער, פּראָלעטפּענער, דערוואַרטן מיר, אַז איר זאָלט זיין אונדזערע ליטעראַרישע שאָק־טרופּן, וואָרין אף אייערע פּלייצעס, קען געזיין, וועלן אויספּאַלן די האַרטסטע קלעפּ, די בלוטיק־סטע קאַמפּן.

3

די פראַגע וועגן פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור רעגט יעדן פּראָלעט־שרייבער. אף אַלע זייטן פון אָט־דעם פּראָבלעם זענען טירן און טויערן. די בורזשואַזע קריטיקער צעשטעלן אומיסנע אין די קאָרי־דאָרלעך פון דעם פּראָבלעם אַלערליי שפּיגלען, מי זאָל נישט מער זען נאָר זיך אַליין, און ס'זאָל זיך אויסדאַכטן, אַז מ'איז אַ סאַך.

די וואָס זענען פאַרפירט פון יענע שוואַרצע „נישטגוטע", בלאָנדזשען טאַקע צישן זיך און זיך, און מיינען מי־ווידייע ווי טיף זיי זענען אַריין אינעם וואַלד.

אַרום דער רייצנדיקער נוס, וואָס הייסט „קונסט", זענען אַזויפיל שאָלעכצער אויפגעוואַקסן, — שאָלעכצער, וואָס זענען 100 מאָל דיקער ווי די יאָדר; שאָלעכצער, וואָס פרעסן־אויף דעם קערן. איידער מ'דליבעט אַרויס ס'פיצל נוס פון די טיפע שאָלעכצפאַלבן, פאַרגייט שוין דער אַפּעטיט צום עסן.

און אַמאָל פאַרקערט: דאַפאַר ווייל די זינדיקע נוס איז אָנגעטון אין אַזאַ הייליקן פעלץ, רייצט זי נאָך מער די זאַטע בירגער־לעכע מעצענאַטן. יענע האָבן שטאַרק ליב צו גריבלען זיך אין איידעלע איניאַנים, האָבן ליב צו פאַטשקענען זיך מיט „הייליקייטן", קעדיי שאַרפער צו מאַכן דאָס פעפערדיק־הייסע געפיל פון זינד.

נישט נאָר איז דער שאָטן פון מענטש געוואָרן אַ „הייליקע זאַך" דאָרט וואו דער מענטש אַליין איז (אין דער איצטיקער געזעלשאַפט) העפקער; זיין לעבן ביליק, נישטיק און לאַנגווייליק, נאָר אויך דעם שאָטנס שאָטן — די קריטיק איבער קונסט איז געשווענצלט אין הייליקע וואַסערן.

איכ'ל אייך נישט איינלייגן קיין קאַפּציע, אַז איך (אָדער עמיצער אַנדערש) ווייסט טאַקע אַקוראַט, ווי אַזוי „קונסט" איז אַף דער וועלט געקומען, וועלכע סיבעס עס האָבן אַרויסגערופן בא דעם פּרי־מיטיוון מענטש דעם דורשט צו קונסט. איינע פון די סיבעס, שטעל איך מיר פאָר, איז דאָס געפיל צו צירן זיך פאַר דעם ער, פאַר דער זי, פאַרן „גאָט". דערנאָך דאָס געפיל פון גאַיווע: איך איינער קען, און איר 99 קענט נישט! איך איינער, דער „קינסטלער", קען, לעמאָשל, פון אַ שטיק ביין אויסשניצן קייטל־רינגען, וואָס נוצן פאַר שפּיל און ציר — און וואָס קענט איר?

מיט דער קלאַסן־„אַנטוויקלונג" פון דער געזעלשאַפט, מיט דער צעטיילונג אַף קלאַסן, ווערט די קונסט מאָנאָפּאָליזירט פון דעם הערשער־קלאַס. דעמאָלט ווערט זי אָן יעדן נוץ. איר מאַילע ווערט די מאַילע פונעם דימענט: פאַרביק גלאָז איז אַוואַדע אַ סאַך שענער פונעם דימענט, נאָר אַ דימענט איז זייער שווער צו געפינען, שווער צו שלייפן, דאַפאַר האַלטן מענטשן דעם דימענט פאַר אַן איידלשטיין, בעאיים די וואונדערלעכע, פאַרביקע שטיינדלעך, וואָס מ'געפינט אַף איטלעכן באַרג, זענען פּראָסטע, גראָבע שטיינער.

מיט דער צעטיילונג פון קלאַסן ווערן די קונסטן נאָך מער „הייליק", דאָס הייסט — פּוסטעפּאַסנע. וואָס „ווייסער", אומנוצ־

לעבער, עס זענען די הענט פון א געוויסער קונסט, אלץ געהויבענער איז זי בא די הערשער: די קונסט איז דער הייליקער „שאמעס" בא די פלעבייאישע באנוקע־לעכט פון דער וועלט: זי דארף בלויז לייכטן, אָבער ארייַנצילן א נאָדל־פאָדעם בא איר שיין ווערט גערעכנט פאר א זינד.

פעריאָדן קומען און גייען אין דער מענטש־געשיכטע. דער מעכאשעף, אָפּשפּרעכער, קויהען־גאָדל פארגייט. דער גאַלעך, דער פאָריץ און דער רעבע קומט אָן. דער פעאָדאל מיט זיין רעקלאמירטער ליבשאפט פאר קונסט מאכט פונדעסן די קינסטלער פאר זיינע שטאל־קנעכט. די דיכטער באזינגען אים זיין נאָבלקייט, זיין ציילעם און זיין שווערד. זיינע צוקערדיקע סענטימענטן. שטערן, לעוואָנע... מילכאָמע, נאכטיגאלן, פרויען... דועלן, מאָרד. עס קומט אויס, אז נאָר אינעם זכוס פון אדעלטום גייט די זון אויף...

דער „באָכעם" ווערט געדונגען פאר געלט צו זיין א הויפנאר. דער קינסטלער מוז מאכן א קאצנבוקל דעם פאָריץ, מוז פוצן דעם פאָריצ׳ס שטיוול.

די „קונסט" מערדעגנט באָלילע נישט אין די גאסן! זי פינטלט נאָר ב׳גנייווע מיט די אויגן צו די וואוילהאָבנדיקע געסט... אין דער הויך רעדט מען קלאָמפערשט וועגן „מוזע" און „פעגאז". שפעטער: שטימונג, אינספיראציע, געמיט; אָבער אין דער שטיל מעקלערט מען דאמיט נישט בעסער ווי מיט נאפט און מיט באזער־האָר. ס׳איז סכוירע אפן מארק. דער אָפּזאָץ באשטימט דעם פרייז פון דער סכוירע. היינט גייען סאָנעטן, מאָרגן באלאדעס, איבערמאָרגן ביאָ־גראפיעס, איבער־איבער־מאָרגן פסיכאָ־אנאליטישע ראָמאנען. מיט א פען אין האָנט קענסטו גרינג זיך דערשרייבן צו ווערן א פוצער פון דעם פאָריצ׳ס שטיוול.

נישט געקוקט אף דעם מיעסן מאָצעוו פון שרייבערייַ, טיילן זיך פונדעסטוועגן ארוים געוויסע דיכטער מיט פארטיפונג איבער וועלט און לעבן. נאָר זיי גייען קימאט אלע צו דער פילאָזאָפיע; דאָס הינטערטירל פונעם מענטשנ׳ס פארנונפט פירט ארוים אף יענער זייט. דאָרטן זעט מען, אז... מ׳קען גאָרנישט־נישט זען. דאָ כאפט־אויף די „קונסט" דאָס אויגל, וואָס די פילאָזאָפיע האָט אראָפּגעלאָזט פונעם שפיזל. זי העקלט מאיסעלעך פון וואונדער־שטאָף. דאָס לעבן איז לײדיק; די וועלט איז שווער. אף דעם פאר־בריפעטן האָריקן האריץ פון דעם האָרעפּאשניק ליגט די ליידיקע האָנט פון קונסט, שלאָפט ער שווער, און האָט אויסטערלישע כאַ־לוימעס. די כאַלוימעס זענען שיין און גוט, נאָר דאָס אויפשטיי

איז זייער שוועך...

אינאיינעם מיט קלויסטער־גלאָקן־געבימבל, ווייריך, רעליגיעז־דראַמאַטישע קירכן־שפּילן, איז דאָס בײַ דעם הערשנדיקן קלאַס אַ מיטל צו פאַרווײלן דעם אַרבעטנדיקן. „צירק" אויף דעם כעשבן פון ברויט. „קונסט" ווערט אַ ביינערן רינגל, וואָס מ'גיט דעם קינד צו זויגן, אַנשטאָט אַ ניפּל פון אַ מוטער־ברוסט.

4

דאָ קומען מיר צו אונדזער אייגענער צייט. די „קונסט" בליט. קינסטלער וואַקסן ווי שוועמלעך. וואָס אַזוינס ציט צו דער קונסט? די מעגלעכקייט צו קענען ווערן באַרימט; די מעגלעכקייט צו קענען פאַרדינען אַ סאַך געלט.

קונסט — ביז היינט אַ ביליק לוקסוס פאַר דעם „העכערן שטאַנד" — ווערט איצט אין דעם אינדוסטריעלן פּעריאָד אַ נויטיקייט פאַר דער מאַסע. דאָס לעבן איז ביטער. די אַרבעט אומאינטערעסאַנט און געפערלעך. דאָס לעבן ווערט וואָכעדיק. דער מענטש ווערט אַ „נומער"; מ'בענקט נאָך יאָנטעפדיקייט, נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אַריינשפּריצן אַביסל זין אין דעם כויזעק און אומזין פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. ווערט דער סאָציאַלער קערפּער — איבער־געפרעסן פון אויבן, און אויסגעצערט פון אונטן — הויבט זיך אָן וואַקלען. דעמאָלט קומט די קונסט, נעמט אייך אויף פּאַפּירענע פליגלען, טראָגט אייך אַוועק ערגעץ „אויף אַ בלאָען אינדזל", גיט אייך „יאָנטעף־ערזאַץ"... אויסגעדיכטעטן „יאָנטעף", אַנשטאָט דעם יאָנטעף, וואָס דאָס לעבן אַליין באַדאַרף צו זיין.

די פּלישטימדיקע ליטעראַטור ווי זי איז היינט, איז אָדער פאַר־ווײלונג־ (פאַרטשאַדונג) ליטעראַטור, אָדער צו־גאָרנישט־פירנדיקע פאָרשונג פון „פּסיכאָלאָגיע". די פּסיכאָלאָגיע איז פאַלש, ווייל בעאיים דער אָרשין (פּסיכאָלאָג) מעסט דאָס שטיקל לייוונט (דעם אָביעקט), וואַקסט אי די לייוונט אי דער אָרשין. צו קענען ווי־עס־איז אויספאָרשן די „נעשאָמע" פון דעם מענטשן, וואָלט באַדאַרפט געדויערן, לאָמיר אָננעמען, 50 יאָר. אָבער אין די 50 יאָר, וואָס דער פּסיכאָלאָג פאָרשט מיך, ענדערט זיך פון טאָג־צו־טאָג זיין אייגענע „נעשאָמע"... און סי קען דאָך נישט זיין, אַז אַקוראַט אין דער זעלביקער מאָס ווי מיינע. דעריבער קומט די פאָרשונג אַרויס אָן רעזולטאַטן. די פּסיכאָלאָגיע בלייבט: פילאָזאָפיע, שיינע געדאַנק־שפּעקולאַציע. מער גאָרנישט.

איר וועט זאָגן: די בורזשואַזנע שרייבער גיבן דען בלויז פאַר־ווײַלונג־ליטעראַטור? זיי גיבן דאָך אויך נעשאָמע־גריבלעריי, זיי קראַצן זיך וואונדן אָן מיט זייערע אייגענע נעגל! דאָס איז וואָר. אָבער די לוינונג וואָס דער לעזער האָט דאַפון איז פאָרט די פאַר־ווײַלונג. נישט דאָס אויפוועקן איז דער צוועק, נאָר דאָס פאַר־שלעפערן. אַז דו גייסט אַרויס אַף יענער זייט דאָסטאָיעווסקי אָדער מאַרסעל פּרוסט, טראַכסטו: „נו, דאַנקען גאָט, אַבי נישט איך.״

מ׳רעדט דאָ נישט פון דעם סאָרט „יונג פרויענמילך־דיכטונג״, צו וועלכער די פּאָעטן פון בורזש־לאַגער האָבן אַזוי פיל צייט אָפּ־געגעבן. איצט איז שוין די יונגפרוימילך־דיכטונג אַ היפּש ביסל אויסגעשפּילט! (אַכוץ אין די וואַרשעווער אידישע בלעטער און אין די אידישע זאַמלביכער פון אַרגענטינע.) געקומען די וועלט־מילכאָמע און צעשטערט דעם גוסט פאַר אַזוינע שרייבערייען.

„יונגפרויענמילך״ ווערט היינט (אין די לידער) געמישט מיט האַרבער וויסקי פון קלאָמפּערשטער בונטאַרישקייט, — וועלט־שמערצלעריי. היינט טאַפּט מען אַרום די פרוי און מ׳זאָגט: מ׳זוכט די נעשאָמע.

דאָס וואָס מיר קענען נישט געפינען, איז אַוואַדע גרינג צו זוכן.

## 5

פון וואָס מאַכט מען ליט־קונסט? וואָס איז דער רוישטאָף פון לידער, סקיצעס, דערציילונגען און ראָמאַנען?

דער יאָכיד שטייט נישט אַפן „פּאַרנאַס״ און שאָקלט נישט די שטערן פונעם הימל צו זיך אין פּאָדאָליק אַריין. דער „יאָכיד״ פּרופט דערגיין צו דער וועלט דורך זיך. דער „איך״ איז די בריל, דורך וועלכער מ׳קוקט אַף דער וועלט, קעדיי צו זען די מאַסע אין איר גאַנצער געפלעקט־ און געפינטלטער שווערקייט, טראַגישקייט.

איז אַזוי:

אויב דער קלימאַט פון מיין „איך״ איז קילער, ווי דער דרויסן (וואָס דאָס איז נאַטירלעך, ווייל דער דרויסן, דער קאָסמאָס, איז אַ סאַך אַ לעכטיקערער קערפּער ווי מיינער!), דעמאָלט קריך איך פון זיך אַרויס, און געפין שוץ אין די „פּאַלעס פון דער וועלט״. איז אָבער מיין איך־קלימאַט אָנגעפיבערט און קראַנק (ווי בײַ מיר אַליין, צום באַדויערן, איז אָפט דער פאַל), דעמאָלט קריך איך פון דער וועלט אַרויס, פאַרקריך אין זיך אַריין, און ווער איכיסטיש־טונקל, אָפּגעפרעמדט, אַ דאַרער צווייג אַף דעם לײַדיקן בוים.

איך רייד נישט פון דער ליטעראַטור, וואָס איר טענדענץ איז באַלערונג. פון דעם־אָ מין איז בײַ אונדז אויף דעם אידיש־לשון פאַראַנען זייער ווייניק. דאָרטן, וואו זי איז יאָ דאָ, איז גרינג צו דערקענען איר פּנים. זי פאַרטיידיקט אירע טעאָרעטישע פּאָזיציעס אָפן און דייטלעך. זי שלעפּט אויף זיך נישט קיין טענדע־ווערענדע פון מיסטיק.

אין דער אויסטראַקטנדיקער ליטעראַטור אָבער, דאָרטן וואו דער רווישטאָף איז מענטש־דערפאַרונג, וועלט־דערפאַרונג, איז טאַקע דער „איך" דער הויפּט־קוואַל פאַר ליטעראַטור. אָבער וואוהין דעם קוואַל צו דערפירן? צו וועלכן ים? דאָס איז אונדזער פּראָבלעם — די פּראָבלעם פונעם פּראָלעטאַרישן בעלעטריסט.

6

הערט־זשע אויס, ברידער, כאַווײרים פּראָלעטפּעניקעס: מײַלע, אויב יענע זײדענע יונגעליטלעך, וואָס פאַרנעמען זיך מיט מאָשיאַך־ביזנעס, אויסלייזעריי, בלאָזן זיך ווי אינדיקעס און זאָגן טראָלדר־דראַלדר, קעדיי צו מאַכן אַן איינקוועטש אויף די קולטור־ווייבלעך פון בראָנקס אָדער אויף די „פיינע מענטשן אַלזאָ", איז דאָס נאָך צום פאַר־שטייען. איר קענט דאָך דעם רעקלאַם־אַגענט'ס מאָשל וועגן ווע־ם פון רעקלאַם־קלאַפּעכץ. הערצנאַראַויס, זאָגט דער אָנאָנסן־אַגענט, אָט האָבן מיר, מאַכט ער, פאַר זיך אַ הון מיט אַ קאַטשקע. אַ קאַטשקע לייגט גרעסערע און בעסערע אייער פון אַ הון: נאָר זי לייגט זיי שטיי־לערהייט, אָן קוויטעס און אָן בראָקים; די הון, ווידער, מאַכט ער, לייגט קלענערע אייער, ערגערע אייער; נאָר איידער זי לייגט אַן איי, פאַרקלאַפּט זי דעם קאָפּ מיט קהאַ־קהאַ־קהאַ. — דער שפּיץ איז, אַז די הינערנע אייער קויפט מען טאַקע, און די קאַטשענע לאָזט מען ליגן —.

כאַווערל, אַ פּראָלעטאַרישער שרייבער טוט ניט אַזוי. ביפּראַט אַז מי איז נאָך גאָר אַ יונג הינדל — און מי לייגט זיך נאָך זייער שוואַך.

דער כ' א. שרייבט:

„דער קינסטלער איז נישט קיין שרײפל און מי קען צו אים ריידן אין דירעקטיוון לאָשן". מײַלע בין איך אים שוין מויכל די „דירעק־טיוון לאָשן"־איוורי. וויכטיק איז אין דעם מאָמענט אַ פאַרקאַטשע צו טון די אַרבל אָפּרייניקן דעם טיש פון די־אָ נישטיקע ברעקלעך, וואָס זענען געבליבן פון דער צייט, ווען מיר האָבן נאָך געמישט

אונדזערע פלײשיקע טעפּלעך מיט זײערע מילכיקע; פון דער צײט, ווען דער קריטיקער־רעבי האָט נאָך געדרייט אַ פּייע און געזאָגט „מהם" און די כאַסידימלעך, די יונגע אידיש־שרײבער, זענען גע־שטאַנען מיט אַרויסגעוואַלעטע אויגן און שיר געכאַלעשט פון איס־פּאַלעס: „דער רעבי זאָגט . . . שאַ, לאָז זײן שטיל! ר' ש. ניגער זאָל לעבן (ער אַלײן!) גײט אין דער אָפענער פּאַלאַנקע (פון דער נאַ־טוהר) קומט קריק צעוואַרימט ווי אַ לאַמעד־וואָווניק אין אַ שאַפּנ־פּעליץ; פון די נאַסע האַלב־געפרוירענע „קריטיק"־פּייעס רינען אים הײליקע טראָפּנס טינט. די כאַסידים פּלעסקען מיט די הענט, „שאַ, שאַ, דער רעבי גײט עפּעס שראַהבן" . . . „שאַ אָט נעמט ער שוין די פּען אין דער האַנט אַרײן, אָט לעקט שוין אָפּ דעם שפּיץ, אָט טינקט ער שוין אײן".

צי גלויבט (פרעגט דער כ' א.) „צי גלויבט כ' מ. נ., אַז די מאַסן האָבן קינסטלעריש אַריבערגעוואַקסן די איצטיקע פּראָלעטאַרישע קינסטלער"? הערט נאָר, הערט! עפּעס באַקאַנטע ווערטער פון יויעל סלאָנימשע ביכלעך אַרויס. ניין?

..."דער קינסטלער, אַבוץ וואָס ער איז אַ יאָכיד, מוז ער זען פאַרטיפן זײנע יעכידישע שטימונגען און זײ פאַרבינדן ניט מיט אַזוינע געשעעניש וואָס פאַראינטערעסירן דעם לײענער. די אַרבעט בלײבט אינגאַנצן איבער פאַר די פּובליציסטן, וואָס וועלן קענען דערבראַכט(!) ווערען צו אים ווי אַ ווערטפּולע זאַך, פונוואַנען ער וועט קענען ציען אַ געוויסע גײסטיקע דער־הויבונג אין רײן עמאָציאָנעלן זין".

אין צום שטוינען איז, כ'לעבן, וואָס אָט־דער־אָ מענטש, וואָס האָט זײנע הענט געטונקען אין קאָרעביטן פון האַרבאַרניעס, פאַר נעמט זיך אַקוראַט אַף די זעלבע קונסט־לעשעם־קונסט דראָכים, ווי די אײדעלע יונגעלײטלעך מיט שטעקעלעך, — וואָס רעד איך? ער שפּיצט זײ נאָך אַריבער! וואָרין היינטיקן טאָג רעדן שוין אַפילע די רײן־באַלעבאַטישע שרײבער אויך נישט מיט אַזאַ פּעטער סלינקע אין מויל מיקויעך דער „הײליגקײט פון דער קונסט". הײנט שעמט מען זיך שוין אַביסל אַפילע אין „קאַפּיי יעווראָפּאַ" — צו געמען דעם לעזער אַף זעבער!... מוזע? פּעגאַזוס? אָלימפּ? אַרקאַדיע? וואַלהאַלאַ? די אַלע זיבן זאַכן זענען שוין הײנט בלעך! פּוצן עס נאָך עטלעכע קולטורניקעס אַפן אַרבל, גיבן דעם אַ קלאַסיש גלאַנצל, אָבער — ס'איז געמוטשעט! ס'האָט אַ טאַאַם ווי זײער אַ

הויכער שטייף־קראגן, אָדער א יופּע מיט א פּעלערינע, אָדער ווי אַן אַלטער פּישביין־קאָרסעט — מוזייאישע זאכן פאר אנטיקווארן.

7

נישטאָ קיין קינסטלער! שרייבער (ווי א גרופּע) זענען נישט ערגער און נישט בעסער ווי סטעלמאַכעס אָדער קנעפּלמאַכער. דער פאך פון שרייבן איז נישט קיין קונסט־פאַך. די מלאָכע פון שרייבן, מאכן ווערטער, בויען זאצן, צעגויף־פיגעווען געדאנקען, עמאָציעס, איז נישט שווערער ווי אריינצומאכן קרומע קעשענעס אין ערשטקלאסיקע הויזן. עפשער נאָך גרינגער׳ דער שוסטער, וואָס קען זיין מלאָכע גאָר אויסגעצייכנט, איז אַן ארטיסט, א קינסטלער. מיט שרייבער איז אויך דאָס אייגענע. אָבער ווי „גאָט" איז אייך ליב, יונגע פּען־כאַוויירים, שלאָגט זיך ארויס פונם קאָפּ די נארישקייט, אַז שרייבן איז קונסט — ווי אזוי ס׳זאָל נישט זיין, אפילו ווען דער שרייבער לערנט זיך ערשט די מלאָכע.

די מאסע — דער אויער — ווי א לעבעדיקער הארך־אייוועער איז נישט ווייניקער וויכטיק ווי די צונג. דער לעזער (מאסנ־מענטש) איז אין זיין קולטור פונקט אזוי דערגאנגען, ווי ס׳איז דער, וואָס שרייבט פאר אים. ס׳איז פונקט אזוי ווי איר וואָלט געזאָגט: דער פידלבויגען פאר זיך אליין שפּילט זייער פּראָלעטאריש, נישטמער דער פידל טויג אף צאָרעס. געדענקט, כאַוויירים: אויב דער פידל טויג נישט, טויג ס׳ליד אויך נישט: אויער און צונג זענען נישט קיין צוויי צופעליקע באקאנטע וואָס גייען באזונדער איינס קיין האָצע, דאָס אנדערע קיין פּלאָצע.

די מאסע — דאָס אויער וואָס כאפּט אף דיין פּראָלעטאריש ליד, איז אקוראט אין דער מאָס אויסגעבילדעט, ווי ס׳איז דאָס ליד. אויב דו, כאַווער לעבן, יונגער שרייבער, ווילסט צו־מאַכן א פּיסל צו דעם צעבראָכענעם סיידער־האָאוילעם־טיש, מאך נישט צו קיין בעסערס, קיין העכערס. אויב יאָ, וועט עס נישט טויגן.

8

איז די מאסע אַלוויסנדיק?

לאָמיר דאָס פאַרמאָגן אין קליינגעלט (אָדער אין טיראַזש פאַר דער „מאָרגן־פרייהייט") וואָס מיר און דיר, כאַווער לעבן, פעלט נאָך צו זיין אַלוויסנדיק. שטעל דיך נישט אין דער הויך, ברודערל, וועט דיר

נישט שווינדלען פאר די אויגן און די אנדערע מענטשן וועלן דיר נישט קליין זיין.

דו ביזט „גרויס״? ווי אזוי ביזטו גרויס? האָסט דיך ארויפ־געשטעלט אף אקסלען פון דער מאַסע!... אף וועמענס פּלייצעס פאַלט די לאַסט פון דיין „גרויסקייט״? אף דער מאַסע, די גראַנדיעזע, געדולדיקע מאַסע.

דאָס איז אַלץ געדעדט וועגן „גרויסקייט״, ווי עס ווערט גע־טייטשט אין די קלאַסישע שולן פון די וועלט־רויבערס. ווי שטייט עס אָבער מיט אונדז, אַרבעטענדיקע, קאָמוניסטישע ליטעראַטור־אָנפירער?

— אַז דו ביזט „גרויס״, וועט דער בליץ גיכער טרעפן דיין קאָפּ.

— אַז דו ביזט „הויך״ — קומט דיר דערפאַר נישט קיין שיינעם דאַנק פונקט ווים׳קומט דיר נישט קיין שיינעם דאַנק דערפאַר, וואָס דו ביזט בגוף העכער געוואַקסן פון מיר. ביפּראַט נאָך אַז איך, דער האָרעפּאַשנע אַרבעטער, האָב באַצאָלט מזומען־געלט פאַר דיין וואַקסן. איך בין געווען — קען מען זאָגן — די וואָרצלען אונטער דיר, דו בוים, דו קינסטלער, בעאיים דו בוים, דו קינסטלער, האָסט געוואַקסן.

ווי אזוי ביזטו געוואָרן אַ שרייבער, אַ מאַלער, אַן אַקטיאָר? ערשטנס — „געבוירענער טאַלאַנט״, וואָס דאַפאַר קומט דיר אַוואַדע נישט קיין מעדאַל פון ציבעלע שאָלעכץ! צו־געבוירן־ווערן מיט טאַלאַנט, האָט דיך גאָרנישט געקאָסט. דיין טאַטע, דיין מאַמע, דיין זיידע, עלטער־זיידעס, עלטער־באָבעס — דורך דוירעס האָבן זיי שטי־לערהייט אַ בידעשלעכן קוואַל צו דיר געטראָגן. וואָס קאָסט עס דען דיך? אָך־יאָ איך וויים שוין! דו האָסט געלערנט. דאָס קאָסט דיך שוין עפּעס. צו לערנען זיך דאַרף מען האָבן צייט. ווער האָט דיר צייט געגעבן? האַ? אַ קינסטלער בעאיים ער „שטודירט״, דאַרף דאָך עסן בולבעס און ברויט און פיש און ברויט מיט פּוטער. וואָלסט באַדאַרפט אַליין האָרעווען און באַשאַפן די אַלע זאַכן, וואָלסטו ניט געהאַט ווען צו לערנען. דער מאַסנמענטש, דער האָרעפּאַשניק האָט דיר צייט געגעבן (דאָס העכסטע וואָס די וועלט, וואָס דאָס לעבן פאַר־מאָגט). דו האָסט אים געגעבן עפּעס אַזוינס, וואָס איז אויך פון כאַשעווון שטאָף געמאַכט — קונסט! אָבער קונסט איז דאָך בלויז אַ שאָטן פון לעבן, און צייט־שטאָף, רוים־שטאָף, וכ״ו. איז דען דעם בוים׳ס שאָטן כאָשעווער ווי דער בוים אַליין?

סי גיט זיך אַמאָל איין זייערס אַ מענטש, וואָס האָט „טאַלאַנט״, וויל ער די וועלט פאַרזשעברען. אַפּן קאָפּ דאַרף מען אים טראָגן — אויסצאָלן זיך קען מען נישט ביי דעם לײדאַק דאַפאַר, וואָס ער אַזאַ

„גרויסער“, (קליינער, נידערטרעכטיקער מענטש!) — האָט דיר געטאָן אַ טויווע און איז געבוירן געוואָרן. וואו ער גייט און שטייט דאַרפסט איר אים „פּיקטשעס“ נעמען, זיין שעם מוז ווי בוימל גלימצן און שווימען אַף אַלע וואַסערפלאַכן. (ביי אַ יובילעי־געלעגנהייט זאָגן אַזעלכע לייט: „50 יאָר פון מיין לעבן האָב איך אוועקגעגעבן דער קונסט“. וואָלסטו געמיינט, אַז ווען נישט די קונסט, וואָלט ער די אַלע 50 יאָר נאָך געהאַט אין קעשענע!).

מיר קענען זיך נישט פּאַזוואָליען אַזאַ לוקסוס, ווי צו מאַכן קרומע מינעס מיט דער נאָז: סי שמעקט אונדז נישט דער לעזער, סי שמעקט אונדז נישט יענער לעזער, און וואָס נאָך בילכער: מיר טיילן זיך נישט אַף „מאַסע און איך“, נאָר „איך אַ טייל פון דער מאַסע“. נישט „איך איינער“, נאָר „איך איינער פון — “

אוואַדע איז דאָ אַזאַ זאַך, ווי איבישע פּיין, יעבידישע יעסורים, קאָפּשלאָגעניש, טרויער וכ"ו, נאָר לאָזט אָפּ אַ מינוט! ניט איצט איז די צייט, כאַוויירים! עפּשער שפּעטער. איצט זענען מיר אַ טייל פון דעם „רויטן קרייץ“, — אונדזער אַרבעט איז: באַנדאַזשען צוליינן, וואָרענען אַז באַמבן־וואַרפער דערנענטערן זיך, געפּאַלענע כאַווירים אַף אונדזערע הענט פונם פייער אַרויסטראָגן.

איז מען נישט קיין געבוירענער אַמוניציאָנער (אַזוי ווי איך בין עס ניט, צו מיין גרויס האַרצווייטיק!) דינט מען אין דער פעלדקיך, שטעלט מען צו הייסע יויך און פּאַפּיראָסן צום פראָנט, קען מען עפּשער, בעאיים מ'גייט אין קריג אַריין, אויספּוצן די ביקס מיט אַ בלימל, וואָס אַ מיידל האָט געשענקט, מעג מען עפּשער (אין אַ שוואַכער מינוט) דעם קאָפּ אויפהויבן צו דער לעוואָנע און אַ קרעכץ טאָן, אָבער גייען מוז מען קעסיידער צום לענינשען ציל, לויט דער קאָמאַנדע פונם שטאַב. —

מיר דאַרפן זעלנער אַף אַלע פראָנטן, כאַווער א.! פון דיינע שייגע, איינגעמאַרינירטע רייד מעקויעך, „קונסט און מאַסע“ שמעקט מיט וויאָלן אָסיען! קאָמוניסטישע שרייבער שפּילן זיך נישט אין קיין „גרויסערלעך“. שטעל דיך אַוועק, צום גוטן יאָר, מענטש איינער וואָס דו ביזט, און לייג־צו אַן אַקסל און העלף!

# קריטיקער און שרייבער

דאַרף אַ קריטיקער אַליין זײַן אַ פֿאַכמאַן אין „קונסט", וואָס ער „קריטיקירט"?

אַף דעם ענטפֿערן גוטע געשאָמעס, אַז — יאָ־יאָ, ניין־ניין, קיין מוז איז דאָס נישט.

די גוטע געשאָמעס האַלטן ביקלאַל, אַז אַ מענטש קען זײַן אַ מייווין אַף שיך, כאָטש בעטעווע איז ער גאָר אַ זייגערמאַכער.

מײַלע, אַז ס'געשען וואונדער, איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן!

צישן שישים־ריבוי שיך־קריטיקער וועט איר מיסטאָמע געפֿינען איינעם אַ פּייאיקן, וואָס איז נישט, לויטן פֿאַך, אײַנגעשוואוירן אין אַלע סוידעס פֿון שיכמאַכעריי.

דער סייכל אָבער איז מיסכאַיעוו, אַז קעדיי צו פֿאַרשטיין אַלע דריבנע פּראָטים פֿון דער „שײַנקייט פֿון אַ שוך", צו וויסן וואו ס'ליגט די סאַמע יאָדרע פֿון גוטער באַלמעלאָכעשאַפֿט, צו פֿאַרשטיין די איטלעכע נואַנסן, — דאַצו איז נויטיק אַ קריטיקער, אַ פֿאַכמאַן, איינער פֿון „צעך", וואָס האָט אַליין באַוועלטיקט און גיוווער געוואָרן די שווערקייטן פֿון יעדן באַזונדערן טייל אין דער ליטעראַטור.

אַ טימטום מעג טויזנט מאָל האָבן געלייענט אַלע ביכער פֿון מאַפּאַסאַן און פּיער לואי און באָקאַטשיאָ, וועט ער פֿונדעסן נישט פֿאַרשטיין — מאַ ראָש?

ווי אַזוי אַנדערש קען זיך אַ קריטיקער אָנקערן מיט זײַן מאַ־טעריאַל, סײַדן אַז ער „וואוינט אינעווייניק", אין דעם סאָד, פֿונוואַנען דער מאַטעריאַל שעפּט זיך?

אַן אַלטע יונגפֿרוי דאַרף זײַן אַ גאָניאַלע פּעדאַגאָגין קעדיי צו זײַן אַ מיטלמעסיקע לערערין.

פֿאַרקערט ווידער: קען יעדער סייכלדיקע, גוטע און פּייאיקע מוטער זײַן אַ פֿײַנע לערערין — אויב זי'ט נאָר ענדיקן אַ סעמינאַר.

איר'ט זאָגן (און איר זאָגט טאַקע), קריטיק איז אַ קונסט פֿאַר זיך אַליין. יאָ, אָבער ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן, אַז דער קריטיקער האָט אייגענע געצײַג, אַן אייגענע וואָג־און־מאָס אַף צו מעסטן און וועגן, דעמאָלט איז ער אַ... מעסטער פֿון ליטעראַטור.—

אָפּוועגן אַ קינד, פֿאַרשרײַבן עס אין „מעטריקע", האַלטן אַ רעקאָרד פֿון זײַנע קאַפּריזן, פֿאַרצייכענען זײַן געגעאַלאָגיע — דאָס אַלץ איז אַ וויכטיקער טייל פֿון „קינדער־פּלעגע". אָבער ווען מ'האָט

קיין אייגענע וואָגשאָל נישט, און מ'וועגט אַף דער אייגענער דאָלאָניע, ווי אַן אַלטמאָדישע מומע, און מ'זאָגט „איציקל וועגט מער פון באַימלען" — איידער אַזוי איז שוין בעסער, אַז מ'לאָזט דאָס צורו.

ס'איז אי זייער שווער (און אומדאַנקבאַר) אי זייער גרינג (און דאַנקבאַר) אַריינצוגיין אין דעם שרייבער־פּאַך, דורך דעם טונקעלן הינטער־טירל פון קריטיק. שווער איז דאָס דערפאַר, וואָס מ'האָט צו טאָן מיט לעבעדיקע מענטשן, אומזיכערן מאַטעריאַל מיט האַלבע און פערטל ליגנס און עמעסן, וואָס, אַז מען וויל זיין ערלעך צו זיך, מוז מען זיך אַליין שטענדיק זאָגן ליגן, קעדיי די פליגל נישט צו פאַרלירן. — שווער, ווייל די ווערט פון אויסגעטראַכטן ווייַן, ווערט באַשטימט פונדעם וואָס סי וועט פון אים ווערן אין... הונדערט יאָר אַרום.

די בעסטע וואָגשאָל פאַר ליטעראַרישע ווערטן איז — די צייט.

דאַרפט איר גלויבן דעם קריטיקער אַפן וואָרט (ווי די קריטיקער מוזן זיך אַליין גלויבן), אַז אין טויזנט יאָר אַרום, וועט דאָס בוך, וואָס ער בענטשט אָדער שילט, זיין לעבעדיק אָדער טויט... אַזאַ „קריטיק" קער זיך אָן מער מיט „קאָרטנוואַרפן" און מיט „וואָרזאָגעריי" ווי מיט קונסט!

קריקבאַווייזן אים קענט איר נישט, סיידן איינעם וואָס ווענדט אָן אַ וויסנשאַפטלעכע מאָס פאַר זיין קריטיק.

דאָרט אָבער וואו די „קריטיק" איז בלויז אַ מומע וואָס גיט גאָרנישט צושטייער אין קיך, און שטופּט די נאָז אין אַלע טעפּלעך, דאָרטן וואו איר מוזט זיך פאַרלאָזן אַף בלויז „מעווינעס", קענט איר זיך אַוואַדע נישט פאַרלאָזן אַף אַזאַ איינער (אָדער אַזאַ איינעם), וואָס האָט קיינמאָל אַליין צום פייער קיין טעפּל נישט צוגעשטעלט.

(איך רעד שוין נישט פון די מומעס, וואָס האָבן די פּאַסקודנע טעווע שטילערהייט אַריינצושפּייען אין אייער טעפּעלע יויך און — אַוועקגיין.)

גרינג ווידער איז צו זיין אַ קריטיקער, ווייל איר קענט עפּענען אַ געוועלב, מיט ליידיקע הענט. איר דאַרפט אַפילע קיין פּוסטע קעסטלעך נישט האָבן...

איר רייבט זיך אַרום פאַרטיקע פאַרמעגנס, איז ווי אַ גרויסער שלימאַזל איר זאָלט נישט זיין, וועט זיך עפּעס צוקלעפּן.

מ'ברענגט אייך פרעמדע צירונג צו „שאַצן", דערוואייל ווייסט קיינער נישט, וואָס ס'איז אייערס, און וואָס ניט.

דער בעלעטריסט, דער דיכטער, האָט, אין דער טכילע, אַלערליי שטרויכלונגען אין וועג: ער מוז אַ סטיל געווינען, אָדער נאָכמאַכן,

אָדער באָרגן. ער דאַרף גוטן רויען מאַטעריאַל, און דאַרף האָבן א גוטע מאַשין דעם מאַטעריאַל אויסצואַרבעטן.

דער קריטיקער אָבער, אַז ער מוז בלויז זיין א „גוטער פאַרזוכער פון ווייַנען" איז שוין גענוג.

ער דאַרף אונדז נאָר געבן א גוטע נאָז און א גומען, א ברעקל אויג, א שטיקל אויער. מער קען מען זיך גאָרנישט ווינטשן פון יענע, וואָס האָבן גאָרנישט צושטייער געגעבן אין קיך, און גייען ארום שמעקן ארום אונדזערע טעפּלעך.

ס'ראָוו איז אַזאַ „קריטיק" ריינע רעבילעס, לאָשן־האָרע, לויט דעם, ווי דער קריטיקער קער זיך אָן מיטן שרייבער.

אַזאַ „קריטיק" איז גרינג — סיי אַלס „קונסט", סיי אַלס א קאַריערע.

לאָז וועד־סי־וויל זיך נעמען צו „קריטיק" און — באַלד האָט ער א שווערט אין האַנט.

ער קאָן אָנטאָן שאָדן.

האָט מען פאַר אים אָפּשיי.

איך לייקן נישט אָפּ: די ליטעראַטור דאַרף האָבן א מעטריקע־פירער, א רעגיסטראַר פון ליטעראַרישע גנייוועס, קוריאָזן, און דעסגלייכן. דאָס איז אַן אַרבעט פאַר א שטיקל „אוטשאָני יעוורעי", פאַר א מענטש אין רעדאַקציע, וואָס פאַרנעמט אַזאַ אָרט א שטייגער, ווי דער בריפקאַסטן־מאַן. זיין קענטעניש אין שרייבן איז דאָ גאָר־נישט וויכטיק. דער איקער איז, ער זאָל וועלן און קענען לעזן אַסאַך. זאָל האָבן א גוטן זיקאָרן, א ריינעם קסאַוו. זאָל וויסן, אַז מ'דאַרף שרייבן בלויז אַף איין זייט פונם פּאַפּיר. אָבער „שפּאָרען און עפּאָ־לעטן" פאַרדינט קיינער נישט פאַר אַזאַ שוואַרצער אַרבעט.

:: :: ::

מיר ווילן „קריטיקער" פון אייגענע פּאַכמענטשן, פון שרייבער, פון דיכטער.

שרייבער, וואָס האָבן „געבלוטיקט" אָדער „געוואַסערט", אָבער אַזוינע, וואָס האָבן אַליין עפּעס אויסגעטראַכט מיטן אייגענעם קאָפּ, — אַזוינע וואָס קענען אונדזער פאַך פון אינעווייניק, אַזוינע וואָס קערן זיך מיט אונדז אָן, וואָס האָבן עפּעס צושטייער געגעבן אין קיך.

די בייזע מומעס, וואָס שפּיען אין אונדזער יויך־טעפּל אַריין — די וועלן מיר פאַרטרייבן מיט א בייטש.

און די אַביסל־בעסערע מומעס, וואָס האַלטן די נעז איבער אונדזערע קאַך־קעילים, און „שניפּן"־אַרום, — די וועלן מיר אָנ־

נעמען באַ דער האַנט און שיין־בעטן, זיי זאָלן זיך מאַטריען זיין פון דאַנעט.

מירן זיך שוין אַן אייצע געבן אָן זיי.

פון זייערע אייגענע נעז, וואָס זיי שטופּן אַרום די טעפּלעך, וועט די יויך נישט ווערן פעטער, נישט ווערן מאָגערער, — זיי פּלאָנטערן זיך נאָר צישן די פיס.

זאָגערס, און „שמעקערס‟, און „פאַרזוכערס‟ קענען מיר האָבן אייגענע.

שוין צייט, די קריטיק זאָל אויפהערן זיין אַ טויטע קריך־פּלאַנץ, וואָס וויקלט אַרום דעם צופוסנס פון אַ לעבעדיקן בוים, און מיינט, אַז דאָס בליט זי אַליין...

:: :: ::

צושריפט:

איך וויים, אַז אַלע „געזאַלבטע און געבוימלטע‟ רעצענזענטן און קריטיקער וועלן זיך באַלד אַ נעם טאָן צו מיינע ביינער און מיר טשוויקן אין די אויגן אַריין מיט די נעמען „בראַנדעס‟, „היפּאָליט טען‟, אוכדוימע. אָבער איך וועל מיך גאָרנישט איבערשרעקן פאַר זייער געשריי. די „אַלטע גריכן‟ פלעגן זאָגן: „דאָס וואָס ס'איז דערלויבט יופּיטערן, איז דעם אָקס נישט דערלויבט‟. אויסנאַמעס באַשטעטיקן בלויז דעם קלאַל. ווייטער־זשע איז (אַף אַלע ליטעראַ־טורן) די קליינע קריטיק אַ לונגעלעבער אַף דער נאָז.

:: :: ::

פאַרוואָס — טאַקע — קוקט באַ אונדז דער שרייבער דעם קרי־טיקער אין די אויגן אַריין, מער ווי באַ די אומיסעאָילעם?

דער טערעץ איז: דער אַמעריקאַנער שרייבער דאַרף נישט אָנקומען צום עקסן אָדער איפּסילאָנען נאָך אַ וואָג אָפּצעווען זיין טאַלאַנט.

אַן ענגלישער שרייבער (ווי בערקאָוויסי קאָנראַד, לעמאָשל), אַז ער באַקומט פאַר זיינס אַ מאַיסע אַ טשעק פאַר טויזנט דאָלאַרן, איז דאָס שוין אין זיך אַליין, אַ גאַנץ פיינע קריטיק.

דער טויזנטער רעדט העכער פון וועלכער ס'איז קריטיק.

אַקעגנצורעדן אַ טויזנטער איז . . . שווער.

דאַצו פאָדערט זיך שוין אַ קריטיקער וואָס נעמט מער ווי אַ טויזנטער פאַר אַ קריטיק.

אַזוינע זענען דאָ וועניק.

אָבער דער אידישער שרייבער, דער דיכטער, סקיצלער, ראָמאַנ־ציסט, וואָס באַקומט פאַר זיין ארבעט — ס׳ראָוו גאָר קיין לוין נישט אַמאָל אַ קליין ביסל טאַשנגעלט און אַמאָל מוז ער נאָך צוצאָלן דעם פאַרלעגער, פאַר אים איז ס׳וואָרט פונם קריטיקער די איינציקע מאָס־און־וואָג.

קיין כידעש נישט פאַרוואָס מ׳קוקט באַ אונדז אַזוי דעם קרי־טיקער אין מויל אריין — ביפראַט, אַז דער קריטיקער שטייט אַף אַזויפיל העכער פון דעם שרייבער אַז . . . ער קריגט אַזש באַצאָלט.

:: :: ::

און די איבערגעטריבענע ליבשאַפט צום אייגענעם שטיקל וואָרט, די פאַרגלויבנקייט אינם „אייגענעם שאַפן", וואָס גייט באַ אונדז ביז אבסורד, ביז נאַרישקייט? דאָס קאָן זיך דערקלערן מיט דעם, וואָס אַ מאַמע וואָס זויגט און ניאַנטשעט אַליין איר קינד, איז מעשוגע מער צוגעבונדן דאַצו, ווי אַ מאַמע, וואָס גיט איר קינד אוועק צו אַ . . . פרעמדן פאַרלעגער, און באַקומט נאָך פון דער „ניאַנע" מאַטאָנעס אַלע וויינאַכטן, אָדער פורים.

נו, און די איילעניש צו ברענגען ס׳קינד אַף דער וועלט?

פאַרוואָס קענען מיר נישט — ווי ליטישע ענגלענדער — בלייבן „קינדערלאָך", כאָטש ביז 30 אָדער 35 יאָר? פאַרוואָס האָבן מיר „גייסטיקע קינדער" שוין באַ 18 אָדער 19 יאָר? פאַרוואָס נוצן מיר נישט לעכאַטכילע קיין פּרעווענטיוו, אָדער סאַניטאַרישע אַבאָרטן, דאָרטן וואו די „מאַמע" איז צו־יונג, אָדער איר געבערמוטער צו־שמאָל, — אָדער איר בלוט — צו וואַסערדיק?

ווידער דאָס אייגענע: ווייל מיר זענען אָרעם, וואוינען אין אַן ענגער שטוב, קאָנען זיך נישט אויסלעבן אין דער פריידן פון בלויזן . . . דענקען!

ווייל באַ אונדז לייענט מען נישט, קויפט מען נישט, גיט מען נישט אַרויס קיין ביכער, דאַפאַר איז באַ אונדז אַזאַ יאַגעניש . . . אַרויסצוגעבן ביכער.

:: :: ::

איך גלויב נאָך היינט אויך, אַז אַ מענטש קאָן זיין אַ גוטער האָרעפּאַשניק און אַ שלעכטער שרייבער.

פאַרקערט ווידער: איינער קאָן זיין אַ דאָקטאָר־מעדיצין, אָדער אַ ביזנעסמאַן און . . . אויך זיין זייער אַ ביטערער שרייבער!

מיר דאַרפן דערמוטיקן אונדזערע אייגענע—אויפצוהערן שרייבן

(אויב סי זעט זיך נישט קיין טראָפּן טאַלאַנט), פּונקט ווי מיר דאַרפן וועקן און מונטערן די עטלעכע וואָס זענען מיט טאַלאַנט—פאַרשאָלטן.

מען טאָר זיך נישט אָראָפּלאָזן צו דער טעווע פון כאַנפענען די פּראָלעטאַרישע שרייבער, דאָרטן וואו ס׳איז קיין צוזאָג נישטאָ.

אין דעם געשריי פון דער „נייער ליטעראַטור" איז אָפט שווער זיך צו אָריענטירן, וואָס ווילן זיי? וואָס זענען זיי אויסן? פאַר־וואָס גייט איינער לעבן דעם אַנדערן? פאַרוואָס ליגט מען נישט קיין גרויסן שטעטך ערד צווישן איינעם און דעם צווייטן? וואָס טומלען זיי זיך אויף אַזאַ קליין שטיקל אָרט, אַרום סקווער? צו זיי — יונגע און קויעך אין צייט — איז עס געגעבן געוואָרן אַריינצושרייען אין דער וועלטס אויער אַריין — דאָס געשריי פון דעם לאָמבערקעמפּ, פון פאָרדס פאַבריקן, פון פּיטסבורגס שטאָלווערק! אָנשטאָט דעם טאָפּ־טשעט מען זיך אין די טריט פון די עלטערע שרייבער.

א טייל פון אונדזערע ברידער זענען פּראָלעטאַריש, בלויז מיט דעם, וואָס זיי האָבן שווערע הענט, גראָבע נעגל בערישע מונטערקייט.

בלויז עטלעכע זענען פּראָלעטאַריש, דורך זייער באַנעמען די גרויסע געשעעניש, דורך זייער שטעלן זיך אַהין, וואו זיי ווילן זיך שטעלן.

מ׳קאָן טראָגן גראָבע לייוונט — ווי די העכסטע מאָדע־זאַך. אָבער ווער? נישט דער, וואָס מער ווי פּראָסטע לייוונט פאַרמאָגט ער נישט!

זאָלן אונדזערע אייגענע וואָס שרייען, אַז צו זיין אַ שרייבער דאַרף מען נישט קאָנען גוט שרייבן — ענטוועדער אָוועקוואַרפן דאָס שרייבעריי, אָדער אָנשרייבן און גרונטפעסטיקן זייערע טאַינעם אין גוט־געשריבענע דעסערטאַציעס.

דער שפּאָגל־נייער (שוין היינט אַלטער) באַנאַלער קנייטש, אַז „ער שרייבט צו ליטעראַריש", איז ניט פאַר די פּראָלעט־שרייבער נאָכצומאַכן.

ווי אין דער פּאָליטיק דאַרפן מיר אויך אין דער קונסט גיין אויף אַ גלייכן, אָפענעם וועג. נישט פאַרוואַרפן די רעכטע האַנט איבערן נאַקן און זיך אַזוי קראַצן אין דער לינקער שלעיף.

ליטעראַטור איז . . . ליטעראַריש. קיין אַנדערע ליטעראַטור איז נישטאָ. דאָס לאַכן פון „ליטעראַרישקייט" איז אַ זשעסט בּאַ קונסט־זאַטע שרייבער.

מאַי 12, 1928

# זומער-פּאָרטרעטן

## פּאָררעדע

אין סי־געיט איז פאַראַן אַ ווילא, וואו עס ווײלן זיך אַסאַך פון די באַלעבאַטישע אידישע שרייבער. די ווילא רופט מען „ליטל אמעריקע".

דאָס „אמעריקעלע" (גאַנעוו) איז נישקאָשע פון אַ ליטל־מדינע, אַז די נעמלעכע פּען־טשוועקעס האָבן זיך געקענט קאַנאַנהאָרע אַזוי „שיין" ארויפּאַרבעטן!

דאָס „קליינע אמעריקע" פון 100 פּראָצענטיקע ראָסלפּלייש־פּאַטריאָטלעך מאַלפּעט־נאָך אין אַלע זאַכן דאָס „גרויסע אמעריקע" פון אַזוינע גרויסע „קאָנטעמפּאָראַרים" ווי... אל קאַפּאָני, דאַטש שולץ און ענלעכע קרויווישע (אָדער — ?) גייסטער...

## דער אָנגעבלאָזענער

כאָטש דער מענטש טוקלט זיך (פון אינעווייניק) ווי וויט די פענקויכעס פּאַרטראַגן נאָר, איז אָבער די צייט אַזאַ באַראַכמאָנעס־דיקע, אַז זי שטייט מיטן קאַלעב־בערשטל און . . . קאַלעכט אים (פון דרויסן) און דאַווקע אַף אַזאַ אָרט וואָס איז (כאָטש שיטער) באַזעצט מיט דעם, וואָס מען פלעגט אַמאָל רופן אין דער אידישער פּאָעטיק— „לאָקן".

ער רעדט איצט הייזעריקלעך. עס זעט אויס ווי דער ראָסל־פלייש האָט אים אַזוי פאַרפּעצט דעם האַלז, אַז אַפילע מיט אַלע זיינע שטעכיקע, יאָזשעדיקע בארשטן קען מען דאָס ניט אויסרייבן.

דער ערשטער געדאַנק, אַז איר דערזעט אים: אַ פּלעק!

אַ פּעט־פלעק, ווי פון עפּעס אַ הייסן קוגל, וואָס האָט זיך איידער מ'זעט נישט—אַרויסגעגליטשט פון די הענט און איז נעלם געוואָרן...

אַ הייזעריקער, אַ שווערער, אַ סאָפּענדיקער פלעק, וואָס זוכט ערגעץ אַ ריין שטיקל ווינט אַף... אָפּצווישן זיך? אַף צו פאַרפלעקן דעם ווינט?

גאָרניט איז פון זיין לעבן אַראָפּצולעזן — סיידן עפּשער דעם מוסעראַסקל, אַז — אַלצדינג גייט אונטער: אַפילע ראָסלפלייש (אכאָכאָ!).

## ווי לעבט איר זיך אוים?

„ווי אזוי לעבט איר זיך אוים?"

מיט דעם־א כיינעווודיקן פראגעלע באגעגענען אייך די באַשענקטע און באלאקטע „ריטער (מ׳קען זאגן בעזימער) פון דער פען".

„ווי אזוי לעבט איר זיך אוים?" מיר לעבמא זיך אוים... עמא. (מיט א קרעכצעלע). די מומע קאלעבאשע געדענקט איר? עלטער געוואָרן אביסל... דער אינגערער זון אירער — נאָסנבערל לעבט זיך אוים אף רעליעף. די שוועסטער אירע — די מיסעס פידאצער? געשטאָרבן פון צוקער קראנקהייט. יערמיע אליין — דער מאן אירער — ליידט פון אטריטיס. קיין דזשאב האָט ער אויך ניט. אלט געוואָרן נעבעך—איר וואָלט אים ניט דערקענט!... נאָר גייסטיק, הייסט עס, לעבט מען זיך אוים, נישקאָשע. דער „קולטורצווייג" פון איין זייט, „קעמפ בויבעריק" — פון דער אנדערער. מי ארבעט־מיט אין איטשעס זשורנאל — איר ווייסטאך וועלכן איטשען איך מיין? — און עז...ע... מי לעבט זיך אויס און ווי איז ביי אייך, נאדיר?

— בא אונדז? איר׳ט ניט גלויבן די אויערן, הערט איר! — בא אונדז לעבט מען זיך ניט אויס, נאָר מי לעבט זיך איין מי הויבט ערשט אָן, אוהא! בא אונדז? אלעוואי נאָר אזוי פיל קויעך! און אלעוואי נאָר אזוי פיל יאָרן ווי מי קאן אריינוואקסן, אריינלעבן זיך אין די „פאסירונגלען" וואָס די צייט טראָגט אונדז אנטקעגן, אף א פייערדיקן אויפוואַרטער.

## דער שיר־שיר רעדאקטאָר

ער קריכט אריין אין יאם אריין אף דינע, צונויפגעקניפּטע פּיס. דאָס שוואַר־געהאלטיקע פלייצעלע בויגט זיך אונטער דער לאַסט פון געל־געפרעגלטן שווייַנסבראטנס, וואָס דער איידעלער מאָגן קען ניט פארדייען אָן א „העפטיקן פּראָטעסט".

אָט־איז ער שוין באַם יאַם. באָט הו די העל איז דהי יאם, עניוועי? וואָס האָט׳ר פאר׳ן מוירע?

א קאפיטשקע פונדעסטוועגן.

**מנע!**

ער גייט פאוואָליע, פאוואָליע, מאכענדיק דאביי מיט די פינגער, ווי א בלינדער, וואָס פארזוכט דעם טאַאַם פון זייד, אָדער ווי דער קעלנער פון קאפּיי ראָיאַל, אַז ער ציילט שטילערהייט איבער די „ניקל־טיפּס" אין דער קעשענע...

ענדלעך.

עס קומט אָן אַ „כוואַליצקע" — ער גיט איר אַ קאָפּ (בריק) מיטן פוס: קריך ניט, דו!

ער היט זיך סאַקאַנעסנעפּאַשעס — ער זאָל זיך ניט פאַרנעצן איידער ר'עט זיך איינטונקען.

און טונקען טונקט ער זיך איין אינם שמוציקן יאַמוואַסער פון סי־גע־יט: ראַפּטום, מיט פאַרמאַכטע אויגן און — העץ!

מאַלעריש גייט עס צו אַט־ווי־אַזוי:

ער שטעקט אַרייןביידע גראָבע פינגער אין די אויערנלעכלעך (אַלס אַ באַזע), דערנאָך שטעלט ער צו דעם לענגסטן פינגער פון יע־דער האַנט צו 1 זייט נאָזווענטל, דערנאָך גיט ער אַ פאַרגלאָץ די אויגן ווי אַ הון, וואָס דער שויכעט טשיפּעט איר אויס די פעדערן פונם האַלז, טוט אַ ביטערן גאַלגן־שמייכל צו זיך אַליין און — העץ!

אַז ער קומט אַרויס פון דער טווילע, שמייכלט ער ווי אַ וואַרעניק מיט... ראַדיום, פאַרנייגט זיך (קימאַט) צו זיך אַליין, גיט אַ פּאָר שטילע פּעטשעלעך מיט די הענט, ווי איינער רעדט: „בראַוואָ באַ־רעכל, האָסט עס אָפּגעאַרבעט!... האָסט אַ קאָפּ אויף זיך, באָרעכל!" און ער גייט אַהיים, קוועטשענדיק די גאַנצע צייט די שווימגאַטקעס, פון וועלכע עס רינט — — שמוציקע טינט, אָדער — מיר זעמיר קאַ איד ניש!...

## דער קריטיקער

מיט אַ גרייזגרוי קעפּל און ראָזעווע פּלושענע בעקלעך, און ווייס־אַטלעסענע שלעיפן — ווי אַ פאַרעלטערטע שאַנסאָנעטקע, פון וועל־כער די „יוגנט" וויל זיך ניט אָפּטון.

ער דערזעט אַ גרופּע קאָמוניסטן:

— פּאַר זיי איז סי־גע־יט דער קרעמיל. אַ טויער איז דאָ. אַ ווייזע אויף אַריינצוקומען פּאָדערט זיך. מ'דאַרף נאָר אָוועקשטעלן אַ רויטן אַרמייער, ער זאָל ניט אַריינלאָזן קיין בורזשויען.

איבער די פּלושענע בעקלעך גייט אַ ראָזעווער בויכווייטאָק — כאָטש די אייגעלעך פינקלען ווי נייע־געמינצטע דאַימס.

דער איינדרוק:

לעיס, שפּיצן.

ראָזעווע לעיס, וואָס זעט זיך אַרויס פון דער אונטערוועש באַ אַ גרויער קורטיזאַנקע.

דער יאַם דער ריז, האָט גרויסע שוועריקייטן צו נעמען די מילב אונטערן אָרעם . . .

## אביסל סי־געיטער געשיכטע

די עמיגראציע קיין סי־געיט איז שוין היינט ניט אזוי באשרענקט ווי אמאל.

פארמעל דארף מען נאך, הייסט דאס, אלץ האבן א פאספארט מיט א וויזע, נאר דער איצטיקער ריין־אידישער סי־געיט רעזשים איז ניט אזוי שטרענג, ווי אין די „גוטע" בוטלעג־יארן, ווען די סי־געיטער האבן געקוקט אף א דרויסנדיקן מענטשן, ווי אף אן ארייננדרינגער, איינער וואס קומט באראבעווען די זיידענע רו, קאלי־מאכן די אטלע־סענע ארדענונג.

היינט צו טאג איז די געשיכטע אזוי:

אויב איר קומט צו צום טויער פון „דיזן טרערנינזל" און דערזעט א בייזן פאליסמאן, וואס זעט אויס ווי מ'וואלט אים אט־ערשט אפ־געבריט מיט אן אקריפ, איז קענט איר ארײנשטופן א פינגער אין נאז, זיך מאכן גלייך איר זעט ניט דאס הילצערנע טורעמל, מיט דער רא־גאטקע, מיטן שילדל, וואס זאגט שטילערהייט, קימאט אויפן אויער: „סי־געיט. אדמישען ביי קארד אנלי" (ווי עס פאסט פאר אן אינזל מיט אן אריסטאקראטישער פארגאנגענהייט) און... דרוכגיין. טאמער שרייט ער אייך נאך: העי־דהער", מאכט זיך ניט ווּיסנדיק, ער'ט נאך אמאל א געשריי טון „העי דהער!" און דערוויל אויפמאכן די רא־גאטקע פאר אן אונטערגעקומענעם אטאמאביל און פארגעסן אין גאנצן עיסעק. טאמער אבער נעמט אייך איבער באם טויער א שמיי־בלדיקער אלטיטשקער, וועלכער איז סאקאנעם העפלעך און זאגט אייך מאיסע הערמאן בערנשטיין: יעס סיר?" איז אייך שוין ניטא וואס מעקאנע צו זיין, ד. ה. אזוי: אויב איר גייט ליטיש אנגעטון, און רעדט צו אים פרעך, וועט ער אייך סאפקאלסאפ ארײנלאזן אן א וויזע. נאר טאמער זעט איר אויס ווי אן ארבעטער, און איר רעדט צו אים ווי א מענטש, וועט ער אייך שוין מוטשען מיט פראגעס: וואוהין גייט איר? און ווי אפט גייט איר? צוליב וואס גייט איר? איר'ט שוין מוזן מיט אים ארייננגיין אין דושנעם מאטער־צימערל אף דער רעכטער זייט פון דער געיט, וואו דער „קנעפל" וועט אייך הייסןווארטן, בע־איים ער אליין רופט אפ און ווערט געוואר, צי וויל אייער „אבהאלער", אז מען זאל אייך ארײנלאזן, אדער שיקן קריק?

אויב ס'איז שאבעס־זונטיק און ס'איז היים און געסט זענען ניט צו פארזינדיקן, איז דער־א פאליסמאן פאר די סי־געיטער טווישווים א משיאך בען דאוויד! ניט איין מענטשן ראטעוועט ער פון . . . בלייבן אן ווארעמעס, אדער איבערשלאפן די נאכט אף א ראקינג־טשער.

## די גערטנער פון סי־געיט

דער שטאָלץ פון סי־געיט איז היינט: צוויי גערטנער. איין גאָרטן איז דער „אַנאַרכיסטישער גאַנעידן”. דאָס הויז, וואָס קער צו דעמ־דאָזיקן גאָרטן — אַ האָטעל, איז אַרומגענומען מיט אַ שטיינערנער וואַנט, ווי מיט אַ בויכגאַרטל. אין אָנהויב זומער גיבן זיך דאָ אַ צעלאָז די „ראָזעווע רויזן” מיט אַזאַ שעפע, ווי אַ אינזיכיסט מיט פערזן. די לופט ווערט זיס און זליבנע מיט האָניסאָקל. עס באַווייזן זיך אידן מיט קוטשערעס, מיט פליכעס, מיט יאַמשימשטעק, מיט בריפ־קעיסעס (טעקעס), מיטן „בוק־אָוו דהי מאָנטה” אונטערן אָרעם, פרויען מיט אַלטפרענקישע האָר־קרענצלעך אַרומן קאָפּ, מיט רויטע קרעלן, מיט בורשטינען, מיט טערקישע שאַלן.

אין גאָרטן זעט איר דאַנענוואַן (אָדער פון צייט־צו־צייט) אַ שעפּ־סענעס אידן מיט אַ צוויקער ענטוועדער מיט זייער אַ דין שוואַרץ שנירל אַף דער רעכטער זייט, אָדער מיט מוירעדיק ברייט בענדל, עפּ־שער דריי מעטער די לענג . . . אַזאַ איד גייט געוויינטלעך אַרום מיט די הענט אַפּן בויך, גיט אַלע דריי מינוט אַ זיפצל יאַכהאַכאַ, רייסט אויס אַ בלימל פאַרטראַכטערהייט, טראָגט עס־צו צו דער נאָז, וועלכער מ'האָט נאָך גאָרניט אָנגעמאָלדן וואָס פאַר אַ מאַטאָנע מען ברענגט איר, דערנאָך טוט ער אַ שטיל פּרילינג־ניסל, צערייבט דעם האָפּטשי־עכאָ אונטער דער נאָז מיט צוויי געשמאַקע וויש.

אויב ער איז אַ פּאָעט (וואָס דען אַנדערש איז אַזאַ פּאַרשוין ?), נעמט ער אַרויס אַ נאָטיצביכעלע און פאַרצייכנט: „זאַמד־דונען. סי־געיט לויכט־טורעם. פלאַמיקע בלום. די אידישע נעשאָמע מאַטערט זיך אין פלאָם־דונען, אין זאַמד־פייער” . . .

דער אייגנטימער פון דער־אָ ווילאַ איז היינט דער רעדאַקטאָר פון אַ ציימונג, וואָס איז „באַרימט” געוואָרן דורך דעם וואָס זי איז (אין די יונגע יאָרן) געווען — אַזוי צו זאָגן לויטער קישקע. לויטער בריפ־קאַסטן. „אַנאַרכיסטן” וואָס האָבן די ציין פאַרלוירן אַף דר. זשיט־לאָווסקי'ס געהאַקטע טשוועקעס, האָבן ניט געקענט פאַרדייען קיין זאַך וואָס איז געווען ביינערדיק, פלעגט זיי דער אַמאָליקער רעדאַקטאָר קייען ליטעראַרישע שאַלעסטשיוועס, זיי פאַרווילן מיט אַ פינגערהוט פּאָעזיע און דער איקער מיט שליסל־לאָך פלאָטקעס וועגן שרייבער און שרייבערקעס, וועגן דער קינסטלערישער מענאַפּאָזע באַ דער, אָדער יענער מיטליעריקער מוזע . . .

היינט צו טאָג איז פון דעם רירעוודיקן, פּיפּיקן בלאַט געוואָרן אַ שטיל, הייזעריק בלעטל. זעלטן אַז דו זעסט עס ערגעץ אַף אַ ציימונג־

סטענד (קיאָסק). ס'איז דאָר ווי דעם צאַדיקס פּייג. צענויפגעקאָר־טשעט ווי אַ זקיינע, אַ פעלדמעסטערין, וואָס גייט צו זיך זעלבסט אַף קייוועראָוועס . . .

דער איינדרוק איז: דאָס ציטונגל איז ניט באַם זינען. עס רעדט צו זיך אַליין . . .

אַז אינעם „גאַנעידן" קומט פאָר אַ פאַרזאַמלונג פון די לינקע, שטייען די רעכטע (געסט) אינעווייניק, שטופּן אַרויס די קעפּ—צומ־ערשטן מיט כוויזעק, דערנאָך מיט אַביסל אינטערעס, דערנאָך מיט פאַרכאַפּונג. דערנאָך קוקט מען זיך אַרום צי עמיצער אינעווייניק זעט ניט און מי קוקט ווייטער. נאָך אַרונטערגיין אין גאָרטן און באַצאָלן פאַר אַ בילעט — דאָס ניט. צוליב צוויי טאַמים: ערשטנס — פּאַסט ניט פאַר „אייגענע מענטשן". צווייטנס — איז אַ קוואָדער אויך אַ מאַטבייע . . .

דער אַנדערער גאָרטן געהער צו אַ פּריוואַטן בירגער. ווען סי־געיט וואָלט געהאַט אַ קרוין, וואָלט דער־אָ גאָרטן געווען די קרוינצי־רונג. ווי די זאַך איז אָבער, איז עס אַ פּרעכטיקער גאָרטן — נאָר אַן אויסגעשטאָפּטער: אַ דערדישעטער אין שיינקייט!

עקזאָטישע פּרוכטביימלעך, שווערע קאָלירבלומען זיפצן איינס צו ס'אַנדערע: —

„רוק זיך אָפּ אַביסל, כ'בעט דיך" . . .

עסטרייכישע אַגרעס־ביימלעך העשען נאָך אַביסל לופט. אונגאַרי־שער פלוימען צוויט פּרייכט ווי אַ גאַנז, פון מאַנגל אין אָטעם־שטאָף. די וואָרצלען פון יעדן ביימל, פון יעדן קשאַק פאַרבייטן זיך די פיס פון ענגשאַפט, קענען זיך ניט אויספּלאָנטען, זידלען זיך איינס ס'אַנ־דערע שטילערהייט, אַף בלומענשפּראַך . . .

אַקעגן דעם־אָ גאָרטן איז די שול — „מאָרים שוואַרצעס שול" רופט מען זי. ווייל בעאיים מאָרים שוואַרץ האָט דאָרטן געוואוינט און שול־אידן פלעגן געבן צו לייזן אין זיין ניו־יאָרקער טעאַטער, פלעגט ער — זייט די לעצטע עלעף יאָר — צו־זאָגן אַז היינטמאָרגן וועט ער זיך אַריינכאַפּן אַהינצו אַף אַ מוסעף . . .

## דער באַלשעמניק

דאָרע פיס ווי שפּענדלעך. זעט אויס, ווי מ'וואָלט באַזונדערע טיילן פון זיין גוף צענויפגעקליבן אַף עטלעכע יאָרידים און צענויפ־געבונדן מיט שפּיגאַטלעך.

אַ לאַנגער גאַנדי, נאָר מיט ציין און מיט קורצע באַד־הייזקעס ווי אַ שוואַרצער דאַיפּער.

א הייליקער, א באַלקאַבאַלע, א באַלשעמניק.

זיין ספּעציאַליטעט: נאָמעריזם. גמאַטריעס . . וואַנט־מיט־וואַנט.

ער לויפט זיך באָדן יעדן טאָג, ווי איינער לויפט איבערקומען עפּעס אַן אָנשיקעניש. ער וואַרפט זיך אין יאַם אַריין, עפּעס ווי פון שרעקלעכער פאַרצווייפלונג. דער יאַם נעמט אים אויף מיט אַן אינטים פּעמשל אין האַרטן הינטנדל. יענער רייבט אַביסל דאָס שטיי־לע אָרט, גיט זיך א כאַפּ צום פּלאַץ, וואו עס דאַרפן (אַל פּי טעיווע) אַראָפּהענגען פּעיעס, בלאָזט־אָן אַביסל די באַק, גיט דאָרט א שטאָרקע מיט 1 פינגער אַף אַרויסצולאָזן די מויל־פּאַרע, שפּילט זיך אַווײלע מיטן זעלבן פינגער אין שפּיץ פון א שטילער כוואַליע, ווי א קינד וואָס מישט אין א גריבל, און גיט זיך ענדלעך א צי־אויס, אונטערטונקענ־דיק דעם גאַנצן גוף, מאַכנדיק דערביי א שטאַרקן שוים מיט די פּיס, פון וועלכן אַלע מיט־באָדערס אַנטלויפן.

אַז ער קומט אַרויס איז ער בלאָ־אָנגערויטלט ווי ליטמוס פּאַפּיר. ער לייגט זיך באַלד אַוויק אין וואַרימען זאַמד, סטאָנעט און מאַכט הויך אַפּן קאָל, ווי א שוויץ־איד אין באָד: אַהה!

א פרוי קומט אונטער מיט א קאָקעטירנדיק 80־פּונטיק געזעס און גיט א מאַך:

— נו, מיסטער ב., זאָגט עפּעס א קלוג וואָרט. כ'האָב נאָך היינט קיין קלוג וואָרט ניט געהערט . . .

ער קוקט זי אָן מיט צאַרבעלע־כאַיעמדיקע פייכטע אויגן און זאָגט מיט ערנסט און גנאָד, א גלעט טוענדיק ס'זאַמד:

— זעצט אייך צו.

ער הויבט זיך אונטער אַף א העלפט, ביז יענע זעצט זיך דער־ווייל לעבן אים און כאַזערט איבער איר באַקאָשע:

— וואָס ווילט איר זאָל איך אייך זאָגן? — פרעגט גאַנדי.

— עניטהינג. אַבי נישט קיין באַנאַל.

— ליטעט, — פאַרענדיגט גאַנדי, וועלכער האָט א פרעציז אויער פאַר שפּראַך.

—דאַצרייט. זאָגט עפּעס פון אייערע קאַבאַליזמען מיסטער ב.

גאַנדי רינצלט דעם שטערן, אַרויף און אַראָפּ, עטלעכע מאָל, ווי ער וואָלט בידאַרפט לאָזן דאָרטן אינעווייניק עפּעס א שווערע מאַשי־נעריע. דערנאָך מאַכט ער:

— קאַבאָלע איז ע־פּעס. מיינט ניט! . .

— שור.

ער גיט ווידער א פאַראַקער דעם שטערן מיט עטלעכע בייטן

קניטשן, און פּאַרקאַטשנדיק די נאָזלעכער ווי אַ פערד וואָס קלויבט זיך אַ הירזשע צו טון. מאַכט ער:

— איינס. גאָט.

— און צוויי? — פרעגט זי.

— צוויי? — גאָט און אַן ארבעסל.

— און דריי?

— דריי? גאָט, אַן ארבעסל און אַ וועקזייגער.

— און פיר?

— פיר? גאָט, אַן ארבעסל אַ וועקזייגער און אַ קאַפּיטל מיש־נאיעס . . .

דער קריטיקער, וואָס דערמאָנט אָן קרוזשעוועס אַף דער אונטער־וועש פון אַ קורטעזאַנע, גייט פאַרביי, גיט אַ הירזשע ארויס אַ גע־לעכטערל און מאַכט, גלייך ווי ער וואָלט יענעם געענטפערט אַף אַן איינלאַדונג אויסצוהערן די קאַבאַליסטישע טשעפּוכאַ:

— אַז כ'על ניט הערן אייערע קאַבאַליקאַציע, וועט מיר אויך ניט רינען קיין בלוט פון דער נאָז.

ער גייט אוועק טריאומפיש, מיט אַ נאָך־געלעכטערל, ווי ער וואָלט דאָ געזאָגט די גרעסטע כאָכמע . . .

## האָט אַ איד אַ אידענע . . .

זיין ספּעציאַליטעט איז: „גיפט און גאַל".

יאָרנלאַנג פלעגט ער צושטעלן די אידישע רעדאַקציעס „גיפט און גאַל" פאַר אַזויפיל און אַזויפיל אַ ליטרע גאַל, אַזויפיל און אַזויפיל אַ קוואַטירל גיפט . . .

גיפט איז אין יענער צייט געווען עט־וואָס ביליגער ווי גאַל, ווייל נאָך גאַל האָט מען בידאַרפט גייען צי די „רוסן", בעאיים גיפט האָט מען געקענט אַליין אויסקוועטשן פון דער פאַרזשאַווערטער פען . . .

סי פלעגט זיין אַ מעכאַיע צו זען, ווי ער פלעגט אריינקומען אין רעדאַקציע מיטן בעכער גיפט־און־גאַל אין דער קעשענע, געשריבן אין אַ פערלדיק קסאַוול און צונויפגעשפּיליעט מיט נייע שפּילקעלעך. דעם גיפט־און־גאַל'עכס בעקלעך פלעגן דעמאָלט שיינען מיט געזונטער יונגפרוילעכער רויטקייט. דאָס שטימעלע פלעגט אונטערטענצלען. די אויגן פלעגן באַ אים הירזשען מיט דער פריילעכקייט פון אַן אָנ־געגעסן לאָשיקל: זייער אַ געראָטן ביסל גיפט און גאַל באַ אים היינט . . .

— ווייסיך וואָס, כאַכאַ, גיט אַ טשעקל און האַקט ניט קאַ טשאַיניק!

נעקסט, ווי מי זאָגט צו „גיפּט־און־גאַל״ איז בא אים געווען דאָס טשעקל.

ער פלעגט דאָס גוט אַרומקוקן, צונויפלעגן אין אַ באַשטימטן קנייטש, אַריינלייגן אין אַ באַשטימט וועסטל־קעשענקעלע, געבן צוויי־דריי ליבלעכע קלעפּלעך אַף דעמזעלבן קעשענקעלע, צעשיטן אַן אַרבעס־געלעכטערל, אַ גרינגס, און אַ פרעג טאָן דעם רעדאַקטאָר שוין פון לעבן דער טיר:

— איז אַ גיפּט־און־גאַלעכן פּאָר נעקסטער וואָך, האַ? אביסל אַ לענגערס?! נו גוט, מיר'ן מאַכן . . . וואָס נאָך? עפּשער דאַרפט איר נאָך עפּעס? . .

צום באַד־פּלאַץ קומט ער יעדן טאָג קימאַט אַ טענצלדיקער, לויפט גלייך צו צום יאַם, גיט אַ כראַקע אַריין אַהינצו (דאָס זאָל הייסן, האַפּאָנים: ווי איר קוקט מיך אָן האַ, איז וויניקער ווי אין אַן אַטלאַנטישן אָקעאַן אַריין קען איך עס ניט טון!). דערנאָך גיט ער אַ כאַפּ זיין לעידי.

דאָס הייסט: אַנדערע שרייבער האָבן אויך לעידיס, וואָדען, אָן לעידיס וועלן זיי קומען קיין „אַמעריקעלע״? נאָר דער נעמט זיין לעידי ווי . . . די רוסן האָבן גענומען פּשעמישל: מיט דעמאָנסטראַ־טיוון שטורעם.

ער קוקט זיך אַרום צי מי קוקט.

אויב יאָ, גיט ער אַ נעם די לעידי נאָך פעסטער אונטערן ווייסן אָרעם. איין אַקסלבענדל פונם באַדקאָסטיום איז בא אים יונגעריש אַראָפּגעלאָזט. שטיקער פּערלמוטער גליען אַרויס פון די אָפענע האַרלאָזע ערטער. אַ ווייסקייט — ווי אונטער אַן אַלטן שטיין וואָס מ'האָט אָט־ערשט אָפּגעקייקלט.

— מיין לעידי . . .

אַרויף און אַראָפּ איבערן זאַמד. דאָס פּעניטל לאַכט. די אויגן הירזשען. דאָס פּערלמוטערנע בייכל טייעט־אָן. די פּיאַטעס אַפּילע פון די פיס קווענלען פון נאַכעס.

— מיין לעידי . . .

— כאָמאַ אַ לעידי.

און צו מיר זינגט אַ הירזשענדיק אויג באַם פאַרבייגיין:

— וואָס האָסט דו פון דיין גאַל און גיפּט, דו לעקיש איינער? איך האָב כאָטש אָפּגעשפּאָרט דאָפּון אביסל געלט, אַ באַקוועמע על־טער, אַ לאַכענדיק פּאָנים אַ פּערלמוטערן בייכל און... אַ לעידי

— מיין לעידי.

— כאָמאַ אַ לעידי.

— פּערזענלעכע לעידי.

## א מאַיסע מיט צוויי ברידער

צוויי מיטאַמאָל זענען זיי.

דאָס הייסט אַזוי פֿאַר זיך זענען זיי יעדער באַזונדער — מי קאָן זאָגן: געפּערלעך באַזונדער. איינער — אַ ריינער קינסטלער. ריין און אָפּגעהיט, ווי אַ גרין רינשטיקל וואָס גייט פֿון אַ נאַליעווקי־הויף אום זומער . .

דער אַנדערער ווידער לאָזט שוין עפּעס אַראָפּ פֿון דער ריינער קונסט, אָבער סי קאָסט אים געגנוג קויעך.

— אַ מאָץ האָט עמיצער אָנצושרייבן אַ פּיעסע וואָס זאָל גיין עלעווינייצינציק וואָכן דורכאַנאַנד, אַזוויוי מאַהן בריהדער . . .

— מאַהן בריהדער האָט אַ קאָפּ אַף זיך . . .

אַז דער ברודער גייט אַריין אין וואַסער, גייט יענער אַרוים: ניטאָ אַף אַזאַ שמאָלן יאַם גענוג אומשטערבלעבקייט פאַרביידן...

זיצט דער ערשטער ברודער אַף אַ געשטרייפט לייווענטן בענקל, מיט דער גומענער שווים־יאַרמיקע אַפן קאָפּ, מיט אַ פּערדיש שטרוי־היטל אַף דער יאַרמיקע מיט אַ נאָס האַנטיך אַפן היטל. זיין קאַוואָנע איז דורכוים אַ קינסטלערישע: ער וויל זיך אַביסל צוברוינען פון דער זון. האָט ער זיך אָנגעשמירט מיט אייל וואו מי דאַרף — אַ מין סאָרט אָנצייכענונג פּאַר דער זון:

אָט אַהער זאָל זי גיין, וואו ס'איז פעט, און ווייטער נישט.

ער אַליין גייט אויך בלויז דאָרטן וואו ס'איז פעט . .

באַ דעם־אָ אַטעאיסטישן „שיינגייסט" קענט איר פונדעסטוועגן פּוילן, ער זאָל זיך דרוקן מיט אַ „רעבן" אַף איין זייט, און אַ מאַנסענוירע פון אַ „געקידנעפּטן" „פּאָרווערטס"־שרייבער אַף דער אַנדערער זייט.

— וואָס מאַכסטעך נאַריש, וואוס? קאָמוניזם־שמאָמיניזם... ביז סעט קומען די נחומעה טאַרוים די נשומעה. ווילאַכניש! יאַך בין ניש קאַ נאַר.

איר קענט אים ניט אָפּנאַרן . . .

ר'האָט אין „כאַסידישע האַיפן" געלעבט, וואַיסט ער דעם שפּיל זאַיער גיהט . . . 'סמאַכסצאַך נאַריש, האַ?

יענער ברודער טונקט זיך דערווייל ביז איבערן בויך. עסט אַ באַנאַנע אין יאַם. וואַרפט אַריבער די שאָלעכץ צום ברעג (אַ מע־פונעק!) שפּייט אָן אין די דאַרע פויסטלעך, מאַכט אַביסל „עקסיסאַי־זעם". שטיפט מיט אַ „לעידי", קוקט אַריבער צו אונדז, צי מיר באַ־מערקן ווי ער ברענט אַ וועלט, דער שלאַק זאָל עם טרעפן . . .

דער ברודער („זאיען זאיען") זיצט ווי א מאהאראדזשא, מיטן האנטיך אפן קאפעליוש, מיט די פיס כיינעוודיק פארקאטשעט, אזוי אז די אויסגעפרייעטע פיספינגער זאלן זיך דורכלופטערן. די שטערנ־ברעמען שטעלן זיך בא אים אף בייז, ווי וואנטשעס, כאטש דאס בלוי־געגאלטע פאנים בלייבט אויסערגעוויינטלעך קאלט און ווירדיק.

— וואוסוויסטע ?

— סעי, זאיען־זאיען, זי גלאיבט ניש אז דו ביזט מיין ברודער ! זי גלאיבט ניש אפילע אז דו ביזט זאיען־זאיען —

— ששא. לעקקיש . . .

ער מאכט־צו די כאשעווע אויגן, דרעמעלט־איין מיט א ליבלעך שמייכעלע אפן פאנים.

אין יאם רעדט דער אנדערער צו דער לעידי :

— ר'האט א קאפ אף זיך, מאהן בריהדער . . .

## זאלבעניטוויינגער ווי דריט

זיי זיצן אין א האלבקרענצל זאלבעניטווייניגער... ווי עס שטייט דא אויבן.

איינער פון זיי — דער מיטן שעקספירישן קאפ אין אן סאפעק דער אימפאזאנטסטער פון דער גרופע. די אנדערע צוויי זענען — פריווילעגירטע „אנטאטשיבלס", אזוי צו זאגן.

זיי זענען זייער איידעלע באכערים. איינער פון זיי אין שוין אפילע אן עלטערער איד, א זיידע מיט עטלעכע אייניקלעך, נאר צו זיין אלטבאכערישקייט האט עס ניט. ער איז א געבוירענער אלטער באכער, מיט די ליסטיקע הינטערגעגנגלעך, רעבילעסלעך, א טעיווע זיך אלעמאל א גלעט טאן זיך מיט 2 פינגער איבער די דארע ליפן, וואס זענען שטענדיק אוים אזוי טרויעריק, ווי צוויי פון־זומער־איבער־געבליבענע „פרענקפארטערס", אף א פארלאזטן „סטענד" אין קוני־איילאנד, סאף בוידעש סעפטעמבער . . . .

עס גייט צווישן די דריי דיכטער א געשמועס :

איינער : גראנדיר נישט און זינפל נישט. אויסער מיט אויסער איז בלויז א העלפט.

צווייטער : עפשער נאך ווינציקער.

ערשטער : דאס דארפסטו נישט זאגן. אבער די אלגעמיינהייט דאפון איז צום דורכוים באדויערן.

צווייטער : (רואיק) באדויערן מיר עס, ליבע דיכטער־מענטשן !

דריטער : רעליגיא מעדיטשי. שפיגל־כאקרען. רעפלעקס און גאר !

צווייטער: דער „נאַר" איז דאָ ניט אין פּלאַץ, — וואָלט איך געזאָגט.

ערשטער: (בייז) גלאָבעבער פון ווייסן פּיראַמיד יאָ און שאַרגעלשפּלאַנץ נישט? (העכסט אויפגערעגט, בלאָזט צוועק די האָר פון איבער די אויגן) נישט ביז קיינעמס לעבן! (וויל זיך אויפהויבן).

צווייטער: (האַלט אים צו) רואיק, רואיק, ליבער מענטש . . . אָט אַזוי. גוט יאָנטעוו.

דריטער: קאָל־על מיט וועם פּערם. קאָל־עכאָד, קאָל עמפּיריק.

צווייטער: עם — עפּשער. אָבער פּיריק — דאָס גלויב איך קוים.

ערשטער: האָמאָ האָמיני. (גיט דעם צווייטן אַ שטופּ איבערן קאָפּ) ווערטס געהאַרגעט אַלע. מיר איז שוין קאַלט!

— דריטער: כּאַמעלעאָן איז ניט קיין —

צווייטער: כּמעלניצקי ווילט איר זאָגן? (ליבלעך) זאָגטס, זאָגטס! שעמטס אייך נישט . . .

ערשטער: עגאָעמישער אידיאָט!!

דריטער: (קאָכט זיך) אַז מי שטייט מיטן פּאָנים קאָסמאָסקאַליש קען מען שוין בעמיילע ניט שטיין מיטן פּאָנים צו דער אייגענער נאָז. (העכער) דאָס דאַרף מען קענען פאַרשטיין.

דריטער: (צו זיך) פאַרשטייט זיך.

ערשטער: דאָס איז ריכטיק. (הויבט זיך אויף, פאַרנייגט זיך מאַיעסטעטיש צום אייגענעם מיטל־פּונקט) אָט־אַזוי, ליבער מענטש, גוט־יאָנטעוו . . .

אומגעפער אַזאַ שמועס איז בעעמעס פאָרגעקומען. איך האָב דאָס בלויז אַ קליין ביסל צוגעפּוצט.

## דער קונסט־ליבהאָבער

אַ איד אַ דעמבענער. שוין העכער זעכציק. נאָר ער באָכערט זיך נאָך.

אַ איד וואָס אַרום די זיבעציקער יאָרן קען אים נאָך אָנהויבן צו שפּראָצן ציין.

שטענדיק צווישן צוויי זומערן — איינעם פונפּאַרנט, ערגעץ אין לאָנג ברענטש, דעם צווייטן פון הינטן — ערגעץ אין מיאַמי.

יאַמווינטן וואַלגערן אים, יאַמכוואַליעס מאַסירן אים, אַזאַן, דיקע ביפסטעיקס, זויערשטאָף, עלאַן, גרינג לעבן, קאָסטבאַרע כּאַלוימעס. שטענדיק האָט ער עמיצן לעבן זיך, וואָס זאָל אים העלפן כּאַלעמען, ווייל ער וויל זיך ניט פאַרמאַטערן.

אַ גרינג לעבן — ווי אַ פּוטער־געבעקסל.

די ראָזשינקע פון דעם־אַ גרינגן לעבן איז — קונסט.

זומער טרעפט איר אים וואו נאָר ערגעץ אַ „קאָלאָניע", און וואו נאָר אַ מיניען קינסטלער שטעלן אויס זייערע „לייוועונטן", און וואו נאָר אַ זומערדיק טעאַטערל אין אַ שטאַל, וואו מיקען זיך אַריינכאַפּן דורך אַ לויזן ברעטל, און וואו נאָר אַ באַנקעט וואו מען קאָן זיך אַריינקוועטשן אָן אַ בילעט — שטופּט ער אַריין:

דעם שטעקן, דעם בויך, די געזונטע שפּיץ נאָז, די אייזערנע ציין, וואָס קענען צערייבן אַ מילשטיין . . .

אין וואודסטאָק, אין גלאָסטער, אין גרינוויטש, קאָנעקטיקוט (ניט צו פאַרבייטן מיט גרעניטש ווילעדזש, וואו ער איז דאַווקע אויך אַ שטאַמגאַסט אין די קאַפּייען: „בלאַ קאַץ". און „פּורפּורן פערד") אין קרענגסמאָר אָפן שפּיץ פון סעמס־פּאָינט, אין סעיברוק.

איר האָט דאָס געפיל: אָט אַ פּיס אַ לאַנגע, געזונטע קישקע, דורך וועלכער יעדער טאָג שטופּט דורך הונדערטער קילאָמעטער געגנט און עס קומט אַרויס: אַ קעזאַיעס ווינט.

אידישער מעצענאַס.

קונסט־ליבהאָבער.

נויטבאַדערפטיקע אידישע קינסטלער קריגן פון אים:

1) אַ גלעט איבערן אַקסל (אויב איר שטייט).

2) אַ גוטברודערישן קלאַפּ איבער דער קניע (אויב איר זיצט).

3) אַ קעמל־סיגאַרעט פון אַ זילבערנער פּושקע אַרויס. אָף דער נעמלעכער פּושקע איז דאָ אַן אויפשריפט: „צום — מעצענאַס... פון . . דיכטער . . ."

4) אַ בלאָז אייך גלייך אין מויל אַריין פון אַ טייערן האַוואַנעציגאַר

5) אַ פאַרזיכערונג, אַז אַזוינס ווי איר שרייבט, איז ע — — ער האָט קיין ווערטער נישט.

טאָמער בידאַרפט איר עפּעס . . . (דאָ ווערט ער געוויינטלעך „ביזי" און לויפט אַוועק און ענדיקט ניט).

דער מעצענאַס פאַרנעמט זיך — אַחוץ מיט קונסט, אויך מיט... רילעסטייט, האַנדל־וואַנדל, פּעטיע־מעטיע.

נאָר רעדן פון „מאַטעריאַלנע" זאַכן, רעדט ער ניט. סיידן אַז זיין געזונטע, שיינע נאָז דערשמעקט, אַז „איר האָט עס". דעמאָלט נעמט ער אייך שטילערהייד אונטערן אָרעם, פירט אייך אַוועק אין אַ זייט, רעדט עפּעס זייער שטיל און גרינג, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געווען אַ פּוטער־געבעקסל אַ וואוילס.

דעמאָלט רעדט ער „אָן לײדנשאַפט". ער איז שוין אין אַמע־ריקע אַ יאָר — מי־יווידייע וויפיל און ער גווידערט זיך דערמיט, וואָס דער יוגנט־שטויב פון דער איסט־סאַיד האָט אַף אים קיין פלעק ניט געלאָזט . . .

דער מעצענאַס טראָגט זײן שטעקן ניט אַף אָנצושפאַרן זיך, נאָר ווי אַ קאַפּעלמייסטער. צוליב דעם צוועק האָט ער זיך פאַרזעען מיט אַ קנופּיקן שטעקן אַ שווערן, וואָס האָט אַ גילדענע גאַלקע.

זײן „שלאָגער" (ווי אַקטיאָרן זאָגן) איז:

— פּאַקט עס מיר איין!

— קאַפּעי ראָיאַל הערט אָפּט ווי ער רעדט מיט זײן שאַרפער דיקציע און כליפּיק באַי־קעלכל צו אַ „דיכטער", וואָס וויל אים אַרײנ־שטופּן זײנס אַ ניי ביכל פאַר 75 סענט.

— פּאַקט עס מיר איין!

דער דיכטער לויפט נעבעך אַרום זוכן פּאַקפּאַפּיר. ניט גע־פינענדיק דאָס וואָס ער זוכט, פאַרפּאַקט ער זײן „ווערקל" סאָפּקאָל־סאָף אין אַ אידישער צייטונג.

נאָר דער מעצענאַס נעמט ניט.

ער האָט דאַרויף אַ וויץ:

— הערינג וויקלט מען ניט אין הערינג. ליטעראַטור גלייכט, אַז מי וויקלט עס אין ריינעם פּאַפּיר . . .

דאָס שעמט ער זיך, אַז זײנע טעכטער זאָלן ניט דערזען, אַז „דהי אָלד מען" טוט אָפּ נאַרישקייטן, צעטרענצלט אומזיסט געלט.

מי דערציילט וועגן אים, אַז ער איז שוין אַזוי געוואוינט צו „פאַרפּאַקונגען", אַז איינמאָל בעאַיים ער האָט פאַרהאַנדלט וועגן קויפן אַן אַפּאַרטמענט־הויז אויף וואַיז עוועניו און ער האָט שוין אָפּגעדונגען דעם פּרייז, האָט ער זיך פאַרגעסן און געזאָגט צום מעק־לער:

— אָלרייט. פּאַקט עס מיר איין! . .

איצט איז ער לעבן מיר, גלעט מיר די פּלייצע (ווייל איך בין אין אַ שטייענדיקער פּאָזיציע, אַז ניט וואָלט ער מיר געקלאַפּט אַף דער קניע), רעדט אַף זײן באַי־כליפּיקל, וואָס דאַרף זײן אַ מין באַסאָ־ווער קרעכץ פון אַ לײדנדער זעלע. ער קוקט מיר שטאַרק אין די אויגן מיט זײנע ניקלענע שוואַרצאַפּלס, פרעגט זיך נאָך וואָס מאַך איך וואָס? און עפּעס האָט ער פאַר מיר פערזענלעך אַ סוד

ער לייגט אַרײן די האַנט אין בוזעמקעשענע, ווי ער וואָלט וועלן פון דאָרטן אַרויסגראַבלען דעם „סוד", נאָר די האַנט ווערט אינעוויי־ניק אַנטשלאָפן. גיט ער מיט דער אַנדערער האַנט עטלעכע פּעטשלעך

איבער דער ברוסטקעשענע (וואָס איז איבער דער בוזעמקעשענע) ווי צו דערמאָנען יענע האַנט, אַז עס איז צייט אַרויסצוקומען אין דער עפנטלעכקייט. אַז ביידע הענט דערזעען זיך, נעמען זיי זיך פלעכטן פינגער־אין־פינגער, שפּילן זיך אַזוי אַ מינוט צוויי, דערנאָך קוקט ער מיר ווידער גלייך אין די אויגן, לאָזט אַדורכלויפן אַ פּאַוזע מיט אַ לאַנג עקל און רופט זיך ענדלעך אָן:

— איז ע . . . זאָגט־זשע מיר, כ׳בעט אייך, טייערינקער, ווי לעבט זיך אייך?

דעם „טייערינקער" זאָגט ער מיר (ווי אַ שריפטזעצער וואָלט געזאָגט) אין „פּאַיקע", ווי אַן אויסגעשריי, אָדער ווי עפּעס זייער אַ וויכטיקע קאָנצעסיע.

איך זאָג אים, אַז מיר לעבט זיך אַזוי־און־אַזוי.

— טסאַ, טסאַ", קלאַפּט ער מיט דער צונג.

איך ווייס ניט, צי מיט טסאַ־טסאַ באַדויערט ער דאָס, וואָס איך לעב, אָדער דאָס וואָס איך לעב אַזוי און אַזוי.

ער שטעלט זיך אַוועק אַביסל קרומלעך (ווי דער טורעם פון פּי־זאַ), קוקט אַף מיר ווידער עפּשער 10 מינוט, אין אַ „ברויזנדן" שטיל־שווייגן, דערנאָך נעמט ער אָן מיט זיין ברייטער זשמעניע מיין שמאָל האַנט־געלענק, גיט אַ שטאַרקן קוועטש, קרעכצט און אַ באַי־קרעכצל און ענדלעך קוועטשט ער פון זיך אַרויס ווי צאָן־פּאַסטע אַף אַ בערשטל:

— מנע. סי׳ט נאָך זיין גוט. איר׳ט זען!

און קעדיי צו ווייזן, ווי גוט מיר וועט נאָך זיין, זוכט ער אין אַלע קעשענעס פון זיין ווייס־לייוועטענעם קאָסטיום, נעמט ענדלעך אַרויס אַ צענויפגעלייגט שניפּטיכל אַ ריינס, גיט עס אַ טרעסע אין דער לופט, ווי אַ גודבאַי און . . . שנייצט זיך אויס די נאָז טרו־קענערהייד.

דער שאַינוואַרפער (ביקאָן), אונטער וועלכן מיר שטייען, דרייט מיט זיין קופּערפּאַרביקן ליכט. איבער די שפּיצן פון די הויכע סי־געיטער ביימער פּלאַמט עס און לעשט זיך, און פּלאַמט ווידער. עפּעס גייסטערהאַפטיקס לויערט איבער בוים און גאָרטנוואַנט. די כוואַליעס רוישן ווי קאַפּעי ראַיאַל אין אַ זונטיק באַנאַכט.

דער מעצענאַס גיט זיך אַ נישט־אומיסנידיקן קראַץ אין אַ שלעיף מיט דער גאַלקע פון זיין שטעקן (וועגן דעם נעמלעכן שטעקן רעדט מען, אַז ער האָט אַלע מאָדערנע „אימפּראָוואומענטס", אַבויץ הייסע־און־קאַלטע וואַסער!), דערנאָך זאָגט ער, אונטערפירנדיק, הייסט עס, דעם סאַכאַקל פון מענטש און וועלט:

— זאָגט אייך וואָס איר ווילט, נאַדיר, אָבער דאָס לעבן האָט נאָך אַסאַך פּאָעזיע . . .

ער גיט מיך ווידער אַ בערישן כאַפּ באַם געלענק, קוקנדיק אַף מיר מיט זיין האַטשיק־נאָז, מיט וועלכער ער וואָלט דאַכט זיך געקענט פון דר׳ערד ווערים אויפקלויבן, און ער גיט אַ מאַך:

— כב, כ׳וויס, נאַדיר טייערינקער, אַז איר׳ט מיר זאָגן: „פּאָ־שיזם, קאַמפּן, הונגער״. נאָר דאָ גייען מיר זיך שוין פּאַנאַנדער . . .

איך באַנוץ מיך מיט דער געלעגנהייט און וויל מיך שוין אַרויס־רייסן פון אים. נאָר ער האַלט מיך צו:

— וואָס פרעגט איר מיך ניט וואָס איך מאַך? ווי אַזוי לעבט זיך מיר? טאַקע אַ באַרזשוי, אָבער . . .

איך פרעג אים וואָס ער מאַכט, ווי אַזוי עס לעבט זיך אים . . .

— איך פרעגט מיך וואָס איך מאַך, ווי אַזוי איך לעב, — זאָגט ער און גיט אַ זיפץ און אַ באַי־זיפץ. — ווי אַזוי זאָל זיך לעבן? דער גוף, ווי איר זעט (ער ווייזט אַף זיינע לייווענטענע פול־אָנגע־שטאָפּטע הויזן) — דער גוף איז זאַט, מ׳קען זיך ניט באַקלאָגן, נאָר די נעשאָמע . . .

איך דערמאָן מיך אין דער סצענע אין „מאַקסים׳ס יוגנט״, וואו דער מענשעוויק אין פּראַק, מיטן וויינבעכער אין האַנט, פּראַוועט זיין קריסטמעס־אָרגיע, און צום באָלשעוויק, וואָס זוכט אַ פּלאַץ צו ראַטע־ווען זיך פון פּאָליציי, זאָגט ער ליריש און פאַררעטעריש:

— „מיין גוף איז פריי, אָבער מיין נעשאָמע איז נאָך אַלץ אין פּעטראָ־פּאַוולאָווסקער פעסטונג״.

איך צעלאַך מיך.

— אַז איר לאַכט — מאַכט ער — איז גוט וואָס איך זוך איז אייך — מאַכט ער טויט־וואַזשנע — איז דעם אַמאָליקן נאַדיר, דעם פון . . .

ער רעכנט אויס אַ צעטל פון מיינע אַלטע שריפטן. דערנאָך נעמט ער דעם „צעפּטער״ אונטער אַן אָרעם, קנאַקט זיך אויס די פינגער איינס ווי איינס און מאַכט:

— אַקעגן דער היים — מיינע . . . נו, אַ היים, ווי אַלע היימען. ניט צענויפגעוואַקסן, ניט צענויפגעבונדן. דער מאַן וואַקסט, די פרוי — ניט. די אַלטע טראַגעדיע . . . (פּאַוזע)

פּלוצים:

— האַ, וואו איך וואוין? איך וואוין אין ניו־העמפּשיר, באַם ברעג יאַם. אַ פּראַכטפאָלע זומערוואוינונג אין בעסטן סטיל — אַליין אויפגעבויט. טאַנדעטנע הייזער האָב איך פיינט, ווייסט איר דאָך.

א גרויסער גאָרטן. וועראַנדעס, סאָנפּאָרטשעס — א צאַרטע זאַך. א „פּייער־פּלעיס" (אָפענער קאַמין) מיט די אַלע זאַכן. 9 צימערן. אין אַלגעמיין . . איר'ט בידאַרפט אַמאָל א קוק טון דאַרויף — שאַ, דאַכט זיך, האַ? . . מי רופט . . . איך מוז לויפן. א גוטע נאַכט, טייערינקער!

— א גוטע . . .

— און ווי געזאָגט, כאַפּט זיך אַמאָל אַרוים! . . שאַ, און עפּשער דאַרפט איר א — (אין אָפּגיין) ס'עט נאָך היינט רעגענען, דאַכט זיך. פייכט די לופט . . .

סעפּטעמבער 2, 1935

# טעאַטעראַטור

## I

דאָס קעפּל טעאַטעראַטור קען באַטייטן אי: טעאַטער־טור — אַ רייזע איבערן אידישן טעאַטער; אי: טעאַטערונג, טעאַטעריי — באַשרייבונג איבערן טעאַטער, ליטעראַטור איבערן טעאַטער.

מיט דער ערשטער אויסטייטשונג איז בעשום אויפן ניט געמיינט צו שאַפן דעם איינדרוק אַז מיר לאָזן זיך אַראָפּ צום אַלטן סעקאָנד־עוועניו. ס'איז בלויז געמיינט אויסצודריקן ס'געפיל, אַז נאָך אַ לאַנגער אָפּוועזנהייט פון יענע קאַנטן (אַרום 10 יאָר) האָט זיך באַ מיר אַנטוויקלט אַן אומאויסטייטשלעך געפיל, אַז דאָס אַלטע אידישע טעאַטער איז אַ שטיק אויסלאַנד וואָס ליגט אַף יענער זייט פון אַלצדינג וואָס מענטשן רופן קולטור — זייט אַזוי גוט און פאַרשטייט מיך: ניט בלויז אינם זין וואָס עס איז אידעאָלאָגיש אָפּגעשטאַנען פון יעדן סימן קאַמף קעגן דער פאַרמיטלאַטערטימלעכונג פון דער וועלט, נאָר אין רייִנעם טעאַטערשן זין: אַ ווייט, פאַרוואָרפן העק, הינטער די האָריי־כוישעך פון באַקס־אָפּיסעם באַוואַקסן מיט אומרירעוודיקן, ווייכן, סאַמעטענעם מאָך פון בענקשאַפט נאָך שייטל־און־שטריימל, און ווי אַ פאַרלאָזענע שיף באַם פעלז פון צייט, אַף וועלכן זי האָט זיך צעבראָכן, מאַנשאַפט און פּאַסאַזשירן אויסגעגאָסן, איז איר שאָלעכץ מיט אייזנזשאַווער פאַרהויכט, מיט גרינעם וואַסער־שליים באַדעקט . . .

פון דער צעבראָכענער שיף — ס'אידישע אַלט־טעאַטער — שטעקט בלויז נאָך אַ שפּיץ מאַסטבוים אַרויס: אַ בן־עמי, אַ לודוויג זאַץ, אַ מאָרים שוואַרץ, אַ מנשה סקולניק, אַ פאַרגייענדיקע בערטאַ קאַליש — דאָ און דאָרט אַמאָל אַן איבערבלייבעכץ פון דער אַלטער פאָן: אַן אַדלער. אָבער די שיף אַליין איז פאַרזונקען ביז איבערן לעצטן דעק, ביז איבערן ערשטן קלאַס פון איינגעבוירענעם אידישן שוישפּיל־טאַלאַנט.

אַ שיף וואָס איז ענטוועדער אונטערגעצונדן געוואָרן דורך די „רויע פּייערן" פונם טעאַטער־„טעמפּעראַמענט" וואָס דאָס איז אַ סינאָנים פאַר קונסט־גאווה, באַהעמישקייט און פּוסטקייט, אָדער געזונקען דורך דער שווערקייט פון די „דזשאָנק־קאַרגאָס" (לאָדונג מיט בראָכוואַרג) פון טוכלע, פאַרשימלטע רוישטאָפן וועלכע מי לאָדט קיינמאָל ניט אָפּ — דורך אומצעליקע רייזן איבערן סאַמבאַטיען פון

דער וועלט, — וועלכער ווארפט אין דעם מאָמענט מיט שטיינער און מיט פייער — אפילע אום שאבעס מאטינעס, ווען די לעידים זענען פריי . . .

דאָס וואָרט „טעאטעראטור" רופט ארויס באם שרייבער פון די־אָ שורעס א מין סאָרט — זאָל מען זאָגן — „נאסטאלגיא"? — א פאר־בענקעניש הייסט דאָס — נאָך יענע גוטע יעקב־גאָרדין־יאָרן, ווען די ליטעראריש־דראמאטישע „קאָרענסי" איז נאָך געווען באזירט אף וויפיל ניט איז גאָלד, ווען יואל ענטין האָט נאָר באדארפט א קוק־טאָן אין דאף־גימל פון איבסענ'ס „עאָלף", אָדער פון אנדרייעוו'ס „אנאטעמא" צו וויסן וויפיל דעם זייגער האלט — אפן וועלט־טורעם פון קונסט; ווען דער אידישער טעאטראָל איז כאָטש געווען איינגע־טונקען אין עפעס — לאָז זיין ניט אין האָניק, לאָז זיין ניט אין ראָ־יעלער קוסטווארג, אָבער איינגעטונקען, פארינטערעסירט איז ער גע־ווען. ער איז ניט געשוואומען פון אויבן איבער דעם אלעמען אין גומי־אָווערשוּלס און געקייט א זיפּע און זיך געהויכט אף די זשמעניעס און געגעניצט . . .

דער שאטנעז פונם אלטן טעאטער האָט כאָטש געהאט עפעס א „דעזאין", א מוסטער, א פּרימיטיוון „פּעטערן", א קינדישן, אָבער פאָרט עפעס אייגענס. עפעס אזוינס וואָס האָט געשמעקט מיט אלט־לעמבעריק, מיט מאלדאוואנקעס, מיט בוקארעשט, מיט טהאליא־ווינדזאָר־טעאטער, מיט כאנוקע־לעמפּל און רייזעלע, מיט האוודאָלע און גראָגער — די גאנצע באגאטעליע פון דער אלטער אידישער קלויז, העקדעש, מערבעץ, מיקווע, סטרעטינער שטיבלעך . . .

שאגאליזם אָן דער מארק שאגאלישער באוואוסטזיניקייט; אָן אומ־באוואוסטער פורים־שפּיל־ערנסט, וואָס האָט געהאט דעם כיין פון גראָטעסק און ביזאריע.

היינט אָבער . . .

אָלרייט. מיסטער קאָנדאָקטער, מיסטער „פישעל דער גראָ־טענער" — מיר פאָרן אין אידישן פאָלקס טעאטער, צו סקולניק־רומ־שינסקים (ווי רופן זיי עס?) „קאָמעדיע דע לוקס". נאָך פארגעסט ניט, פּליז, מיסטער קאָנדאָקטער, אָפּקלינגען אין רעדזשיסטער פון... (שווערע ווערטער!) רעמיניסצענץ (זיכרוייניסעריי) עטלעכע ניקעלנע זיפּצען אונדזערע ווי באצאָלטס פאר דער רייזע—אינם זעלבן טעאטער אריין וואו מאָרים שווארצעס געניע האָט (ערשט נעכטן) געטשאדעט, געלויכטן, געסמאליעט . . .

:: :: ::

מי שפּילט די פּיעסע — — .
מיר האָבן זי דערקאָנט — אַן אָפּגעשונדענע . . .

העלאָ, פּיעסע לעבן, וואָס ס'טו עפּעס זאָגן גוטס? געעלטערט זיך — אווא־אווא! דאָס הייסט: אַזוי אויפן פּאָנים — נישט. פאַר־קערט: דאָס פּאָנים איז רואיק, זאַטלעך, גלאַט — נאָך גלאַטער ווי אַמאָל, אַ שמייכל פון גנאָד איז אַף די ליפּן ווי באַ איינעם וואָס לײדט פון געהירנפאַרווייכונג — אַ זיסקייט אַזאַ, אַ ליבקייט, אַ גענוגונג...

דעקאָראַציעס? — ניט די שווערע קאָמפּליצירטע שטיקער פון אַמאָל מיט טיר נומער איינס, נומער צוויי, נומער דריי („טיר רעכטס — טיר לינקס" — דער גאַנצער „טראָבל" איז געלעגן אין די טירן!). דאָס אַלט־טעאַטער פאַרוואַקסן מיט אַ טראַדיציע־באָרד פון נאַטירלע־כער קליאָטשע, האָט — טאַפּענדיק נאָך אַ שטיינאַך־דריז — געפונען אַ רעפאָרמע אינם אָפּגעקירצטן, לייטישערן שטיקל דעקאָראַציע (וואָס דערגרייכט שוין כאָטש צו דער מאַדרייגע פון שילדנמאָלער־קונסט); אין אַן אינגערן כאָר אין ווינציקער אַנטראַקטן . . .

אָבער אָנגעטאָן ווי די „פּיעסע" איז (לויט קאַליך־פּיקאַנ'ס רע־צעפּט) אין אַ לייטישערן קאָסטיום, און באַשרענקטער ווי עס איז איר אויגן־און־נאָז־אַרבעט איז אָבער איר „נעשאָמע" געבליבן פון דער־זעלבער אַלטער וואַטע־מיט־קובעבע.

נאָר וואָס־זשע דען: דאָס וואָס האָט געפּאַסט פאַר דער־אָ „פּיעסע" ווען זי איז נאָך געווען אַ „יוגענט", אָדער כאָטש — אין דער פּפערציק־ער (געדענקט איר די „מאָראַלישע" אַפּלאָזן?), דער־ווידערט (ביז כאַלאָשעס) היינט, ווען באַ די 60קער יאָרן זאָגט נאָך אַלץ דער קאָמיקער (נומער צוויי) „זדאָך אַ מאַמע"; דער „ערלעכער גראָביאַן" קוועטשט נאָך אַלץ יעדן איינעם די האַנט ביז יענער שפּרינגט אויף; דער ליבהאָבער „דער אידישער באָי" וויל בלייבן אַ אידישער באָי אַף אימער אונד עוויג און „אין דרערד אַריין מיט אַלע שיקסעס"; די „עלטערע מויד" איז עקלדיק „אָנגעגרימירט" און שרייט „מאַמע עך וויל אַ כוהסן" . . . דער פּרימאַדאָן בייט אַלע פינף מינוט די הויזן, די „סוברעטקע" איז „פול מיט לעבן" (ד. ה. זי רעדט זייער שנעל, קאָקעטירט ווי אַ קאַטשקע און אַלע פאָר מינוט בלייבט זי שטיין, און ווייס ניט וואָס ווייטער צו טאָן מיט די הענט, פּיס, אויגן, גאָרגל, הינטן).

איז וואָס־זשע וועסטו זאָגן פּיעסע־לעבן? און וואָס איז מיט דיר דער מער? דערצייל, שוועסטער לעבן, שעם דיך נישט, מ'קעמאַ־זעך שוין נישט פון היינט.

— איך — שעמען זיך? א שיינע זאך! פארקערט, גיב א קוק, ווי איך האנדל דא . . .

— דו האנדלסט?

— אוודע . . . וואס דען טו איך? איך האנדל איך פעדל. אלעם פעדל איך. ווי זינג איך דא דורכן מויל פון דעם באגאבטן קאמיקער־הומאריסט מנשה סקולניק. עס הויבט זיך אן מיט א שמיר, עס לאזט זיך אויס מיט שמיר —

— מיט „מיר" — ווילסטו זאגן, ניט מיט שמיר. עס איז א קלינגלעך לידל, זייער פיין געמאכט פונם „דיען" פון דער אידישער אלט־טעאטער־מוזיק — יוסף רומשינסקי! דער רומשינסקי — קען זיין פאך. ווי אן אלטער „שאומען" ווייסט ער פונם קלאל, אז מי דארף זיך קאנצענטרירן אף א מוזיקאלישן האטשיק, אף וועלכן אויפ־צוהענגען דעם קאסע־דערפאלג. ווייטער מאכט ניט אויס וועלכע און וועמעס ניגונים מי גיט.

— דאס איז ריכטיק, מיין ליבער פריינט. — מאכט אונדזער אלעמענס באליבטע און אלעמענס גוט באקאנטע פיעסע — איך גיב דיר נאך, איך גיב אלעמען נאך. איך קריג מיך ניט מיט קיינעם און כ'וועל ניט אז עמיצער זאל זיך קריגן מיט מיר . . . און וואס איר זאגט „נארישקייטן" — אט זעט איר דאך: מי לאכט.

— מי לאכט נאך אלץ — מיינסטו, פיעסע לעבן? אבער מיר האבן מוירע, אז דאס לאכט מען שוין ניט מיט דיר, נאר פון דיר. דאס לאכן די „סאיט־סיר" (טוריסטן) פון פארק־עוועניו און פון פלעטבוש וואס קומען אויף דער איסט־סאיד איינקויפן, זיך דערכאפנ־דיק שוין אין וועג ס'הארץ מיט א ברינדזע־מאמעליגעלע, מיט קאר־טאפל־ווארעניקעס, מיט יידיש טיעיטער, פון וועלכן דער „אלד מען" מיט דער „אלד לעידי" פלעגן אמאל רעדן — פאני גאים, יונא . . .

:: :: ::

צווישן סקולניק'ס א לידל און א צווייטן — האבן מיר געהאט גענוג צייט און געלעגנהייט זיך אויסצודרייען מיטן פאנים צום אוי־לעם און אים באטראכטן: ניט דורכוים קיין אלטע מענטשן, ווי מיר האבן דערוואַרט, ניט די איסט־סאידער ארעמקייט אדער דער מיטל־שטאנד — נאר (דער גרעסטער טייל, דאכט זיך) סאיט־סירס, קינדער אדער אייניקלעך פון דער ערשטער עמיגראציע, גוט־געקליידעטע, מיט קאלטע, „יענקישע" מאניערן . . .

בראָדוועיער קאָסטיומערס — וואָס נאָך קאָן זיך דער סעקאָנד־עוועניו טעאַטער ווינשן?

נאַראָנים מיינען אַפילע, אַז דאָס איז אַ „ריין געווינס" — אַן אויפקום, אַ „רענעסאַנץ".

אָבער סיידן דער אידישער טעאַטער וועט זיך באַהעפטן קריק מיט דער איסט־סאַיד, וועט לעבן זיין לעבן, זיין פאַר די איסט־סאַיד דער פּרעדיקער, פירער און שטראָפער ווי יעקב גאָרדין אין זיין צייט איז עס געווען, וועט דאָס טעאַטער אויף סעקאָנד עוועניו — האָבן מיר מוירע — אויסצאַנקען טראָפּנווייז, מינוטנווייז.

קוקנדיק אָף די זאַטע־גלאַטע, גלאַט־זאַטע און גלאַט־קאַלטע מענטשן אינם יאָנטעפּטאָג־טעאַטער (שפּייסענאַכץ) איז אונדז איינגעפאַלן, אַז אַמאָל פלעגט דער עמיגראַנטישער מאַסנמענטש קומען אין טעאַטער קעדיי זיך צו אידענטיפיצירן מיט אים, קעדיי זיך אויסטאָן אויף וועלכע דריי שאָ פון דער ווירקלעכקייט, אין וועלכער ער האָט זיך עקאָנאָמיש און שטייגעריש נאָך ניט געהאַט אָריענטירט. — דעמאָלט איז ער געקומען שפּילן מיטן אַקטיאָר, לאַכן מיט אים, פרייען זיך מיט אים, היינט אָבער — באַ דעם צושטאַנד ווען דער קולטורעלער אידישער מאַסנמענטש, אַזוי גוט ווי דער אינטערלעקטואַליזירטער מיטלשטאַנד איז אינגאַנצן פונם אַלט־טעאַטער פאַרטריבן געוואָרן, איז „די עוועניו" אָנגעוויזן מיט דער „פאַרשלאַיסונג" פון אירע טעאַטער־פּראָדוקטן הויפּטזעכלעך אויף אַ געוויסן שיכט פון עלטערע קולטורלאָזע מיטלשטענדלער, אָדער אַרבעטער אָפּגעשטאַנענע, וועלכע קענען נאָך ביז היינט די לאַנד־שפּראַך ניט און וועלכע בענקען — ניט נאָך דער נאַציאָנאַלער פאָרם אין דער דראַמע, אָדער אָפּערעטע, ניט נאָך „פאָלקישקייט", ניט נאָך הירשנביינניזם—נאָר נאָך די „אַמאָליקע צייטן" — ד. ה. נאָך דעם טאָמאַשעווסקיזם אינם גוסס'ן טעאַטער, נאָך קנאַל און קנאַק, נאָך געשריי און געשנייץ, נאָך דאָננער אונד בליץ!

דער אַנדערער „עקאָנאָמישער זייל" פון „דער עוועניו" איז, ווי שוין געזאָגט, דער סאַיט־סיר: דער קומט אין אידישן אַלט־טעאַטער אַריין ניט באַהעפטן זיך מיט אים, נאָר פאַרקערט: אָפּלייקענען אים, פאַרשפּעטן אים דער לאַכט ניט מיט דעם אַקטיאָר, דאָר פון אים — דער שפּעט פון דעם „פּאָני" לאָשן, פון די „קאַיקעשע" מאַניערן, און אַבוץ דעם „סלאָפּסטיק" פאַרשטייט ער איבערהויפּט ניט וואָס דאָ טוט זיך און — עס קימערט אים ניט. דערפאַר דער מאַנגל אין אַפּלאָוז אַפילע באַ די „מאָראַלישע" סצענעס.

עס שאַפט זיך אַ לאַגע, אַז דאָרטן וואו אין די אַמאָליקע יאָרן

פלעגט באַם צווייטן אַקט שוין מיטאַרבעטן דער גאַנצער אוילעם מוז היינט דער אַקטיאָר (נעבעך) אַליין שפּילן; אַן אַליינקער אַ ניט־באַ־האָפטענער, עכאָלאַז ווי אַ געשריי אין אַ כאַליעווע אַריין . . .

:: :: ::

וואָס באַקומט זיך פונם סכאַקל?

אַ רייע געשמאַקע, כיינעוודיקע לידער און „דאַרשטעלונגען" (אין סטיל פון וויקטאָר מור־באַסטער־קיטאָן) קימאַט אַן אָטעמדיקע געשטאַלט פון אַ „לעמעך־פישל" (סקולניק), אַ נישקאָשעדיקע וועלט־לעבקייט און די רעציטאַציעס פון אַלאַ ליליט, אַ טאַלאַנטפול קנייטשל פון פסח'קע בורשטיין, איינציקע פיינע ליניעס פון דעם, פון יענעם אַקטיאָר אָדער אַקטריסע, ביכלאַל אָבער — אַ צוריקגאַנג (אַפילע פונם שטאַנדפּונקט פון דער אידישער אָפּערעטע) אין זין פון מוזיק, אין זין פון אָנגעוואָרפנקייט און פאַרקלעקטקייט. האָט איינער אַ „קאַוו־קאַזער" לידל, בראַנקט ער עס אַריין. קען ווער אַ פּאָר ווערטער דייטש אָדער פראַנצויזיש, קען איינער פייפן מיטן מויל, קען איינער עפּעס אַנדערש — אַלץ אַריינגעוואָרפן אין דער פּיעסע אַריין, אויס־געמישט, צעקלויצעט — אַרויפגעגאָסן אַף דער בינע. די איינציקע קאָמפּאָנאַציע: סקולניקס עכט־קינסטלערישע מאָס. דער בידנער פישעל קומט באַ אים אַרויס (אַף וויפיל דער „טעקסט" שטייט ניט אין וועג) ערלעך, ניט פאַרכוויזעקט, ניט פאַרנאַרישט. זיינע עטלעכע קופּלעטן („מיר אַ ניקל — דיר אַ ניקל" — „דאָסזעלבע פון דיר צו הערן", „עס הויבט זיך אָן מיט דיר" א. א. וו.) זענען ווי אַ געשמאַקע ראָזשינקע אַף אַ קינדערישן קוכן פון . . . בלאָטע

:: :: ::

איז וואָס לערנען מיר דאָפון, הערן טעאַטער־מענטשן פון סע־קאָנד עוועניו?

מיר לערנען דאָפון, אַז איר קוילעט, הייסט דאָס, אַליין די גאַנז וואָס לייגט (אָדער האָט געלייגט) די גאָלדענע אייער אין אייערע קאָסעס.

ווייט איז עס פון אונדז אייך צו פּרעדיקן קונסט־רעפאָרמעס וויכטיקע. מיר זאָגן אייך בלויז: אַ געוויסע צאָל אידישע אַרבעטער, מיטלקלאַס־מענטשן, אַפילע „אַרויפגעאַרבעטע" קומען אין אייער טע־אַטער אַריין. זייערע פאָדערונגען זענען, פאַרשטייט זיך, קליין און קענען באַדינט ווערן פון אַ... פּריימאַן, אָדער ווי די אַלע פען־טאַנדעט־ניקעס הייסן דאָרט באַ אייך. נישט מער: אַבוץ די־אָ „רעגעלע קאָס־

טימער״ זענען דאָך אויך פאַראַן קולטור־מענטשן וועלכע האָבן וואָ־סער־ס׳איז באַציאונג צום — ווי רופט איר עס? — „אידישן וואָרט״. איז וואָס וואָלט איר פאַרלוירן דאַבאַי, אַ שטייגער, (טראַכטן מיר) ווען אנשטאָט צאָלן אַ פּריימאַנען 200 דאָלאַר אַ וואָך ראָיאַלטיס פאַר דעם־אַ „דזשאָנק״, וואָס עס איז דאָך פונקט אַזוי פּריימאַנ׳ס ווי עס איז אייערס, אנשטאָט געבן די־אַ גרינגע (און אָפּט אַמוזאַנטע, נאַ־ציאָנאַל־כיינעוודיקע) אָפּערעטעס אין דער פאַרוואָרלאָזטער פאָרם ווי איר גיט זיי איצט (אין פּריימאַנ׳ס „באַקליידונג״)—וואָס וואָלט אייך געאַרט ווען איר שטעלט אָן אַ פּראָפעסיאָנעלן שרייבער (לאָמיר זאָגן איינעם פונם י. ל. פּרץ פאַראיין, וואָס גייט אום אַרבעטסלאָז) מיט אַ גוטן געשמאַק, פאַרשטענדעניש, אַביסל טאַלאַנט. ער זאָל אייך, לאָמיר זאָגן, באַ אַ געהאַלט פון 50 דאָלאַר אַ וואָך צענויפשטעלן צענויפ־שרייבן, אויפאַרבעטן טעקסטן פאַר אייערע מעלאָדראַמעס און אָפּע־רעטעס?

פאַרשטייט זיך, אַז עס דאַרף (לויט אייער „ביזנעס״־פאָדערונג) נישט זיין קיין „הויכע״ קונסט, וואָס באַ אייך איז דאָס די טייטש סקוטשנע קונסט, נאָר וואָסער ס׳איז לייטישע, גראַמאַטישע, ציכטיקע, ניט־פאַרווילדעוועטע פּיעסן.

און געווינען געווינט איר דאַביי, מיינע ליבע הערן, אַט־וואָס:

די „אַלטע קאָסטימער״ אייערע — בלייבן דיזעלבע אַלטע קאָס־טימערס, דעם ניט־קולטורעלן מענטשן אַרט דאָך לכאָל־האַדייעס ניט, אַז איר גיט אים אַ בעסערן, ריינערן טעקסט — אַזוי לאַנג ווי איר גיט אים נאָר די אינהאַלטלעך־פּאַשעטע זאַך, איז אים דאָס איבריקע קיין דאַיגע ניט.

דעם בעסערן אידישן טעאַטער־גייער אָבער, וועלכן איר שטויסט אָפּ פון אייערע טעאַטערס דורך אומגעלומפּערטקייט פון שפּראַך און טעכנישע צוגרייטונג — וועט איר מיט דעם קריק אַריינגעווינען אין אייער טעאַטער אַריין.

דאָס וועט זיין אַ ריינער ביזנעס־געווינס, אָן שום מינדסטע ריזיקע פון אייער זייט, אַלס ביזנעסלייט.

זאָל כאָטש דאָס ביסל אָרעמע און מאָגערע שפּייז, וואָס איר דערלאַנגט אייער באַשיידענעם קליענט, זיין ווי־עס־איז אָפּגעקאָכט און סערווירט אין וואָסערע ס׳איז ריינע טעלער.

דערלאַנגט עס אים ניט אין פּריימאַנס אַ פאַרשמאָלצענער יאַרמיקע — עס איז ניט שיין, ניט סאַניטאַריש, ניט ביזנעסמעסיק!

און — געדענקט! — עס פאַרטרייבט קאָסטימערס . . .

אָקטאָבער 23, 1935

II

..."און צוויטנס", האָט געזאָגט גראַפּער אינמיטן פּלוצים גייענ־דיק אַזוי איבער סעקאָנד עוועניו, צוויטנס, אויב שוין עסן כּאַזיר, זאָל רינען איבער די וואַטשעמעיקאָליט.

— "פּיסקעס", — האָבן מיר אים אַרויסגעהאָלפן, ניט ווייסנדיק וואוהין ער צילט.

ער האָט אָבער באַלד קלאָר געמאַכט:

"מירן זיך היינט", מאַכט ער, "וואַלגערן אין אידישקייט. איז אויב אַזוי דאַרפן מיר עסן קרעפּלעך מיט קעז, אָדער וואַרניטשקעס מיט קאַשע, אָדער פּיראָגן מיט פּיצמעטאַנע".

"קעדיי וואָס?" — פרעגט איך.

"קעדיי מיר זאָלן זיך אויסזאַלבן מיט אידישקייט", מאַכט ביל גראַפּער (אויף זיין אייגענעם פּיקאַנטן לאָשן, פאַרשטייט זיך) ..."זיך אויספּלאַסטערן מיט אידישקייט פון אינווייניק, אַזוי גוט ווי פון אויסווייניק... די נעשאָמע אַזוי גוט ווי דעם מאָגן... דאָס וועט זיין, — מאַכט ער, — אַ קאָמפּליט דזשאַב.

:: :: ::

קנישאַרניע.

מיר האָבן פאַרביינגעלאָזט "געפנערס רעסטאָראַנט" און "ראַט־נערס רעסטאָראַנט"—זוכנדיק דעם אַלטן ווילעט־סטריטער "האַרמאַץ"; געטראַכט וועגן דעם, וואָס ס'איז געוואָרן פון דעם אַלטן קעמפּוסעס בלינצאַרניע אַף ברום סטריט, וואו איר פלעגט (לויט דער דרויסנ־דיקער שילד) אַריינגיין דין ווי אַ שטרוי און אַרויסגיין פעט און קיילעכדיק.

מיר האָבן זיך סאָף־קאָל־סאָף אָפּגעשטעלט אין אַ קליין רעסטאָ־ראַנטל מיט אַ גוואַלדיק־בלעכענער סטעליע אַף וועלכער עס זענען געהאַנגען געדוכן פון לאַנג־שוין־פאַרגאַנגענע פאַרעס פון מאַרכביין־באָרשטן און פון פאַרפל־מיט־פּאַסאָליעס.

גראַפּער האָט באַשטעלט — די גאַנצע "מעניו" קימאַט, פון אויבן ביז אַראָפּ: פון לאָקשן מיט מילך (צו וועלכע ער האָט צוגע־ביסן אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער) ביז העט־העט צו אַ געזעצט טעפּל מיט — ווי שוין געזאָגט — פּיצמעטאַנע און בעקאָווערע קרעפּלעך מיט קעז און עטלעכע וואַרעניקלעך אין פּוטער.

אין די לענגערע פּאַוזעס האָט ביל זיך אָנגערופן:

— ...פּערטנס, ווייל איך דיר דערקלערן אָפן (אַ לויז בולבע־וואַרעניקל האָט זיך באַ אים געעפנט אונטערן גאָפּל און ער האָט עס ניט געקענט כאַפּן) פאַרוואָס דאָס אידישע טעאַטער האָט פאַר מיר אַ מין סאָרט יונגנט־רייץ: — מיין טאַטע, דו הערסט? מיין פערזענ־לעכער טאַטע איז געווען אַן אָשער ענד בילפּאָסטער אין אַ אידישן טעאַטער. ביי טאָג האָט ער געהאַנגען... פּלאַקאַטן אַף פּוסטע ווענט, און אַף בוטשער־און־גראָסערי־פענצטער און ביינאַכט פלעגט ער אָנ־ווייזן די זיצפּלעצער אַף דער גאַליאַרקע . . .

אַ גרין פינטעלע אין אויג האָט באַ אים אַ בלישטשע געטאָן:

— מיין טאַטע, — מאַכט גראָפּער, — איז געווען דער ערשטער איינצופירן דעם „שאַראַפּ" אַף דער גאַלעריע. אַזוי גיך ווי דאָס „הויז" האָט זיך נאָר אויסגעלאָשן און אָפן קוירטן האָט זיך באַוויזן די עלעקטרישע לוואָנע, פלעגט מיין טאַטע געבן אַ קלאַפּ מיטביידע הענט און אַ פייף און אַ געשריי „העטס אָף"! און סידאַון! און... שאַראַפּ".

:: :: ::

גראָפּער האָט צוגעביסן אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער צו די וואַרעניקלעך, מיט וועלכע ער האָט זיך „געפּלאַסטערט פון אינעוויי־ניק" און געזאָגט:

— אַז ער איז געווען גוט אויפגעלייגט, מיין טאַטע, פלעגט ער נאָך צוגעבן: „עווריבאַדי שאַראַפּ".

און אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ און אויסווישנדיק דעם טעלער מיט אַ שטיקל שוואַרצן ברויט:

— אָט אונטער אַזאַ רעזשים פון „עווריבאַדי שאַראַפּ" בין איך אויסגעוואָקסן! און דערפאַר טאַקע, אַ פּאָנים, ווייל איך ניט שאַ־ראַפּען, ניט פאַר גאָט, ניט פאַר הוירסטן, ניט פאַרן מיקאַדאָ.

— אָקעי... שוין 8:30!

:: :: ::

אָרט: סעקאָנד עוועניו טעאַטער.

נאָמען: „אַ יום־טוב אין שטעטל".

פּערזאָנען: לודוויג זאַץ אַלס אַ רייע מענטשן, וואָס מאַכן־נאָך ווי לודוויג זאַץ מאַכט נאָך דעם אַמאָליקן לודוויג זאַצן . . .

דער פּראָלאָג האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען. עס טוט זיך! דריי פערטל פונם אוילעם שטייט און זוכט „סיטס" און דער „אָשער" גייט אַרום מיט אַ קליין לעמפּעלע, ווייזט — אַף וויפיל מעגלעך — די

זיצפּלעצער און . . . עווריבאַדי שאַראַפּ! מיר בויגן זיך איין און מיר טאַפּן אין דער נאַקעטער פינצטערניש מיט די באָרוויסע אויגן אַזוי לאַנג, ביז מיר דערביוועז זיך יאַקאַש אַריין, וואו עס איז אונדז אָנגעצייכנט מין האַשאַמאַאים און — מיר דערזען פאַר זיך אַזאַ קאַרטינע:

דעם אַלטן (ווילנער) דיבוקס אַן איניקל איז (מיט אַלגעמיינע קרעפּטע) פאַרזאַמלט אַרום אַ בענשלייכטער, אַרום וועלכן עס זיצן די אַברהם טייטלבוימס און אַנדערע איינגעטרייטע צאַדיקים אָנגעטאָן מער ווי אַ העלפּט אין באָרד און ס'איבריקע „אין געברום, אין גע־ווייז, אין געבייזער". הינטער אים שטייט פישקינד און נאָך אַ פּאָר כאַסידים און מען מאַכט מיט די הענט ווי מיט האַקמעסערס (אידי־שער זשעסט"). באַ די מערסטע כאַסידים ליגן צו איינציקע הענט אַפן הינטן און די אַנדערע סעריע הענט — ליגט פון פאָרנט, ניט ווייט פונם אַקסל, אַזוי ווי צוגעקלעפּטע. לויט אַ געוויסן דזשימ־דזשע פונם אָרקעסטער, עפענען זיך די דאָזיקע הענט און מאַכן זיך־צו צו, ווי קלאַפּ־טירלעך . . .

בעקיצער און וואָס'ן מירן אייך לאַנג ציען? אין אַ געוויסן קוהשערן אידנס אַ טעכטערל איז אַריין אַ קלענערער סייז דיבוק. מ'האָט זי, הייסט עס, פאַר — — — . אַלזאָ . . .

פונם „הינטערגרונט רעכטס" הערט זיך אַ געוויין, אַ געבליפּע, באָט ס'מאַידעל איז נאָך ניטאָ. ס'איז דאָ דער טאַטע און דער רעבע זאָל זיין געזונט: דער טאַטע שעמט זיך ניט און דערציילט אַזוי: מאַטמאַ קאַליע געמאַכט ס'טעכטערל — אָטנמאַ!

איז וואָס דאַרף אונטער די אומשטענדן טאָן אַ רעבי, מיינט איר? גיין דאַווענען? זינגען זמירעס? זיך אונטערלענען ס'האַרץ מיטן שטיקל רעביצין? אַמאָל־אַמאָל־אַמאָל — הערט איר, איז'ס טאַקע אַזוי געווען! אָבער היינטיקע צייטן, האָט אַ רעבי פּלענטי צייט אָפּצוזיצן מי־יווידיאַ ווי לאַנג און רעדן אַ שידעך און זיך מישן אין „מאַנדזשראָם־ביזנעס", ווי מ'זאָגט, און האַקן מיט די צוויי האַקמעסער־מעסער הענט און אויסקערן די „ווילדע איביקייט" מיט דער קליאָטשע... העז פּן זיין באָרד, העז פּן דעם מיסטער ה. בלום!

:: :: ::

די מאַהנסע (ווי זי ענטוויקלט זיך און ענט־ענטוויקלט זיך) פאַר אייערע אויגן, אָט־אַזוי ווי איך זאָג אייך, איז ווי אַזוי אַ ברודער האָט שיר־שיר ניט כאַסינע געהאַט מיט אַ שוועסטער. איז גייט באַ אונדז

ס׳האַרץ כאַ, ווי מ׳זאָגט, דאַ, ווי מ׳זאָגט, ראָס, ווי מ׳זאָגט. ניט מער: מיר געדענקען נאָך פון אַמאָל, אַז געוויינטלעך לאָזט זיך אויס צום גוטן. דער ברודער איז טאַקע (ווי איר האָט זייער ריכטיק געטראָפן) אַ ברודער, באַט די שוועסטער, זעט איר, דאָ האָבן מיר שוין געהאַט אַ שטיקל מיסטעיק, ד. ה. אַזוי אַנעפּאַזאַך (אָדער אַן־אונד־פֿאַר־זיך) איז די שוועסטער אויך אַ שוועסטער, איר זאָל ניט מיינען! נאָר ניט זיינע, ניט אונדזער העלדס. דער לונגלעבער וואָס מ׳האָט אייך אָנגע־בינדן אַפן סאַמע שפּיץ נייגעריקער נאָז, ווערט אָפּגעשניטן ווי מיט דער האַנט: מ׳גייט אַ טענצל, מ׳לאָזט אַראָפּ דעם ברענענדיקן מאַגן־דאָוויד אף אַזוינע עלעקטרישע דראָטן, די פּיעסע האַלט באַם פאַלן, באַט דער כאָר (פון זיין זייט) הויבט זיך.

:: :: ::

— דענקסטו ניט, — זאָגט גראָפּער אין מאָמענט ווען „שמעלקע לעקיש" (מערקט די בייסנדיקע טאַפּל־סאַטירע פונם נאָמען!) קומט אריין און פאַרגעסט זוכן אַ מעזוזע אויף אַ קוש צו טאָן — דענקסטו ניט, נאַדיר, אַז דאָס איז אַ שטיקל אָפּנויג פונם רעבענס זייט? און אַז ער האַלט זיך ניט באַ דער ליניע?

מיר גיבן־צו, אַז אַזוי איז דאָס, לײדער!

נאָר אונדז טיאָכקעט פונדעסן אַביסל ס׳האַרץ.

— איר פאַרשטייט: נאָך אַלעמען קערן מיר זיך דאָך אָן — מיר און ס׳אידישע טעאַטער. לאָז זיין לייבלעכע סאָנים (אין די לעצטע שונד־יאָרן), אָבער עפּעס קערן מיר זיך דאָך אָן. און — וואָס רעדט איר שונד?! שונד איז דאָך אויך עפּעס. מען קען דאָס אָנטאַפּן, מ׳קען דאָס אַרומנעמען מיטן סייכל און... עס אויס־שפּייען אָבער דאָס־אָ דאָ?! מיין גאָט און הער (ווי מ. ל. האַל־פּערן וואָלט געזאָגט) דאָס איז דאָך . . .

:: :: ::

ניין, ניט בלויז אינהאַלטלאָזיקייט... נאָר אינהאַלטלאָזיקייט אין הונדערט קאָלירן, אין אַ מיליאָן שטיקלעך!

אַלע קיניגרייכן פון אומזין פון דער גאַנצער וועלט און אומ־געגנט האָבן אַהערצו געשיקט פאַרטרעטער מיט גלעקלעך און מיט האָנענפעדערן און מיט אַ געפילדער! און יעדער שטיקל אומזין האָט זיך זיין אייגענע — אַזוי צו זאָגן — פּאָליציי, זיין אייגען פּאָסט־אָפיס, זיינע אייגענע וויצן! און יעדער פאַרטרעטער פאָדערט

עקסטראטעריטאָריעלע רעכט און אנערקענט ניט קיין אנדערע פּראָזע ווי זיין אייגענע.

:: :: ::

אמאָל פלעגט קעסלער זאָגן: „קומט צומערשטן זען אונדזער פּיעסע. באַ אונדז איז אַ בעסערע פּיעסע ווי באַ אַלעמען...״

היינט — ווען מען איר זאָלט ניט אָנכאַפּן פון די סטאַרס — ראָט מען אייך, למאַנישעם צו גיין צום ערשטן אין די אנדערע טעאַטערס, ווייל יענע זענען נאָך ערגער"..

אָקטאָבער 31, 1935

III

די גרויסע טרייסט פונם אידישן טעאטער־מענעדזשער:

באַ מיר איז טאַקע, כ׳בעט איבער אייער קאָוועד . . . אָבער יענעמס — יענעמס איז גאָר געפערלעך . . .

:: :: ::

פרעגן מיר: זאָל דאָס אַ טרייסט זיין? אויב אַזוי, מעג מען שוין טאַקע צומאַכן ס׳סידערל און זיך אַנידערשטעלן און אָפּזאָגן קאדיש נאָך דעם גאַנצן קונסטקרעמל . .

דאָס גליק איז אָבער: עס איז נאָך ניט אַזוי די מאַיסע! ניט דעם מיסטער סעקס, און ניט די אַנדערע מיסטערס, וועלכע האָבן געמאַכט פון דעם אידישן טעאטער אַ סעקסאַרניע, וואו עס ווערן באַגאַנגען אָפּעראַטישע עקסצעסן אויף אידן וועט געלינגען צו פאַר־לעשן אַ לעבעדיקן שטורקאַץ. דורך אַ קנאַק מיטן פינגער אין פּאָנים אריין פונעם אינטעליגענטן טייל פון די אידישע מאַסן.

דער עקאָנאָמישער דרוק וועט מוזן ברענגען דערצו, אַז עס וועט זיך אַ קלוגער ביזנעסמאַן געפינען, וועלכער וועט פאַרשטיין, אַז דאָס וואָס מען שניידט פון דער מעלקנדיקער קו שטיקלעך סטעיק און מען פרעגלט עס אויף דער שפּיז, וועט סאָפ־קאָל־סאָף אוועקפּאַטערן די קו . . .

זעצט־זיך, קינדער־לעבן, און הערט אויס: באַ אַ מינאָריטעט־פאָלק זענען די פּאָטענציעלע אויפהאַלטער פון דער קונסט (ליטע־ראַטור, טעאַטער, א. אז. וו.) קיינמאָל ניט די אָפּגעשטאַנענע און פאַר־ווילדעוועטע מענטשן, וועלכע האָבן ניט קיין שום קולטורעלן צובונד צו דער אייגענער נאַציאָנאַלער פאָרם. איינינעם מיטן אַסימילאַטאָרישן העכערן מיטל־קלאַס לויפן דידאַזיקע באַלד אריבער צו דער שפּראַך פון דער מאַיאָריטעט, — דאָ־הי צו ענגליש. אין אַמעריקע און אין אַלע אימיגראַציע־לענדער איז עס דער קולטור־זיניקער און גראַ־מאָטנער שיכט פון די אידישע מאַסן, וועלכע האַלטן אָן קאָנטאַקט מיט זיין פאָלקס־שפּראַך, מיט זיין ליטעראַטור, מיט זיין טעאַטער... איז אַזוי:

„אַמאָליקע יאָרן״, ווען דער עמיגראַנט האָט נאָך קיין ענגליש ניט געקענט, האָט ער געמוזט זוכן זיין פאַרוויילונג אין אידישן טעאַטער. היינט אָבער, ווען יעדער אָפּגעשטאַנענער עמיגראַנטן־זון אָדער עמיגראַנטן־טאָכטער, לייענט ווי עס איז ענגליש, וועט איך אַליין פאַרשטיין, אַז ס׳איז קיין סייכל ניט צו צאָלן צוויי דאָלאַר־

מיט־צוואנציקס און דריי־דאָלאַר־מיט־דרייסיקס פאַר אַ ווילדן פּורים־שפּיל, ווען אַסאַך בעסערס ווי דאָס זעט מען אין די „טאָקיס״ — פאַר עטלעכע סענט!

עמעס: היינט האָט איר נאָך דאָ אַביסל „באַזוך״.

עס פליייצן־נאָך פון די לאַנדסמאַנשאַפטן אַהערצו קאַלטע טשאַריטי־שטראָמעלעך פון האַלב־געצוואונגענע טעאַטער־גייערס, אָדער צופעליקע „טוריסטן״, אָדער גלאַט־אַזוי אַ „פאַרבלאָנזשעטע נעשאָמע״ — אָבער דער שטראָם, דער מעכטיקער, רייסענדיקער שטראָם צום טעאַטער האָט איר, דזשענטלליט פון טעאַטער, אָפּגעשניטן אין דער רעגע, וואָס איר האָט אָפּגעשניטן פון זיך דעם גאַנצן שיכט פון דער אידישער אינטעליגענץ — איינגעשלאָסן אויך די האַלבע און פערטל אינטעליגנטן.

אַז איר קוקט זיך אַרום אין טעאַטער האָט איר ס'געפיל: פאַרבייגייער וואָס האָבן דערהערט עפּעס אַ טשיקאַווען טומל שטייען בּאַ דער טיר און קוקן אַריין, מאַכן כוויזעק, פּאַטשן בראַוואָ, לאַכן, אָבער זיי באַלאַנגען ניט אַהערצו . . .

:: :: ::

לודוויג זאַץ מיט דער איינגאַרטיקער שטימע פון ציגאַר־פּאַפּיר אַף אַ קעמל, וואָס באַקט זיך איין אין האַרץ: דאָס איז אַ צאַפּלדיקע שאָלעכץ פון דעם אַמאָליקן זאַץ, וועלכן מיר האָבן געקענט (און אַזוי ליב געהאַט און אַזוי כאַשעוו געהאַלטן) אין פּרץ הירשביינ'ס זיידעלעך, אָדער די אומגליקלעכע האַלבע־מענטשעלעך, וועלכע ער האָט געמאָלן מיט אַזאַ שטילן, מיט אַזאַ איינגעהאַלטענעם טאָן.

יענע מענטשן פלעגט זאַץ ווייזן, ווי מען ווייזט קינדער אַ מאַטאָנע, — מיט אַזוי פיל קינסטלערישן נאַכעס און באַשיידנקייט, אין צענדליקער ציגאַר־פּאַפּירן פון טאַקט געוויקלט.

הייגט ווייזט לודוויג זאַץ זיין „שמעלקע לעקיש״ ווי אַ פּעדלער פון „פאַרבאַטענע פּאָסטקאַרדס״ ווייזט זיין סכוירע — אונטער אַ גאַס־לאַמטערן.

און מיט — פאַראַכטונג, ניט צו זיך, כאָלילע! דער „קיניג״ (סטאַר) קען ניט טון קיין שלעכטס: די פאַראַכטונג איז צו די... קאָסטימערס, וועלכע זיצן נעבעך דערשלאָגענע, און בעאיים זיי האַלטן זיך באַם צערייסן די שטשאָקעס פון אַ געניץ, גיבן זיי איינמיטנדרינען אַ לאַך: זאַץ האָט אויפגעבליצט! זאַץ האָט אַ לידל געזונגען („איצט גלויב איך שוין אַלץ!״) זיי ווילען אים אַ כאַפּ־טון, אָנהאַלטן זיך אָן אים — אָנהאַלטן זיך אין דער בליציקער קינסטלערישקייט פון אַ

שטערן, וואָס אָט־אָט לעשט ער זיך אויס, אָבער — דער שטערן פאַלט און פאַלט און פאַלט . . .

:: :: ::

סקולניק און זאַץ (אין די צוויי פּיעסן, וואָס מיר האָבן געזעען).

סקולניק האָט צו זיין „פישלען" וועלכע ס'איז מענטשלעכע באַציאונג, כאָטש אויף אַזוי פיל — אים קיין פּיסל ניט אונטערשטעלן, ניט כוויזעק־מאַכן פון אים — ד. ה. פון זיך אַליין.

זאַץ אָבער (אין זיין „לעקיש" געשטאַלט) מאַכט כוויזעק און... מאַכט כוויזעק פונעם כויזעק וואָס ער מאַכט ! . . אַזוי אַז עס באַקומט זיך עפּעס אַ פאַרביגער שאָטן, וואָס דרייעט זיך און שווינדלט פאַר די אויגן . . .

זאַץ איז (ווילט איר אַ וואולגארן מאָשל ?) אַ גאָלדענע פאָונטענפּען, וואָס כאָטש זי איז פון דער פיינסטער קוואַליטעט, רינט זי אָבער און קלעקט און ערגערט.

זאַץ, זאַץ ! קוק דיך אַרום וואו דו האַלטסט ! ביזט דאָך אַ קינסטלער און דיין אַמביציע גייט דאָך ווייטער ווי בלויז „אַנצופילן ס'הויז" . .

סאָפּ־קאָל־סאָף איז דאָך אַ „טעאַטער" ניט קיין קנאָבלוואורשט וואָס . . . מען צעמאָלט דאָרטן עפּעס און מען פילט עס אָן און מען פאַרקויפט עס . . .

און וואָס ביליגער דער „אינהאַלט", אַלץ מער „פעפער" עס זאָל פאַרקלאָפּן דעם טאַם, פאַרשרייען דעם רייאַך . . .

זייפנבלאָזן פאַר קינדער ? נו, גוט, לאָז זיין אַזוי. אָבער וואָסערע זייפנבלאָזן ? אַז מען דערלאַנגט בלויז דאָס כאַלאָשעסדיקע מילינע־וואַסער, אין וועלכן די זייף (פון טויטע פּיעסן־ביינער און פעטס) איז ערשט צעגאַנגען — — —

:: :: ::

אַ כאַסענע אין שטעטל ?

אויף אַזוינע „כאַסענעס" וועט מען לאַנג ניט גיין, מיין טייערער מענעדזשער, מיסטער סעקס

אַפילע אַן אָפּערעטע, מיין ליבער זאַץ, ווי וואָווילוונגיש זי זאָל ניט טראָגן ס'קאַפּאַליטשל אַף אַ זייט, מוז זי אָבער וויסן צי גייט זי אַוועק, צי קומט זי אָן !

מען קען, לעמאָשל, אָנהויבן אַ ליבערעטאָ אַפן גרונט, אַז איינמאָל צוויי איז פיר, אָבער דעמאָלט מוז שוין צוויי מאָל צוויי זיין : אַכט...

א „יום־טוב אין שטעטל” הויבט זיך אָן דערמיט, אז איינמאָל איינס איז . . . פיר און דערגייט (דערהעצקעט זיך) דערצו, אז צוויי מאָל צוויי איז . . . עלעף און א האלב. און פיר מאָל פיר איז אָנדערטהאלבן . .

בא אזא צושטאַנד פון אידישן טעאטער, איז שוין עפּעס א כידעש, אז די בעסטע און טאלאנטפולסטע שוי־שפּילער, ווי אנא אַפּעל, בינא אבראמאָוויטש, מאלי פּיקאָן, איזידאָר קעשיר, מארק שווייד, לאזאר פריד, יודל דובינסקי גייען ארום אָן ארבעט? בן־עמי איז „פארוואָגלט” אין שיקאגאָ; בולאָף האָט געמוזט „נעמען ס׳פּעקל אַף די פּלייצעס” און מאָרים שווארץ גאָוועגאדעוועט ארום פון איין עק וועלט צו דער אנדערער?

פּאַרדינסטפולע אַקטיאָרן: פּישקינד, באָרים ראָזענטאל, סעם קעסטין, גאָלדע לובריצקי: — אין סאָוועטן־פארבאַנד וואָלט מען אזוינע פיינע עלטערע שוישפּילער פּענסיאָנירט: פרייע לאָזשי, שפּייז און קליידער געגעבן, כאָשעוו־געהאלטן פאר זייערע אמאָליקע פאר־דינסטן. דאָ מוזן זיי זיך העצקען צום טאקט פון א. בלום׳ס א ניעכטשע שליאַק . . (דאָס איז גראַפּער׳ס א „ליבלינג־וואָרט”).

וואָס שייך די מוזיק: נו, איז זי (זאָגט גראַפּער) פול מיט ניש־קאָשעדיקן דזשימדזשיזם און זי האָט אָן אמביציע צו גיין בעסער אַף איינגענע פים (ווי שוואך זיי זאָלן ניט זיין)! איידער אַף פרעמדע קור־ליעס (ווי פיין זיי זאָלן ניט זיין)

נו, און מיכאלעסקאָ?” — פרעג איך בא גראַפּער׳ן.

„דער”, זאָגט ביל, „איז אָקעי. ער באלאַנגט”, מאכט ער, „צו דער גרופּע פון עקס־קראַסאַוויצעס, וואָס מאכן נאָך אַלץ”, זאָגט ער, „א שיין לעבן דערפון, כאָטש די קויכעס דינען שוין ניט דערצו”...

:: :: ::

ארויסגייענדיק פון טעאטער, האָבן מיר א פרעג געטאָן בא א אידן, וואָס האָט אונדז אונטערגעשטופּט מיט אָן אקסל ארויס־צע־צו:

— ווי געפעלט אייך די פּיעסע?

— וואָסער פּיעסע? — האָט ער געענטפערט, — ס׳איז ניט קיין פּיעסע, סא פּלעי! ס׳איז קא פּלעי אויך נישט!

— אָבער דער אוילעם? — האָבן מיר געזאָגט אין דעם גוטן געמיט, וואָס מיר האָבן זיך לעצטנס אָנגעטון, —

— וואָסער אוילעם? — ווערט דער איד אין קאַס — ס׳איז נישט קא אוילעם. ס׳א בענעפיט!

נאָוועמבער 7, 1395

IV

די „סצענע שטעלט פֿאַר" ווי וויליאַם גראָפּער און לימבאַך און איך שפּאַצירן מיר איינמאָל אין אַ רעגנדיקן דאָנערשטיק אין סאַמע „גאַניידן" אַריין, אשר, וואָס, בעוועניו בית, וואָס אויף סעקאָנד עוועניו שעבניוויאָרק.

סאַ ווינטיקע נאַכט. דער רעגן פּאַטשט אונדז אונטער מיט אַ קיל בעזימל, וואָס שמעקט מיט באָדבלעטלעך. פֿאַרנאָסע־קווידעש, טעאַטער, בינקע־פּינקע.

איז רעדט מען אַזוי וועגן דער טאָמאַשעפסקעריי, וועלכע איז יאָ פֿאַרגאַנגען און ניט פֿאַרגאַנגען, וועגן דעם שיינעם לידל „דריי בלוה־מען", וואָס באָרים טאָמאַשעפסקי זינגט איצט אין זיין רומעניש קעלערל „פֿאַר די פיינסטע דזשענטעללייט פון אונדזער אידישן פֿאָלק". אין דעמנעמלעבן ליד, דערציילט גראָפּער, ווערט געשיל־דערט אוי, וואַזוי עס זינדן אַמאָל געווען דראַי בליההמען פֿאָן דער אידישער בינע, אוי: אדלער, קעסלער, טאָמאַשעפסקי — אוי, זינדן צוואַי פון זיי אַוועקגעשטאָרבן, אוי, איזט געבליבן בלויז איינער, אוי!

— פון וואַנעט ווייסטו עס די אַלע סקוטשנע בינע־רעכילעס־לעך? — פרעגן מיר בא גראָפּערן, בעאיים דער רעגן נעצט אונדז אונטערן קאָלנער.

— פרעג נישט, דאָנט־עסק, כ'האָ מיר מיינע דעטעקטיוום!...

— מאַכט ביל און גיט אַ פּינטל מיטן אויג אויף ענגליש, צו לימבאַכן, וועלכער האַלט באַם פרעגן, צי אויף אידיש טאַנצט מען פון רעכטס אַף לינקס, אַזוי ווי מי שרייבט . . .

:: :: ::

מיר גיבן אַ קלאַפּ מיטן האַלבן (סטענדינג־רום) טיקעט אין דער טיר פונעם פּאָבליק־טעאַטערטעמפּל און מיר פּאַלן אַריין גלייך אין דער פּיעסע: „אַ גן־עדן אויף דער וועלט" — עפּעס אַזוי פּלוצים, ווי מיר וואָלטן האַסטיק באַגאַנגען זעלבסמאָרד, און גאָטס „אינערן־וואַבע", מיסטער גבריאל אין געשטאַלט פון אַ ליאַרמדיקן „אָשער", נעמט אונדז איבער און פרעגט אונדז וואַה־רום אונד וואָעם מיר זעמאַ אַזוי יונג אַריינגעשטאָרבן אַהערצעצו? און „גאָט", מאַכט ער, וועט אייך ניט אויפנעמען, ביקאָז איר זענט געקומען אום־איינ־געלאַדן! „גאָט", מאַכט ער, האָט פיינט, אַז מי וואַרט ניט אָפּן נאַטירלעכן טויט וואָס ער שיקט צוווען ר'האָט צייט! ער גלייכט

דאָס ניט. הי דאָזנט לאַיקיט, מאַכט ער שוין אויף ענגליש. נאָר וואָסזשעדענזשע, זאָגט ער...

— וואָסזשעדענזשע? — פרעגן מיר אַלע דריי אין אַ גריכישן כאָר...

— אַז איר זענט שוין יאָ דאָ, איז וואַרט־צו ביז דער אוילעם וועט זיך צעסאַדן, ווייל סי' היינט אַ בענעפיט־הויז פאַר דעם ביאַליס־טאָקער מוישעוו־זקיינים; אימגאַנצן אויספאַרקויפט, מוז מען וואַרטן ביז אַרום האַלב נאָך אַכט...

— אַכט — פאַרבעסערן מיר אים...

— נאָ, — מאַכט ער, — טאָקע האַלב נאָך אַקט, מיין איך אַז אַלע אילן זיך צעזעצן, וועט מען זען וועלכער פלאַץ ס'איז ליידיק. אַמאָל קומט'ן נישט, יונאָ, ספּעשליק אַז סי רעגנט... נאָכן ערשטן האַלבן אַקט וועמיר שוין וויסן...

:: :: ::

מיצאַד שעלאָנו: איר ווייסט וואָס מיר'ן אייך זאָגן, ליבע פריינט און לעזערס? מנשה סקולניק און לודוויג זאַץ זענען טאַקע נעבעך געווען גערעכט, אַז זיי האָבן געזאָגט, אַז אַנדערע פּיעסן זענען נאָך ערגער.

ווי די זאַך איז איצט אין די אידישע טעאַטערס אַף סעקאָנד עוועניו, איז וואו איר זאָלט זיך ניט אַריינוואַרפן זען אַ „שאָו", איז — ערגער...

קעריי צו זיין גערעכט צו די מאַנאַגערים (אויף אידיש: מע־נעדזשערס) און פּיעסנליפעראַנטן פון קייזערשמעניגליכן אידישן טע־אַטער־האָף, מוז מען זאָגן, אַז דאָס געפּיל פון „פּערמאַנענטער ער־גערקייט" נעמט זיך עפשער ניט אַזוי פון דער קוואַליטעט פון די פּיעסן, ווי פון דעם רעצענזענט'ס פערזענלעכער מידקייט, וועלכע ווערט שאַרפער און שאַרפער, וואָס מער ער טרעט אַריבער די שוועל פון דער געטין טהאַליא, וואו יעקב גאָרדין און גאָלדפאַדען און שיי־קעוויטש און שאַרקאַנסקי זענען אַמאָל געזעסן אַפן קרוינשטול...

דאָרטן וואו יואל ענטין און ב. גאָרין און אַנדערע קונסט־שטראָ־פערס האָבן אַמאָל מיט זייערע ערלעכע פּענונפעדערס געוועקט און גע־לערנט און דערקוטשעט — זענען היינט די „גוד באָיס", די ערנרייכס, די שמענדריקזאָנס. „גיט דאָרטן אַ מאַך עפּעס אַ גוטע קריטיק מיט אַ פיקטשע, יו נאָו. סי יו טומאָראָ!" — אַזוי פראָסט און בעזאָנער־דיק (בעז־האַנאָר'דיק) ווערט עס היינט געמאַכט.

אוועק די צייט פון שעמען זיך, פון פאַרשטעלן זיך די אויגן. היינט עסט מען כאַזיר און מי קוועטשט אוים די באָרד, איבער וועלכער דאָס כאַזיר־שטאָף רינט אַריבער, און מאַ מאַכט אַ כוויזעק־בראָכע און מי לעקט־אָפּ די פינגער . . .

אַז קיין ציל און קיין וועגווייזער איז ניטאָ, איז גייט עס ווי גע...שמירט: „מיסטער, קונסט־טעקסי־דרייווער, זייט־זשע מויכל, פירט מיך פאַר צוויי דאָלאַר מיט 20 סענט” . . .

—„וואוהין, ליבער טעאַטער־פּאַסאַזשיר?”

— „כ'האָב דאָך אייך געזאָגט: פאַר צוויי־צוואַנציק. וואָס־דיהעל איז די דיפערענס ?!”...

ס' איז ניט קיין פראַגע פון אָנקומען: אַף קיין קאַרוסעל קומט מען ניט אָן!

:: :: ::

מענעדזשערס, סטאַרס, אייצעגעבערס, לאָבי־לאָבוזעס (איז נאָך פאַראַן אַזעלכע?) מאַניפּולירן מיט עטלעכע געציילטע ביזנעס־געדאַנקען. מי לעבט, אַזוי צו זאָגן, אין דער דריי־טיר (רעוואָלווינג־דאָאָר): מי דרייט זיך אַריין און מי דרייט זיך אַרויס און מי קומט ניט אָן און מי פאָרט ניט אוועק . . .

הייסט האָצעס טעאַטער „פּאָבליק”, הייסט פלאָצעס טעאַטער „פאָלקס” . . .

איז בא האָצן אַ „יאָנטעוו אין שטעטל” (מישטיין דרערדן געזאָגט!), איז בא פלאָצן אַ „גן־עדן אויף דער וועלט”. (אַז ווי איז צום לעבן!). איז בא 1 קאָמיקער אַן „איינפאַל” ניט צו קענען טרעפן מיט איין האַנט אויף דער אַנדערער, — סיידן, אַ צווייטע פערזאָן שטעלט אים אונטער די דלאָניע, איז באַם צווייטן קאָמיקער דאָסזעלבע. איז בא האָצען דער ערשטער אַקט אין „יוראָפּ” און דער צווייטער אין אַמעריקע, איז בא פלאָצן — אַקוראַט פאַרקערט: דער ערשטער אַקט אין אַמעריקע און דער צווייטער (אָוואַ־וואַ!) אין יוראָפּ . . .

און באַ אַלע איז קאָמיזם:

„קוועטש ניט! ער קוועטשט . . . וואָס קוועטשטו?”

טראַגעדיע:

„18 לאַנגע יאָה־ער” . . .

(שטענדיק, ווי איר זעט, לאַנגע יאָר, ניט קיין קורצע).

דער אָפּגענאַרטער ליבהאָבער: „ווער גיט דיר דאָס רעכ־שט אַזוי צו האַנדלען?”.

די אַלטע מוטער: „סי נאָר מע־שי־גע צו ווערן”.

דער אַלטער פאָהטער: (פארהויבנדיק די פּארטוך־באָרד): „אַז דער וואָס זיצט אויבן וויל” . . .

דער יונגער ליבהאָבער: (אין די ווייסע הוזין, אַ „געפּליטעט” רעקל און אַ פּאָנים פון אַ לאָשיקל): „דו ביזט שאֵין ווי אַ בלוהם דיינע אויגן. . . מי קען מע־שי־גע ווערן” . . .

:: :: ::

קאָמעדיע: דאָס האָט בידאַרפט הייסן די גאַרגאָילישע מאַסקע, דאָס האַלב־לאַכעדיקע, האַלב־וויינענדיקע פּאָנים פונעם לעבן, פּליסי־קע, רווישיקע טרערן אין פאָרם פון געלעכטער־אויסברוכן. און וואָס איז׳ס דאָ, כ׳בעט אייך זייער, אַף דער היינטיקער אידישער בינע? עס איז עפּעס אַ מין קאָלדרע פון פּאַרביקע שמאַטקעלעך פאָרנאָגראַ־פישע; אַ „קרעיזי קווילט” פון פוסטן, אינהאַלטסלאָזן אומזין, פון אַ נאַנסענס־ביקסל, וואָס שיסט מיט בלעכענע קאַפּסלען גלאַט אין דער וועלט אריין! פאַר אָט־אַזאַ סקוטשנעם טישעבאָוו־שפּיל מיט גלעקלעך, דאַרף מען עס אַ ריזיקע געביידע, מיט פּלושענע בענקלעך, מיט קאָמפּליצירטער באַלויכטונג, מיט אַ סאַמעטענעם פאָרהאַנג, מיט עלעקטרישע שילדן, וועלכע פינטלען מיט אַן אויג איבער דער גאַנצער לענג פון סעקאָנד־עוועניו.

גאָטאָגאָט!

:: :: ::

דאָס ברויט פון אַ „גן־עדן אויף דער וועלט” איז אויסגעשקראָ־בעט געוואָרן פון אַ האַלב טוץ אַלטע סוזשעטן־דייזשעס. איז עס — אַכויץ אַלעמען — זויער און לעפּקע, מיט בלויע, ווייכלעכע ראַנדן. פון אויבן צוגעסמאַליעט פון דער דזשאָנגל־הייץ פון פאָרנאָגראַפיע, פון אונטן רוי און קלעפּיק און גרוי . . .

אַהרן ליעבעדעוו העצקעט זיך אפן הילצערנעם פערדל און סטאַרעט זיך מיט אַלע קויכעס צו זיין וויציק (אַז דער טעקסט איז אַזוי מיזערנע־אָרעם, אַז ניט נאָר קיין „באַסיעכידקעלע”, נאָר אַ פּלוי קען מען מיט דעם ניט אויסגעבן...). לוסי לעווין גוידערט זיך מיט וואונדערקינד־האַוואַיעס און מיט אַ קאָל פון אַן עגליעריפע.

קיידי קאַפּלאַן אַלס די דינסט ביילע־באַשע, האָט אַביסל כיין און ריטם און איז שפּראַכלעך ניט אַזוי קויטיק ווי די אַנדערע.

מנחם רובין שפּילט דעם סטעמפּאָוונעם „פּאַהטער” דריי פערטל מיטן פּאָנים צו דער וואַנט — עפּעס שעמט ער זיך ס׳פּאָנים צו ווייזן

אין אזא פּראָזע, אין אזא אויסשטעלונג פון וואולגאריטעט — סאַי אין עצם שפּיל, סאַי אין די דעקאָראַציעס, פון וועלכע אַ ליטויש אויג קען קריגן דעם שלאָק.

יעקב וועקסלער האָט זיך פּאַכמאַניש, כאָטש סטעראָטיפּנע, דערפּאָרעט מיט דעם שטיקל ראָלע פון יאַקאָב יאַקאָבזאָן, און יצחק פּעלד (וועלכן מ'האָט מיר אַזוי הויך פאַר־רעקאָמענדירט) האָט אויס־געהאַלטן די פּראָבע מיט זיין וואַרשעווען דיאַלעקט. אין פאַרגלייך מיט דער מיסעמשונעדיקער שפּראַך־קלויצעניש פונעם גן־עדן־אַנ־סאַמבל (אַכוץ דער דינסט ביילע־באַשע) איז דאָס געווען אַ טראָפּן פאַרביקער נאַפט אויף אַ קאַלוזשע . . .

זיין מאַדרייגע אַלס קאָמיקער פונעם בען־טוירפּין סטיל (פּער־זענלעכע פּעלרהאַפּטיקייט, קאַסאָקע אויגן, קליינע געשטאַלט, א. א. ו.), קאָן פון דער איינער (וויסטער) ראָלע ניט באַשטימט ווערן.

אין „גן־עדן אויף דער וועלט", — ווי בּאַ זאַץ'ס און ווי באַ סקולניק'ס נייע פּיעסן — ברענגט יעדער אַקטיאָר וואָס ער האָט און וואַרפט עס אַריין אין קונסט־פּעסל אַריין. רעדט פּעלד פאַר אַ נייעם־גראַצער פּויליש, זינגט ליעבעדאָוו פאַר אַ האַלבן גראָשן „רוסיש", וואַרפט אַ דריטער פאַר צוויי פּענים — רומעניש . . .

וואָס שייך דער אידעאָלאָגיע" פון „גן־עדן אויף דער וועלט" —שפּאַלט זיך פּאָשעט דער מויעך! דער פאַהטער האָט גאַרניט קעגן כאָסן מ'שמיד, מי פאַרגינט אים „זאָגאַר" זיין באַלמעלאַכישקייט, ווייל... דער רייכער פאָהטער וועט שוין מאַכן פון אים אַ לייט (אים „אַריינ־שטעלן אין ביזנעס"). די דינסט איז („פאַרשטייט זיך") אַ וויסטע בהיימע, אַ שלימאַזל . . .

ס'איז אויך, זאָגט גראַפּער, ווערט אַ פּינפּערל צו באַמערקן, אַז אַזוי אַן־און־פאַרזיך רעדט ליעבעדאָוו קעסיידער אויף וואָלינער דיאַ־לעקט. נאָר אַז ער דערמאָנט זיך, אַז דער סאָף דערנענטערט זיך שוין באַלד און אַז מ'האָט נאָך היינט געגוג געלאַכט צום בענעפיט פונם „ביאַליסטאָקער ביקער־כוילים", ציט ליעבעדאָוו זיין טרומף־קאָרט: ער נעמט רעדן אויף ליטוויש—מיט אַ סין אַנשטאָט אַ שין, וואָס קאָן שוין זיין וויציקער, כ'בעט אייך?

וועלנדיק צופירן צו אַ קופּלעט וועגן דיפּלאָמאַטיע, גיט די סוב־רעטקע־ארורע פּלוצים אַ געשריי: „ס'איז היינט אַ סעיל אויף די־שעס באַ וואַנאַמעיקערן" (אַן אויספּאַרקויף אויף געשיר), כאַפּט עס דער קאָמיקער אויף מיט אַ פאַרוואונדערונג: „אַ סעיל אויף דישעס?" און געבענדיק זיך אַ קלאַפּ אין שטערן מיט אַ פינגער „דיפּלאָמאַטיע"!, נעמט מען זינגען דעם קופּלעט.

„אומפארגעסלעך”, זאָגט דער באַרימטער מאַלער, לימבאַך, וועל־כער האָט פון דעם גאַנצן אָפּערעטישן מיסטקוגל פארזוכט בלויז די פאָרם, ווייל ער איז ניט קיין איד. — „אומפארגעסלעך” בלייבט די סצענע, ווי דער פאַהטער שטעלט זיך אַוועק אויף דער „אינסאַיד־באַלקאָני” פון דעם שרעקלעך־לייוועגטענעם אַפּאַרטמענט אויף פּאַרק עווניו, און די פּרימאַדזאָנע גיט אַ צימבל־אויף אַף דער „געטלע־כער פּיאַנאָ” און עס אַנטשטייט (ווי מי זאָגט) דאָס שלייענהאַפּטיקע געזאַנג: אל טאַשליכיינו”.

און ביל גראָפּער זאָגט און גיט זיך דאַבּיי אַ צאַפּל:

— אַ דראָזש גייט איבער די ביינער . . .

:: :: ::

דו ווילסט וויסן דעם גאַנצן ריינעם עמעס, שוועסטער רעדאַק־ציע?

נאָכדעם ווי איך האָב טוימטאַאַם געוועזן (פּאַרזוכט) פונעם פולן „קורס” פון דריי „גייסטיקע” מאַלצייטן אינעם אידישן טעאַטער, האָב איך שוין מער קיין שום פּלאַן ניט ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס־אָ־אָ!

איך ווייס בלויז, אַז ס'איז ניט גוט, ניט גוט, ניט גוט . . .

און הונדערט מאָל,

און טויזנט מאָל,

אַן אַ מיליאָן מאָל

ניט גוט.

נאָר — נאָך אַלעמען: אַ זאַק מיט אַש אַף די לענדן דאַרף מען זיך ניט אָנטאָן, כאַוועך רעדאַקטאָר, און ס'ביסל איבערגעבליבענע האָר אַפן קאָפּ דאַרף מען זיך פרי טאַי ניט אויסרייסן.

די בעסערע אידישע אַקטיאָרן, זיך שטיצנדיק אויף דער סימ־פּאַטיע און אַף דער מיטהילף פון די גראַמאָטנע פאָלקשיכטן, וועלן זיך לערנען גיין אויף דעם אויפן ווי אַלע געזונטע און נאָרמאַלע קינ־דער לערנען זיך גיין: דורך פאַלן און אויפהויבן זיך

און כאָטש מיר, אויפן לינקן קונסט־פראָנט, וועלן טאָמיד זיין פון די ערשטע זיי (די יונגנטפולע) צו שטופּן צום פּראָצעס פון לערנען זיך גיין דורך פאַלן (ניט אָנהאַלטנדיק זיך אָן קיין שום באַזונדער „פּעטענט־וועגעלע”, וועלכס פאַרלענגערט בלויז דעם פּראָצעס פון אויפוואַקסן), וועלן מיר אָבער זיין צישן די ערשטע זיי (אויף אַ דער־וואַקסענעם אויפן) אָפּצעווישן די פאַרבלוטיקטע נאָז און זאָגן:

— גיי ווייטער, מיין קינד. דו מוזט גיין אַליין און פערזענלעך, ווייל קיינער קען עס פאַר דיר ניט טאָן.

# אַווע, קאַווע, פּאַווע

דאָס קעפּל וואָס מיר האָבן דאָ אויבן אַוועקגעשטעלט איז נישט סטאַם־אַזוי פון שיינקייט־וועגן. דאָס איז אַ קאָפּ פון אַן אויפשריפט אינם פּאַלאַץ פון דעם ליטעראַרישן ווינטבאַיטל גאַבריעל ד׳אַנונציאָ. „אַווע! קאַווע! פּאַווע!” (דער טייטש פון די ווערטער איז סקאָצל־קומט! היט זיך! ציטער!) איז בלויז איינע פון די אומצע־ליקע האָקעספּאָקעס־שירעמאַלעסן אין ד׳אַנונציאָ׳ס לוקסוס פּאַלאַץ לעבן רוים.

באַ די „באַנדראַנגאַטן” און די אַנדערע „פּרומלער” איז כאָטש די קיילע געווען פון אַ געהאַמערטן גאָלד. צו עסן איז דאָרט—ליטעראַריש—געווען פּאַר אַ פליג, נאָר די קיילעם האָבן געקלונגען און געבלי־שטשעט. באַ דעם טאָמאַשעווסקי־ד׳אַנונציאָ איז אָבער דער גאַנצער „באַנקעט” געווען אַ צעשטויסן ביסל גלאָז, אויסגעמישט מיט כעמיש בלוט און קונסט־שוויים.

:: :: ::

ד׳אַנונציאָ האָט (וואָסוואָריז) אין זיין לעבן פאַרפאַסט פּלענטי ביכער. טיילמאָל האָט ער געדיבעקט, און טייל מאָל האָט ער געגעבן סעקס־ביסקוויטן און געדאַנקען־דרויב, פון נישטיקן באַדייט. דער ערלעכער לייענער וואָס עסט ליטעראַטור, ווייל ער איז הונגעריק און נישט דאַפּאַר ווייל ס׳איז מאָדע, האָט לייענענדיק ד׳אַנונציאָ׳ן גע־האַט ס׳געפיל, אַז דאָס זענען ציגענע ביבקעס, באַגאָסן מיט פּאַרפיום און באַפּאַרבט מיט אַלערליי קאָלירן פונם רעגנבויגן. די בירגערלעכע יוגנט, וועלכע האָט זיך געמאַסקעוועט מיט „סאַנינ׳ס” פּעטע כאַזע־רייען, האָט נישט געקענט האַנאָע האָבן פון ד׳אַנונציאָ־שפּענדלעך איינגעטונקען אין נער־טאָמיד־בוימל, מיידלמילך און לעקדייזע־מיט האָניג. שפּעטער־אַרום אין זיין טאָמאַשעווסקי־קאַריערע האָט ד׳אַנונ־ציאָ געסקאַנדאַלעוועט מיט אַ באַרימטער אַקטריסע, אויסגענוצט אינטימע באַציאונגען פאַר „ליטעראַטור”, און די בורזשואַזע וועלט האָט זיך אַביסל געבייזערט אויף אים. לעמאַי ער מאַכט זיי קאַליע די „קאַוואַלעריע” (אָדער ווי מען רופט עס דאָרטן אינעם בורזשואַזנעם מאַניערן־לעקסיקאָן: „שיוואַלרי” — פערדעריי...) בע־אויסע האַזמאַן, אין דערזועלבער צייט, איז דער סקאַנדאַליסט ד׳אַנונ־ציאָ, ווי די טעיווע איז באַ די קאַפּיטאַליסטן, געוואָרן נאָך מער באַ־

רימט איבער אַלע ליטעראַרישע קאַפּייען פון דער וועלט — פון קאַפּיי דע לאַ ראָטאָנד, ביז „שלום׳ס" קאַפּי אָף איסט־בראָדוויי.

פאַרשמאַכטע גרעניטדזש ווילעדזש ווייבער „אָפּליפטערקעס", „דזשואַניטאַ העדאָקס" פון דער וועלט׳ס „מעינסטריט" און אַנדערע פּוסטעפּאַסניקעס, האָבן אין די ליטעראַרישע קאַפּייען פון איסט־בראָדוויי קאָרנער דיווויזשאָן, ביז בדאָרוויי און 42טע, ביז מאָנפּאַרנאַס און נאַלעווקעס, צעבימבלט ד׳אַנונציאָ׳ס גרויסקייט, דעם שניט פון זיין באָרד נאָכגעמאַכט, נאָכגעזאָגט זיינע דיבוק־שפּרוכן און געגאַ־ווערט איבער דעם פּאַקט, וואָס ער איז אין דער ליטעראַטור מיט זיין גאַנצן פּאַק יעוונוכישער עראָטיק — געשלעכטלאָז, געדאַנקלאָז, גערובלאָז, וואָס דאָס האָט לויט דער מאָדע פון דער דעקאַדענץ־צייט געזאָלט זיין אַ סימען פון „גרויסקייט".

:: :: ::

געקומען די וועלט מילכאָמע, האָט זיך ד׳אַנונציאָ אָנגעטאָן אַ געפּאַסט מיליטעריש סטאַניקל, מיט גאָלדענע ציפערן־8 איבער דער ברוסט, זיך איינגעשאַפט אַ פּאָר טוץ טראַלדן און הענערשע פּדערן, זיך באַשטעקט מיט זיי וואו ער האָט נאָר געקענט, זיך אָנגעוועקסט די וואָנצעס, אָפּגעשוואַרצט די באָרד, און מיט דער האַנט אויפן גאָלדענעם ציילעם־הענטל פון זיין פּרעכטיקער שווערט זיך געלאָזט אין דער מילכאָמע אריין דורכן פּאַראַדנעם ארייננאַנג, אין דער אָנוועזנהייט פון רעפּאָרטערס און קאַמעראַ־לייט.

מיר טרעפן באַלד דעם „העלד פון פיומע" פליענדיק און שריי־בנדיק איבער טאָלן און בערג.

דער שאָוויניסטישער גאָלד־גראַגער גראַגערט: גער, גער, גער (איז די טייטש: קריג! קריג! קריג!) די שווערד שלעפּט זיך נאָך אַף אַ רעדעלע און ער פאַלט איבער די איינגענע פיס, ווי „המן דער צווייטער" אין אידישן טעאַטער. די הענערשע פעדערן ציען־צו צו אים אַלערליי אויפעם פון דעם אינדיק־געשלעכט. אַלע פוסטע קעפּ און אויפגעשטעלטע הענער־קאַמען, און פערלדיקע „קינסטלער" פון קאָקעטססטווע. פעזאַנעס פון דעם פאַשיסטישן איטאַליע זאַמלען זיך אַרום ד׳אַנונציאָ. ער ווערט זייער וואָרט־זאָגער, זייער „נאָווי". דער פאַשיזם ווייזט שוין אין די וויקעלעך אַרויס שפּורן פון דעם וואָס היטלער דריקט שפּעטער אויס דורך די ווערטער: „דאַנקען גאָט, אונ־דזער פּאַרטיי איז נישט געבונדן פון קיין שום לאָגיק". שפּעטער כאַפּן אים די בלוטיקע כוואַליעס פון פאַשיזם אַפן רוקן, הויבט אים אַרויף צו דער הויך פון נאַציאָנאַלן דיכטער. מוסאָליני ני׳ס „זיגפריד"

רייט אַרויף קיין רוים אַף אַ ווייס, בויכיק פערד, וועלכס ער צעבלוטיקט מיט די שפּאָרן. לויטן געזעץ פון „דאָס גלייכע גלייכט זיך מיטן גלייכן", גייט די יונגע פאַשיסטישע ליטעראַטור באַרג־אַראָפּ, דע־גענערירט אינאיינעם מיט איר בלוטיקער, דעמאַגאָגישער סיסטעם. אין דער עפנטלעכקייט: פּאָמפּ, גלעקלעך, ווייררויך, פּאַראַדעס, רי־טואַלן. אין דער שטיל: פאַרשקלאַפונג פון אַ פאָלק. שלעסער אַף דורכגעלעכערטע ליפּן, וואָס ווערן באַפוילן צו שמייכלען. אַ גרויע פּיין, אַ פינצטערניש, אַן אַפּאַטיע מיצאַד די ברייטע מאַסן. אַ פעלקער־קאַסטראַציע פון פּאָליטישער „מענלעכקייט". אַ רעזשים פון רע־וואָלווער־פּיסקל קעגן רעוואָלווער־פּיסקל.

דער מאַגעלאָמאַניאַק מוסאָליני זיצט אַפן טראָן מיט אַ מינע פון אַ פּייוו־סענט־נאַפּאָלעאָנטשיק, אַ שטעל פון אַ גיפּטיקער פּלוי, אַ „פּיסק אַף שרויפן", און אויג וואָס קוקט אין שפּיגעלע (מ'זאָגט, אַז זיין לינקע דאָלאָניע איז אָנגעשמירט מיט אַזאַ מין שימערשטאָף, וואָס שפּיגלט), אַז ער קוקט אַף די נאָטיצן, בעאיים ער האַלט זיינע פלאַמ־פּייערדיקע שמענדריק־רעדעס, איז צו יעדן בלעטל צוגעטשעפּעט אַ שפּיגעלע.

(אַ מאָדע היינט באַ די באַנקירן און באָסעס, איבערצוגעבן די מאַכט צו אַקטיאָרשטשיקעס. ווי פּילסודסקי'ן, מעיאָר וואָקער, מעק־דאָנאַלד, די שפּאַנישע „טרופּע" פון רעפּובליקאַנער, היטלער, א. א. וו.) מוסאָליני הערשט, פאַרשטייט זיך, מיט דער הילף פון אַנדערע אימפּעריאַליסטן. פאַשיזם — באַוואָפנטער פאַרשאַרפטער קאַפּיטאַ־ליזם, אַריינגעטריבן אין אַ בלינד ווינקל פון איבער־פּראָדוקציע, קרע־דיט־צווייפל, מאַסנהונגער, מאַסנרעוואָלט, מילכאָמע־גרייטונג, פאַר־לענגערטער „פרידן פון מידקייט" — איז גערן האַלטן אַפן טראָן אַזאַ אַקטיאָר ווי מוסאָליני און זיינע „קולטור"־ליפעראַנטן . . .

:: :: ::

דער גאָלדענער „קנאַפּל פון קאַפּיטאַליזם" האָט זיך פאַרטשעפּעט אין דער אָפּגעלאָזטער פּאַל־טיר פון וועלט־קאָמערץ. די וועלט־מערק זענען פאַרשטאָפּט, און מ'קען זיי נישט אויפשטאָפּן — סיידן מ'זאָל נוצן די קעפּ פון די הערשער פאַר ריסקאַליעס. מ'שניידט די פּאָלעס פון דער פוילער קאַפּאָטע און מ'לאַטעט דעם קאָלנער, — דער קאָלנער ענדיגט זיך שוין אויך באַלד...

נאָר דערווייל איז די בורזשואַזע וועלט אין די הענט פון די פּאָליטישע וואָדעוויליסטן, גרויסקייט־מעשוגאָאים, קליינקלעזמער און

גאָרגל־שניידער, אַלאַ מוסאָליני־פּילסודסקי־מעקדאָנאַלד־גאַנדי־טשיאַנג קאַי־שעק.

איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם מענטש זיין שאָטן, איז דער העכסטער סילועט פֿון דער פֿאַשיסטישער „קונסט" כאַראַקטעריסטיש פֿאַר מוסאָליני און פֿאַר זיין „נייער שטאַטסמאַנשאַפֿט".

די פֿירנדיקע ליטעראַרישע פֿיגור אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז ווער? דער שטילער, באַשיידענער, אַרבעטזאַמער, טיף־מענטשלעכער, מאַקסים גאָרקי. אין פֿאַשיסטישן איטאַליע איז עס ד'אַנונציאָ: דער אַלטער אַקטיאָר, דער האַלבער מטורף, דער פּוסטער קאָפּ.

שרייבט מוסאָליניס פֿריינט אַרנאַלדאָ קאַרטעסי:

אין ד'אַנונציאָ'ס פּאַלאַץ געפֿינען מיר סטאַטוען פֿון ווענוס, דורכגעוואָרפֿן מיט בילדער פֿון דער „מאַדאָנאַ", היידענישע געטש־קעס, לעבן פֿראַנצים פֿון אַסיסי (אַזאַ קריסטלעכער נאַר), צייכנס פֿון קריסטלעכן פֿרידן (?) און אַניוועס, לעבן סואַווענירס פֿון דער מיל־כאָמע... פּאַגאַנישע פּראַכט מיט קלויסטערלעכער פּראָסטקייט (!)..."

ד'אַנונציאָ טרייבט דאָרט האָפּאָנעם אַ „רעקעט" אין זיין פּאַ־לאַץ, האָט אַלערליי ווערקשטעלעך פֿאַר האָלצאַרבעט, גאָלדאַרבעט, טעפּער־אַרבעט, און אַף אַלצדינג איז ער אַ מיוּוין, און אַלצדינג קען ער... ד'אַנונציאָ זאָגט וועגן זיך אַליין: „איך שרייב, איך זינג, איך פֿאַרפֿאַס מוזיק, איך שניץ אין האָלץ, איך בין אַ גאָלדשמיד, אַן אַר־כיטעקט, אַ סטראַטעג, אַ מיליטער־פֿירער, אַ מאָלער, אַ סקולפּטאָר, אַן אַוויאַטאָר, און..." דער שוואַרציאָר ווייסט אים וואָס נאָך!

ד'אַנונציאָ רעדט ווייטער, אָנווייזנדיק אַף זיין געשמאַקלאָזן, פֿאַ־שיסטישן דזשאָנגל־פּאַלאַץ:

„אַלצדינג דאָ־אָ ווייזט מײַן סטיל... מיין ליבע צו איטאַליע (צום פּויבסט און מוסאָליניז, הייסט עס! — נ.), מיין שטרעבן צו העלדיש־קייט, מיין איבערטראַכטן וועגן מיין לאַנדס צוקונפֿט... דאָס אַלעס אין יעדער ליניע, אין יעדן קאָליר, אין יעדן טאָן.

אין אַן אינטערוויו אַף העכער דריי זייטן פֿון זונטאָג־מאַגאַזין ביילאַגע פֿון דער „טיימס", הערט איר פֿון ד'אַנונציאָ'ן עפּשער טויזנט מאָל דאָס וואָרט „איך", „איך".

„איך האָמער אייזן. איך גראַוויר האַרטע שטיינער (ווייכע איז קיין קונץ נישט!... — נ.) איך דרוק פֿון הילצערנע בלאָקן. איך פֿאַרב שטאָפֿן. איך שניץ ביין און האָרט האָלץ... איך פֿאַרטייטש די קאָך־רעצעפּיסטן פֿון קאַטערינאַ ספֿאָרצאַ. איך דיסטיליר פּאַרפֿיו־

מען... אמאָל האָב איך צעשטייער געגעבן (ווען? זיך אַליין האַ־פּאָנעם! — נ.) אַלעם וואָס איך האָב געקראָגן פון אַנדערע, איצט שענק איך אַוועק (זיך אַליין, הייסט דאָס, בעלאָשן פּאָעטן) אַלעם וואָס איך באַשאַף...

ווייטער שרייבט וועגן אים זיין פריינט ארנאלדאָ קאָרטעסי:

„ס'איז נישט איבערטריבן צו זאָגן, אַז ער (ד'אַנונציאָ) איז אַן איינזאַמער מאַן... זייער אָפט איז ער איינער אַליין, (ווען ער זיצט דאָרטן, וואוהין דער קייזער גייט צעפּוס, מיסטאָמע! — נ.) צייטענ־ווייז זעט מען אים גיין שפּאַצירן אַף איינזאַמע דאָרף־וועגן... ער איז גאַנץ איינזאַם, און טראָגט די יוניפאָרמע פון אַ גענעראַל, נאָר אָן אַ היטל..." (פאַרשטייט איר מיך! נ.)

אַן אַנדערס מאָל זעט איר אים (ד'אַנונציאָ'ן) ווי ער אַרבעט אַרום ווי מעשוגע, אין זיין אַלטן סובמארין־יאָגער אין וועלכער (שיף) ער איז אין יאָר 1916 אינאיינעם מיטן איצטיקן קאָ־מוניקאַציע־מיניסטער אַדמיראַל קאָסטאַנצאָ קיאַנאָ אַוועק זינקן עסט־לעבע עסטרייכישע שיפן, און איז קריקגעקומען נישט האָבנדיק גע־פייערט קיין איין טאָרפּעדאָ. אנשטאָט דעם האָט ער איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ „פייערשפּייענדיקע וואָרנונג, פאַרזיגלט אין דריי פלע־שער..."

דער פאַשיסטישער קאָרעספּאָנדענט קאָרטעסי גייט ווייטער אָן מיט זיין באַשרייבונג פון ד'אַנונציאָ'ס „גרויסקייט". ער באַשרייבט ווי אַזוי עס טוט אים (ד'אַנונציאָ'ן) אָפט אַ באַפאַל די שבינע... און ער פאַלט אַריין אין דער קונסט, ביז איבערן פופּיק, שפּעקצו־מעלדן!

„ער (ד'אַנונציאָ) פירט אַ לעבן פון פולשטענדיקער אָפּרו, אין פיזישן זין (דאָס איז נאָכדעם ווי ער טוט עפּשער זיבעציק מעלאָכעס מיטאָמאָל. אַ שוואַכער זיקאָרן ביי קאָרטעסין.—נ.)... נאָר אַז סי כאַפּט אים אָן, אַרבעט ער 16 שאָ אַ טאָג.

און דער הייליקער ד'אַנונציאָ „שאַפט", איז עסט ער ווי אַ הינדעלע, און שלאָפט ווי אַ קאַנאַריקל. (אַזוי זאָגט ער אַליין, און זיין וואָרט איז גאָלד!) „ער גלויבט, אַז אַף אַ הונגעריקן מאָגן דענקט זיך ריינער און שנעלער!"

דערמאָנען נישט די־אַ גלאָריפיקאַציע־לעגענדעס אין די עגיפּטי־שע פּרעה'ס וואָס האָבן איינגערעדט דעם פאָלק, אַז עסן, עסן זיי נאָך ווי עס איז, אָבער אַרויסגיין, גייען זיי נישט אַרוים?!

מוסאָלינים פאַשיסטישע הענקער־מעלוכע מאַכט, פאַרשטייט זיך, אַ גרויס וועזן פון זייער „נאַציאָנאַלן דיקטער". ס'איז געגרינדעט געוואָרן פאַר פאַרלאַג־צוועקן אַ באַזונדערער אינסטיטוט, וואָס ווערט

פּראָטעזשירט פונם איטאַליענישן קעניג אַזוי גוט ווי פונם קעניג׳ס פּריינץ, מוסאָליני.

זינט 1926 אַרבעט מען אַף ד׳אַנונציאָ׳ס „ווערק״, וועלכע דאַרפן אַרויסגיין אין 42 בענד! 25 בענד זענען שוין אַרויס פון דרוק. די איבעריקע ווערן איצט צוגעגרייט צום דרוק. די „ווערק״ זענען איינ־געטיילט אין 4 טיילן: 1) פּאָעמען פון ליבע און פון גלאָרי, 2) אַלערליי נאָוועלעס, 3) טראַגעדיעס, מיסטעריעס און דראַמעס, און 4) שריפטן פון „פאָרשונג״, קאָמאַנדע, זיג, מוטשעניש, דיווינאַציע, רענאָוואַציע, סעלעבראַציע, ווינדיקאַציע, ליבעראַציע״. די פּאַשיסטי־שע מעלוכע גיט אַף דעם־אָ ליטעראַרישן שטרוי־מיט־האָניק אַ סומע פון זעקס מיליאָן לירעס! דער „הייליקער טאַטע״ פון רוים האָט אַפילע געפּריפט אַ פּראָטעסטיר טאָן אונטער דער נאָז: סטייטש, אַ מענטשל האָט דאָך אַמאָל געשריבן אויסגעלאַסענע מאַיסעס... אָבער מ׳וועט מיט אים דורכקומען.

:: :: ::

דער סאַמע קרוק פונעם „טיימז״ אַרטיקל איבער ד׳אַנונציאָ איז דאָס אָרט, וואו ער גיט איבער די אויפשריפטן און שפּרוכן און שיבוילעסן, באַמאָלונגען, וואָס טאַמאַשעווסקי־ד׳אַנונציאָ האָט צע־וואָרפן אין זיין פּאַלאַץ — אַף די ווענט, אַף דער סטעליע, אַף די בענק־לעך, אַף די נאַכטעפּ.

אָט ווי אַרנאָלד קאָרטעסי באַשרייבט עס:

„דער פּאַסאַד איז אָפּגערעגנט מיט בלומען... די פרעסקאָס זענען געבליבן ווי פריער, אַכוץ וואָס ער (ד׳אַנונציאָ) האָט אַליין צוגעגעבן דעם הערב פונם פּרינץ־פון־מאָנטע־נעוואָסאָ. זיי באַשטייען פון צוויי קורניקוציעס (אָדער עפּעס ענלעכס! — נ.) אַרום אַ שטאָל־העלמעט, אונטער וועלכע עס ליגט אַ נאַקעטער שטילעט. איבערן אַריינגאַנג האָט ער אַן אויפשריפט, וואָס באַשטייט פון אַזוינע קונציק־צונויפ־געשטעלטע איטאַליענישע ווערטער, וואָס עס קען הייסן ענטוועדער „קומט אַריין״, אָדער „שטייט אין דרויסן״ — עס ווענדט זיך צי מ׳לייענט די פיר געוויסע שורעס פון דער לענג אָדער פון דער ברייט. איבער דער אינוויינעקסטער טיר איז אָנגעשריבן אַף לאַטיין: „זאָל דער גייסט פון זיג גיבן פרידן צום דאָזיקן הויף פון אַ בראַוון מאַן״.

דערנאָך גייען נעמען. פּאַר יעדער זאַך האָט דער „בראַוועד״ נאָבריעל אַ באַזונדערן קלוגן נאָמען. איין טייל פונם פּאַלאַץ הייסט: „פּריאָריאַ״. אַן אַנדער טייל הייסט: „דער זאַל פון מעדיטאַציע״. יעדעס ברעקל מעבל אין דעם־אָ זאַל איז באַצייכנט מיטן נאָמען

פון אַ פאַרגעסענעם טויטן מאַנאַך. אין אַ ווינקל שטייט אַ מירמעל־נער לייב. אין סאַמע מיטן זאָל איז אַ קליין פאָנטאַנדל. אין איין זייט אַ קאַמין, אין דער אַנדער זייט אַן אַלטאַר, אין וועלכן עס ברענט אַ נער־טאָמיד נאָך דעם פּאָעטס מוטער. דער אַריינגאַנג אין ד׳אַנונ־ציאָס קאַבינעט איז דורך אַ נידריקער טיר, פינף פוס הויך. דאָס איז האַפּאָנעם אַ סימבאָל, אַז ער איז העכער פון זיך אַליין, און אַז ד׳אַנונציאָ ווי גוואַלדאַוונע גרויס ער זאָל נישט זיין, מוז ער זיך אַליין נייגן פאַר... ד׳אַנונציאָן. ס׳נעמלעכע „קאָדשי־קאָדאָשים״ איז פול מיט... ביכער, מיינט איר? ניין. מיט רעוואָלווערן, שווערדן, ביקסן, מאַשינביקסן און אַנדערע מילכאָמע־געווערן, וואָס האָבן (ווי קאַרטעסי אַליין גיט צו) „וויניק צו טאָן מיט דער איידעלער קונסט פון שרייבן״ . . .

:: :: ::

מיר שפּאַנען ווייטער דורך ד׳אַנונציאָס פּאַלאַץ (אונטער דער פען־פירערשאַפט פון קאַרטעסי). אין עס־צימער אונטער דער סטעליע אַ „חופּה״ מיט אַ פּאָן, אויף וועלכער ס׳איז אויפגעשריבן „ווער איז קעגן אונדז?״ אַרום די ווענט זענען אָפּגעטיילט פון קאָנפוציוס, בודהא, בורמעזישע און כינעזישע געטשקעס און ווידער טאַקע נאָכ־אַמאָל „פּראַנציס פון אַסיסי״. אין אַ ווינקל־צימער איז אַן אָרען־קוידעש מיט... טאַקע ווידעראַמאָל שיס־געווערן, קינזשאַלן, יאַטע־גאַנעס.

נאָר גאָר דאָס שענסטע איז דאָס צימער, וועלכן דער בילינגער קאָמעדיאַנט רופט זיין „טויטנצימער״. דאָס בעט אינדרינען איז ענלעך אויף אַ מיטע. אהינצו וועט מען אים מוזן אַריינלייגן עטלעכע שאָ פאַרן טויט (ווי אַזוי מ׳וועט וויסן אַקוראַט ווען אים אַריינצולייגן איז אַ פראַגע! — נ.). דאָס גאַנצע קאָמעדיאַנטסקע טויטנצימער איז באַמאַדזשגעט מיט שפּרוכן און בילדער־צייכנס. אויף דער סטעליע: אַ קרעציקער אין אַ טפיסע־צעל. קענעגעד (ווי קאַרטעסי זאָגט) „דעם דיכטערס בענקן צו אונדערגרייכבאַרקייטן״. אַרום דעם קרעציקן זעט מען פינף ווייבער: איינע ברענגט שטעק־שיך, די אַנדערע אַ קעמל־האָרענעם מאַנטל, די דריטע אַ שיסעלע געקעכץ, די פערטע אַ שטריקל צום מאַנטל... אַ פינפטע... (האַפּאָנים, אַז פאַר איין נקייווע צו טראָגן אי אַ שטריקל, אי אַ שיסעלע עסן איז צו שווער! — נ.).

די האָקוס־פּאָקוסן לייענען זיך:

„אַ געפאַנגענער זינג איך, אַ ברענענדיקער פלי איך קעסיידער אַרויפצו. איך האָב אין מיר דאָס אייביקע פייער.״ דאָס „טויטנ־

צימער" איז באַפּוצט מיט אַזוינע אינזיכיסטישע דיבוק־שפּרוכן, ווי „טאַמיד־נישט־טאַמיד". דאָס צימער אַליין האָט נישט ווינציקער ווי דריי נעמען מיטאַמאָל: „די צעל פון ריינע כאַלוימעס", „דאָס צימער פון טויט" אָדער (בעסער גנזאָגט! — נ.) דאָס צימער פון דעם קרעציגן . . .

קאָרטעסי גיט אַליין צו, אַז אַסאַך פון די „לאָזונגען" איז שווער צו פאַרשטיין. למשל: „פינף פינגער — פינף אַווירעס"... נאָר קלערער און דייטלעכער ווי אַלע האָקוס־פּאָקוסן איז די אויפשריפט: „אַווע, קאַווע, פּאַווע".

:: :: ::

גאַבריעל ד'אַנונציאָ איז מעסוקן אָריגינעל אין זיינע שפּרוכן. למאָשל אַזאַ שריפטוואָרט: „קאַרפּע ראָזאַם, קאַווע ספּינאַם" (רייס די רויז און לאָז דעם דאָרן). די בריקלעך וואָס פירן צו זיין פּאַלאַץ, הייסן: 1) די בריק פון זיפצן, 2) די בריק פון האָזן, 3) די בריק פון ווינשונגען, 4) די בריק פון אייזערנע קעפּ... די לעצטע בריק איז באַפּוצט מיט אַכט מאַשינביקסן — אַ מאַטאָנע פון זיין קאָלעגע מאַר־שאַל דיאַז...

יעדער וואָס גייט דורך די „בריק פון ווינשונגען" מוז אויסדריקן עפּעס אַ וואונש. דערביי גיט דער ווינ־טשער ד'אַנונציאָן עפּעס אַ מאַטבייע אין האַנט אַריין, וועלכע ער (ד'אַנונציאָ) וואַרפט אַרונטער דורך אַ שפּאַלט אין דיל פון בריק... (וואָס עס ווערט פון די מאַטבייעס, ווער עס קלויבט זיי אויף, זאָגט נישט קאָרטעסי. דאָס מוז זיין אַ נישקאָשעדיקער „רעקעט" פאַר דעם פּאָעט פון 42 ביכער!) די „בריק פון זיפצן" (זאָגט קאָרטעסי), ווערט אַזוי אָנגערופן צוליב דעם, וואָס נישט איין מענטש האָט דאָרט גע־זיפצט, דערפאַר וואָס ער האָט געוואָלט אַריינגיין אַ קוק טאָן אַפן פּאָעט און — מ'האָט אים נישט אַריינגעלאָזט. אין איינעם פון די „מאָנגאָל־טעמפּלען" אינם מעשוגענעם פּאַלאַץ פון דעם פּאַשיס־טישן „דיכטער", וואָס לעבט אין מעשוגענעם וואוילטאָג, אַפן כעשבן פון אַן אויסגעבלוטיקט, פאַרהונגערט איטאַליעניש פּאָלק, זענען 17 זיילן פון מירמלשטיין, קענעגער די 327־ר אַקוראַט, ס'זאָל נאָך פעלן אַ האָר!—נ.) „וויכטיקסטע שלאַכטן אַפן איטאַליענישן פראָנט". די זיילן זענען אַלע מילך־ווייסע — אַלע אַכוץ איינער, וועלכער איז שוואַרץ, ווייל ער סימבאָליזירט די שלאַכט באַ קאַפּאָרעטאָ, וועלכע האָט זיך געענדיקט מיט אַ נידערלאַגע פאַר די איטאַליענישע כאַ־יאָלעס".

# ווידער ש. ניגער

דער שאַרפשטיין עסט־אויף דעם מעסער. נישט ווייניקער ווי דאָס מעסער עסט־אויף דעם שאַרפשטיין. דער כילעק איז נאָר, וואָס דאָס מעסער קומט אַרויס דאַפון שאַרפער און דער שטיין — שטומ־פיקער.

נאָכדעם ווי ש. ניגער האָט אין „ימים־נוראים" אָנגעזעטיקט זיינע אויגן אין הייליקן פּיוט, און דורכגערעכנט מיט אַ קריידל וויפיל ער האָט היינטיגעס יאָר פאַרדינט פון ליטעראַטור (אַרונטערגערעכנט: טינט, בלייפעדערס, פּאַפּיר, לעבער־פילן, און אַנדערע רעפּועס צו... רום און גריזאָטע) האָט ער געכאַפּט אַ קוקעלע אַזוי פון טשיקאַוועס־וועגן אין דער „מ.־פרייהייט". און אַך, וואָס האָבן זיינע אויגן דער־זען? מיר זענען אָפּגעשטאַנענע... מיר גייען קריקצעוועגס. מיט 18 יאָר קריק האָט מען געשמועסט אַז ס'איז נישטאָ קיין גאָט אַף דער וועלט. און — היינט שוין ווידער! שוין לאַנג, ווי זאָגט איר, שטיל געוועזן. טאָמער האָבן די אַנאַרכיסטן מיט די זאָציאַליסטן זיך אַרויפ־געאַרבעט און געקומען צום סייכל, איז . . . נאָדיר קאָמוניסטן צום טיש. און ווידער מיט דעם אייגענעם פּיזמען: רעליגיע איז סאָם פאַר די מאַסן! וואָלט איר געמיינט, אַז עס איז נייעס. אָט גיט אַ פרעג בא די אַלע געוועזענע אַנאַרכיסטן, וואָס שטייען און דאַוונען, וועלן זיי אייך זאָגן, אַז זיי האָבן שוין געהערט דאַפון נאָך מיט 30 יאָר קריק. אַי וואָס שטייען זיי איצט און דאַוונען די לאַכודרעס? איז דער טערעץ: פאַר־שריט! פּראָגרעס... אַ מענטש שטייט נישט אַף קיין אָרט... נעכטן איז מען געווען אַן אָרעמאַן האָט מען טאַקע געגלויבט אַז רעליגיע איז פאַרפירעריש, אָבער היינט, אַז מי איז אַרויפגעאַרבעט און מ'האָט אַן אייגענע קאַר מיט אַ שאָופער, איז גאָר אַנדערש. היינט גלויבט מען, (גלייך מיט ש. ניגערן), אין ליבאַ־וויטשער רעבין, אין גענזענע פּופּיקלעך און אַן אייגן הויז... און דעם־גאַטינג.

:: :: ::

דער פּענונביקסלער האָט ליב צו הערן ווי דאָס טאַמעוואַטע מע־לאַמעדל ניגער שטייט אין פּאָליש פון „טאָג" מיט פולע קעשענעס ראָזשינקעס, קייט מיט געפּאַקטע פּיסקעס און קלאָגט זיך אַף „גלות הקונסט שברוסיא".

דאָס מאָל איז עס אַן אַרטיקל וואָס הייסט: „גייט בערגעלסאָן ווידער אין שפּאַן?"

דאָס טאַמעוואַטע מעלאַמעדל דרייט מיטן גראָבן פינגער און „באַווייזט", אַז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד קוילעט מען די „קונסט" אַן אַ מעסער. אַ שטייגער? אַ שטייגער מ'לייגט די קינסטלער דערנער אין וועג. מען לאָזט דער ליטעראַטור אירע אייגענע קויכעס נישט אַנטוויקלען. אַ סימען האָט איר, אַז מען לאָזט נישט קומען צום וואָרט ניסטערן, קיפּניסן, בערגעלסאָנען.

ווי אַזוי? אָט גיט מען דאָך אַרויס בערגעלסאָן אין דער גוטער־יאָר־ווייסט וויפיל בענד, און קיפּניס'ן האָט דאָך די סאָוועטן־מאַכט פאַרפּלאַנצט און דערצויגן, און כאָטש זיינע אַרבעטן זענען פול מיט קליינבירגערלעכע פּרישטשעס, פונדעסן האָט מען זיי באַלילע נישט געלייגט אַף דער פּאָליצע. און אַפילע די מיסטישע אויגנגלאָצעניש פון אייער נסתר'ן איז טיילמאָל גענוצט געוואָרן ווי צירונגען אַף דער סאָוועטישער ליטעראַטור (דער גוטער יאָר ווייסט צו וואָס מ'דאַרף צוויי לייוויקס אַף אַמאָל!) און דאָ־הי באַ אייך, אין שוואַרצן אַמעריקע. אין פינצטערן פּוילן וואָס טוט מען? ווער באַהערשט דאָ די אידישע ליטעראַטור? אייער ליטעראַטור? האַלפּערין, פּראַדל שטאָק, י. י. שוואַרץ, בימקאָ, י. י. זינגער, משה גראָס? — ניין, האַלפּערן שטעלט־אויף די הענט, פּראַדל שטאָק — פאַרקריכט אין אַ ווינקל אַ באַליידיקטע, זינגער פאַרקויפט זיך פאַר אַ טאָפּ לינזן צו שונד, י. י. שוואַרץ — האָט אַ געוועלבל, בימקאָ שטאַרבט פון הונגער, משה גראָס שרייבט האָצמאַכערייען אין „טאָג". און וואו אַפּראַנעל איז אַהינגעקומען ווייסט קיינער נישט, פרעגט קיינער נישט, גייט קיינעם נישט אָן!

ווער קיניגט אין אייער ליטעראַטור! וואָס הייסט ווער? „אונ־דזערע רעדאַקטאָרס". „ווער זענען אייערע רעדאַקטאָרס?" „וואָס הייסט ווער"? איטשע ליבמאַן, קאַרלין, מיניקעס, ראָגאָף, רובינ־שטיין, פישמאַן, אַב. קאַהאַן.

א. מ. פוקס איז אַן אַריינשלעפּער באַ די נקיוועס פון „פאָר־ווערטס". עוזר וואַרשאַווסקי הונגערט אין פּאַריז. פישמאַן, שעלווין און ענלעכע אידיאָטן שיטן זיך אָן מיט גאָלד פון אידיש שרייבעריי; באַראַדולין איז אַ וויסנשאַפטסמאַן... סאַראַ סמיטה פאַרטרייבט — פּראַדל שטאָק. מרדכי דאַנציס שטופּט אַרויס —ראובן ברייינין. עס קיניגן אין אייער ליטעראַטור סאַמע אידיאָטן, שמענעגעס, קאָמעצאַ־לעפּניקעס, בהיימעוואַטע דיכטער, איטשע־ליבמאַנס! און דאָס מע־לאַמעדל האָט נאָך די ווייסטע כוצפּע אָנצואווייזן די סאָוועטישע שריי־

בער, אַז זיי גייען נישט אַף די וועגן פון קונסט, און אַז מ׳לאָזט נישט אַנטוויקלען זייערע קויכעס!

דו זאָגסט, אַז „דער טראַגיזם פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור באַשטייט נישט אין דעם וואָס זי שפּיגלט נישט אָפּ דאָס אידישע לעבן. סיי ווי סיי (זאָגסטו) שטודירן מיר נישט דאָס לעבן פון אַ פאָלק פון מאַיסע־ביכלעך אָדער לידער. נאָר וואָדען איז דער טראַגיזם? דער טראַגיזם פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור (זאָגסטו) איז דאָס וואָס זי שפּיגלט נישט אָפּ איר אייגענעם לעבן".

און בענייביי גיסטו אַ פרעג אַזוי קעלבעוואַטע פאַרוואָס מ׳האָט פּלאַץ פאַר אָרשאַנסקין און משה טייטשן און נישט פאַר... לייוויקן און אַשן?

מאַך דיך גאָר נישט אַזוי געפּייגערט, דו מעלאַמדל! און פרעג נאָר נישט אַזעלכע פראַגעלעך, וואָס ריידען־זיך־אַליין־אָקעגן, ווייל מי איז אַף דיר אַ מיוווין!

גלאָץ נאָר נישט מיט די אויגן צום הימלעכן, בעשאַס דו גלעטסט מיט די פינגער דאָס טייסטערל און ציילסט די פּאַסקודנע רייגישלעך, וואָס דיין באַלעבאָס מיסטער שאַפּירא דערלאַנגט דיר מיט זיינע אומריינע הענט — דו ש. ניגער!

דו זאָג אונדז נישט מוסר און שטעק נישט דיין פאַרנאָסע־נאָז אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור אַריין. מי ווייזט אַז דו ביזט אויסן צו כאַפּן די נעשאָמע פון דוד בערגעלסאָן, און אַז דו ביזט דאָס הייליקע „מיסיאָנערל", און דאַפאַר רעדסטו צו אים אַזוי ווייך, אַזוי ליב, מיט אַלערליי כאָכמעלעך וועגן „גיין אין שפּאַן", גלייך דו אַליין וואָלסט נישט געגאַנגען אין שפּאַן (מיט סלאָנימען פאַר אַ „פּאָר") און געטראָגן אַף זיך דעם יאָך פון... פאַרנאָסע!

— 1929.

# ליטעראַרישע גענגסטעריי

אפן אַמעריקאַנערישן אידיש זאָגט מען:

„גענגסטערס מאַכן אַ דזשאַב".

אַז דער פּענונביקסלער*) לייענט „גענגסטערס מאַכן אַ דזשאַב", זעט ער פאַר זיך יונגען מיט געקעסטעלטע קאַשקעטן, דאַשיקעס אַף אַ זייט, ברייטע הינטנס, ציגאַרן אין מויל, רעוואָלווערס אין קעשענע. מען שפּייט אין דערברייט פונם מויל — גלייך דאָס מויל וואָלט געווען קאַסאָקע, מ׳ציט־אָן דעם דאַשעק איבער די אויגן, און מ׳שוש־קעט זיך אַפן אויער: „מירן אים פיקסען".

אַז מ׳גייט נאָר אַריבער די שוועל קען נישט איינער דעם אַנדערן. מען קוקט זיך אָן ווי פרעמדע קלאָמפּערשט... יעדער גייט זיך זיין וועג — אַ מענטש פאַר זיך . . .

באַ די אידישע בורזשואַזנע שרייבער ווערט עס פּונקט אַזוי געמאַכט.

פון דרויסן איז מען אַפּילע אַן אינדיווידואַליסט, נאָר אַז עס קומט צו „מאַכן אַ דזשאַב", אַרבעט מען קאָלעקטיוו: „סעי, מ׳דאַרף מאַכן אַ דזשאַב". „אַף וועמען שוין ווידער?" „אַף נאַדירן". „עני טיים, מיסטער זלמן רייזען". „טהענק יו, דר. מוקדוני". „פיקסט אים אָבער אַזוי". „פאַרלאָזט זיך אַף מיר. איך האָב שוין לאַנג אַן אויג אַף אים. די באַיעס וועלן אַלע צולייגן אַ האַנט".

:: :: ::

קומענדיק אַהיים פון די בערג, וואו ער האָלט אין איין לאַטען זיין ביסל געזונט, האָט זיך דער פּענונביקסלער דערוואוסט פון אַזאַ דזשאַב, וואָס דער פּען־קנעכט מוקדוני האָט אָפּגעאַרבעט אין „מ.־זשורנאַל" אַף באַשטעלונג. דער באַשטעלער איז היינטיקס מאָל גע־ווען נישט קיין אַנדערער ווי דער „ערלעכער זלמן רייזען", אַ ברודער פון דעם „מערדכען" און דער אַרויסגעבער פון „לעקסיקאָן פאַר דער אידישער ליטעראַטור".

שוין היבשע עטלעכע יאָר ווי זלמן רייזען האַלט אין איין באַוואַרפן דעם פּענונביקסלער מיט דומע, איבערגעטריבענע קאָמפּלי־

*) אונטער דעם נאָמען פּענונביקס (פּען און ביקס) האָט דער אויטאָר געשריבן אַ ריי וועכנטלעכע פעליעטאָנען פאַר דער „פרייהייט" און „מאָרגן־פרייהייט".

מענטן. אַז ער, דער פּענונביקסלער, איז גרעסער פון היינע'ן, פון לודוויג בערנע'ן. ווי זיין ברודער דאָס „מעדכען", איז ער נאָכגעקראָכן דעם פּענונביקסלער און אים געגלעט די פּיאַטעס, און אים געגלויבט ביז כאַלאַשעס. סיי אין זיין „ווילנער טאָג" און סיי אין זיין לעקסיקאָן און סיי אין פּריוואַטע בריוו, האָט זלמן זיך צעריסן דעם האַלז מיט לאַקרעצדיקע געזאַנגען איבער דעם פּענונ־ביקסלערס שרייבן. דאָס איז געווען פריער — נאָך פאַר ציאָן־וואַקכאַנאַליע. איצט אָבער, אַז דער פּענונביקסלער האָט אַזוי שטאַרק מעצאַיער געווען זיין טייער ברודערל, אברהמן, איז... „נאַדיר? אַ פּראָסטער משוגענער, אַ גראַפאָמאַן, אַ לייזאַק, אַ לעץ." דאָס אַלץ גערעדט באַם קאַװעטיש. ציישן שכנים, ציישן שרייבער. אָבער וואָס טוט מען מיט דער גרויסער פּאַרציע לויב־געזאַנגען אין לעקסיקאָן? „מ'אָמיר געגנוג צאָרעס פון דעם מאַמזער באַם לעבן, היינט, אַז ער וועט נאָך בלייבן כלילע אומשטערבלעך אויך..."

האַקלאַל, די ליטעראַרישע גענגסטערס האָבן געמאַכט אַ דזשאַב און באַשטעלט דעם פּען־גענגסטער מוקדוני, ער זאָל דאָס פּיקסן, און ער האָט דאָס „געפּיקסט" זייער פיין אין אַן אַרטיקל אין „מאָרגן־זשורנאַל". דער האַלד־אַפּ הייסט „דער ליטעראַרישער טורעם". מוקדוני הויבט אָן קלאָמערשט אומשולדיק, טאַמעוואַטע, אין אַלגעמיין, גלאַט אַזוי זיך אַ שמועסל מיקויאַך... ליטעראַטור, אידיש פאָלק, גייסטיקע אויצרעס... דערנאָך:

" . . . זלמן רייזען . . . ערקלערט, אַז ער האָט ווי ווייט מעגלעך אָפּגעהיט צו אַרויסברענגען אייגענע מיינונגען
וועגן שרייבער . . . ער האָט געלאָזט ריידן דעם נאַאיוון (!)
נח שטיינבערג און אַנדערע, וואָס כאַלעשן, אַז מען זאָל זיי אָפּ־
נאַרן אין נאַדירס ביאָגראַפיע."

איר פאַרשטייט? שטיינבערג איז אַ נאַאיווער און ער האָט אָפּגענאַרט זלמן רייזען'ען. נאָר צופעליק האָט זלמן רייזען געשריבן וועגן פּענונביקסלער פּונקט קאַפּויר ווי שטיינבערג. דאָס איז נישט וויכטיק. זלמן רייזען, דער אַרויסגעבער פון אַ לעקסיקאָן, האָט נישט קיין אייגענע מיינונג וועגן שרייבער... איר קענט באַ אים אין לעקסי־קאָן אַריינשרייבן וואָס איר ווילט. עס ווענדט זיך, הייסט דאָס, ווי אַזוי אייערע באַציאונגען זענען מיט זלמנ'ען פּערזענלעך. ווי אָפט איר קומט צו אים אויף טיי, ווי שטאַרק איר האַלט פון זיין ברודערס טאַלאַנט, א. ד. ג.

:: :: ::

דאָס ליטעראַרישע גענגסטערל האָט זיך אין איין וועג שוין צו־נויפגערעדט מיט זלמנ׳ען, אַז מ׳דאַרף מאַכן אַ רעוויזיע אויפן לעק־סיקאָן, און אַז „דער ערלעכער״ זלמן רייזען אַליין וועט זי מוזן מאַכן״ (נעבעך! מ. נ.) ער מוז אַריינשטעלן דאָרטן, אַז „נאַדיר איז בעצם אַ שמירער פון אַ וויצען־בלאַט, און אַפילע זיין גאַנצע שפּראַך־בעריעשקייט איז אַ שאַבלאָן... און אַז מיט זיין אייגענעם טאַלאַנט קען מ. נ. שרייבן בלויז די לידער און פּראָפּאַגאַנדע־אַרטיק־לען, וואָס זענען קוים דרוק־פייאיק״.

:: :: ::

נאָך מיט אַ 16 יאָר קריק, ווען דער פּענונביקסלער האָט אַרונ־טערגעריסן יהואָש׳ס בוך „פון ניו־יאָרק ביז רחובות״, האָבן די ליטעראַרישע גענגסטערס (אָן יהואָש׳ס וויסן, דאַכט זיך) זיך צונויפ־גענומען און אָנגעשטעלט אַ באָבערל, וואָס זאָל „מאַכן אַ דזשאַב״. דאָס באָבערל האָט נעבעך געשוויצט און געשריבן. און — דער סאָף איז געווען, אַז אין אונדזער ענטפער צו אים האָבן מיר אים באַוויזן, אַז ער איז אַ שאַרלאַטאַן און אַ ליגנער. מיר האָבן אים אַפילע גע־האָט צוגעזאָגט אַ סומע געלט, אויב ער וועט באַווייזן, אַז דאָס וואָס ער זאָגט, אַז מיר האָבן „גענאַשט״ פון אַלטענבערג׳ן און ענלעכע קוועטשערס — איז עמעס. דאָ האָט זיך דאָס באָבערל אָפּגעווישט די ליפּן און איז געוואָרן אויס ליטעראַטור־קריטיקער, אַנשטאָט דעם איז ער געוואָרן דראַפּיטש אין „מ:־זשורנאַל״

:: :: ::

פאַרשטייט זיך, אַז דער פּענונביקסלער פייפט אַף דער גאַנצער „אומשטערבלעכקייט״, וואָס די זלמנס און יוקלס טיילן אויס. דער פּענונביקסלער קען באַשטיין, אַז אַ מינוט נאָך זיין טויט (אָדער אַפילע פריער) זאָל מען צונויפנעמען אַלע זיינע שריפטן, אויב מ׳דאַרף זיי נישט האָבן, און זיי פאַרברענען. נאָך מער: עס וועט זיין אַ בע־פיירושער פּאַסעק אין אונדזער צאַוואָע, אַז אויב אַ מענטשן איז קאַלט און ער האָט נישט מיט וואָס אָנצוואַרעמען זיך, אַכוץ מיט די נאָך־נישט־געדרוקטע שריפטן פונם פּענונביקסלער, זאָל ער זיך געזונטערהייט אָנלייגן אַ פייער און זיך וואַרעמען. נישט מער. מיר ווילן דערמאָנען דעם „ערלעכן״ זלמנ׳ען, אַז בעאיים ער וועט מאַכן די רעוויזיע איבער זיין לעקסיקאָן, זאָל ער נישט פאַרגעסן אַריינצו־שרייבן דאָרטן, אַז איידער דר. מוקדוני איז געקומען קיין אַמעריקע איז אין אַ וואַרשעווער אידיש בלאַט דערשינען אַ רייע אַרטיקלען פון אַ

שרייבער מיטן נאָמען קאווע, וואו ער האָט באוויזן, אַז קימאַט אַלע סקיצן און מאַיסעס וואָס „אַלעקסאַנדער קאַפּעל" (אַזוי האָט דעמאָלט געהייסן דר. מוקדוני) האָט געשריבן, זענען דירעקט איבערגעשריבן פון אַנדערע אויטאָרן. און זאָל דער ערלעכער זלמן אויך נישט פאַר־געסן צו דערמאָנען, אַז אַלעקסאַנדער קאַפּעל האָט אַף די אַרטיקלען ביז היינט נישט געענטפערט, און אויך, אַז פון דעמאָלט אָן האָט אַלעקסאַנדער קאַפּעל אויפגעהערט צו שרייבן בעלעטריסטיק און איז געוואָרן אַ... טינטלער אין „מאָרגן־זשורנאַל". און אַז זיין קריטי־קאַנטישע מאָטאָ איז: „אַז מען שמירט, פאָרט מען" (אַף גוטע אָטאָ־מאָבילן) און אויך, אַז דער נעמלעכער מוקדוני האַלט, אַז אָפּאַטאַשו און לייוויק זענען אינגאַנצן קיין שרייבער נישט אין פאַרגלייך מיט מוקדונים ליבלינג־קינסטלער, נעלי קעסמאַן, מאַקס גביל און ש. יודסאָן . . .

זאָל דאָס דער ערלעכער זלמן רייזען נישט פאַרגעסן ! און ער זאָל אויך נישט פאַרגעסן צו דערמאָנען אין זיינע רעוויזיעס אַלע „גנייוועס" אין וועלכע מ'האָט באַשולדיגט שלום־עליכם'ן (ווי לעמאַשל, אַז זיין מאַינסע מיטן לועך פאַרקויפער איז גענומען פון „עליי פערקינס' „בוק־אײדזשענט", די „עצה" — פון מאָליערן, דער „אוצר" פון דוד פינסקין, אָדער פון לײדי גרעגאָרי), אַז מענדעלע האָט גענומען זיין בנימין־השלישי פון דאָן־קיכאָט. אַז פּרץ האָט גענאַשט פון האַנס קריסטיאַן אַנדערסאָן... און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

:: :: ::

## אַ בריוול פון אַ לעזער, וועגן דעמזעלבן איניען:

כּאַשעוועער מ. נ.

אין אייער פעגונביקס דערמאָנט איר קאווע'ס אַרויסטריט קעגן דר. מוקדוני, אָבער לײדער זענט איר ניט ריכטיק אינפאָרמירט. מ. וואַנוויילד (ש. ל. קאווע) האָט ניט נאָר צעשמעטערט דעם גראַפאָמאַן אַלעקסאַנדער קאַפּעל, נאָר אויך דר. מוקדוני, ווייל דעמאָלט האָט שוין דר. מוק געשריבן טעאַטער־קריטיק. האָבן וואַרשעווער ליטע־ראַטן מיט קאווע־וואַנוויילד בראש געטאָן אַזוי: מען האָט מוקדוניִן אַריינגענומען אין כעוורע און פאַרפירט מיט אים אַ שמועס וועגן טע־אַטער, אים ציטירענדיק פאַרשידענע אויטאָריטעטן און מוקדוני האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט זיי אַלעמען געלייענט. מיט דעם איז ער יאָ איינשטימיג און מיט יענעם נישט. צום סאָף האָט מען אים אויסגע־

זאָגט, אַז די אַלע אויטאָריטעטן זענען ניט קיין טעאַטער־אויטאָרי־טעטן, נאָר מכאַברים פון דייטשישע קאָך־ביכער. די גאַנצע געשיכטע האָט קאָווע דערנאָך פאַרעפנטלעכט אין „מאָמענט". דאָס האָט קלאָר באַוויזן, וואָס פאַר אַ גרויסער ווייסער דר. מוק איז.

און אַז דערמאָנען, פאַרוואָס דערמאָנט איר שוין נישט, וואָרום מען האָט דעמזעלביקן דר. מוק פּלוצלינג באַזייטיקט פון „טעאַליט" און זיין אָרט האָט דאַן פאַרנומען מנחם? ווייסט איר ניט, אַז מען האָט מוקדוני'ן פּאַשעט געכאַפּט באַם האַנט, ווי ער האָט געגאַנווועט אַן אָפּהאַנדלונג פון טאַיראָוון און זי אָפּגעדרוקט אין „„טעאַליט" ווי זיינע אַן אייגענע פאַרפאַסונג, נאָר אַזוי ווי עס איז עמעס צו גוט געווען פאַר אים, האָט מען גענומען נאָכזוכן און מען האָט אויסגעפונען דעם ריכטיקן טאַטן פון דער אָפּהאַנדלונג. אָבער אַזוי ווי מוק איז אַן אייגענער מענטש, האָט מען געמאַכט אַ שווייג און בלויז אים באַזייטיקט פון רעדאַקציע.

און ווייסט איר ניט, אַז ווען דר. מוקדוני איז געווען רעדאַקטאָר פון לאָדזער „מאָרגן" און די זעצערס זענען אַרויס אין סטרייק, האָט דער „דאָקטאָר" גערופן פּאָליציי און זיי געלאָזט אַרעסטירן אַלס „קראַמאַלניקעס"? אין ניו־יאָרק געפינען זיך עטלעכע לאָדזער זעצער פון יענער צייט — פרעגט זיי!

באַי דהי וועי, וואָס פאַר אַ דאָקטאָר איז ער אונדז, דער דר. מוקדוני? איר זעט, ווי ער וועט ניט וואַגן אונטערצושרייבן דר. קאָפּעל, נאָר אונטערן פּסעוודאָנים, און טאָמער זאָגט מען אים, אַז ער איז קיין דאָקטאָר ניט, נאָר אַז ער האָט אין בערן געקויפט אַ דיפּלאָם אַלס יוריסט (ווי אַסאַך האָבן עס געטאָן), וועט ער טאַנען: עס איז דאָך בלויז אַזאַ פּסעוודאָנים.

נאָך אַ פאַקט: ווי באַליבט דר. מוקדוני האָט זיך געמאַכט באַם אידישן פּאָלעק מיט זיינע טעאַטער־רעצענזיעס, קאָן מען זען דערפון, וואָס איינמאָל (אין יאָר 1911), ווען דר. מוקדוני איז אַריינגעגאַנגען אין גערטעל, וואו עס האָט זיך געפונען קאָמפּאַני יעקעצ'ס טעאַטער אָף באַני טראַטן־גאַס, איז דאָס פּאָלק אים באַפאַלן מיט זידלערייען און אַז ער האָט געסטראַשעט מיט פּאָליציי האָט מען אים פּאַשעט אָנ־געבראָכן די ביינער.

עס איז אַ מיצווע דעם־אָ זשוליק איינמאָל פאַר אַלעמאָל צו באַגראָבן.

אייער,

אברהם באָלאָדין.

— 1930.

# פלום היינע *)

. . . ער איז עפשער טויזנט מאָל ווייט פון זיין סיכל!

:: :: ::

. . . אין זיין שרייבן פאַרט ער אוועק פון דער לאָגיק אזוי ווייט, אז סי דאַרף קאָסטן העכער א הונדערטער צו שיקן פון דאָרט א פּאָסט־קאַרטל!

:: :: ::

. . . גאוינעם איז די נאָרם, אַלע אַנדערע מענטשן (אכוץ גע־ניען) זענען נישט נאָרמאַל!

:: :: ::

דער ווינט איז א שאַדכען צישן לעבעדיקע פלאַנצן. שאַדכאָנעס־געלט? פאַר אים איז געונג, אז ער קאָן זיך אמאָל א קראַץ טאָן די פלייצע אין א גאָרטן־פּלויט, הינטער וועלכן די רויזן קושן זיך.

:: :: ::

. . . פונקט ווי א שאַדכען קאָן נישט דעם טאַם פון זיינע קאַלעס, אזוי קאָן דער קריטיקער „עקס“ נישט דעם טאַם פון די ביכער, וועלכע ער פאַרשאַדכענט צו אַנדערע, צוליב שאַדכאָנעס־געלט.

:: :: ::

די פלוי וואָס לעבט אפן אָדלערס לייב, פאַרגלאָצט די אויגן, רעדט, קריטיקירט אפילע זיין פליען, טאַנעט, אז כאָטש אליין האָט זי קיין פליגלען נישט, קאָן זי אָבער זייער גוט די קונסט פון אויסנוצן פרעמדע פליגלען, וואָס דאָס איז פונקט אזא מאַדרייגע, ווי צו זיין אליין באַפליגלט . . . „פאַרקערט“, טאַנעט די פלוי, „דערפאַר וואָס איך שפּרינג דעם אָדלער אפן קאָפּ, פלי איך נאָך מיט א האָר העכער פון אים“ . . .

:: :: ::

אויב „דער סטיל איז דער מענטש“ — איז דער שרייבער „עקס“ א . . . מאַסנפאַרזאַמלונג! . .

---

*) האָבן זיך געדרוקט אין דער „מאָרגן־פרייהייט“ אונטערן טיטל „מ ש ה נ אַ ד י ר פּ ל ו ם ה י י נ ר י ך ח י י נ ע“. דעם לעזער איז אויפגעגעבן געוואָרן צו טרעפן, וועלכע פון די נאָטיצן איז היינעס און וועלכע — נאַדירס. קעדיי די אויפגאַבע צו מאַכן אָנציענד אויך אין בוך, האָט דער אוטאָר דורכגעוואָרפן די „אָפּשניצלעך“ מיט עטלע־כע פון היינעס באַרימטסטע אַפאָריזמען.

. . . בעאיים זיי וואַרפֿן אַף מיר בלאָטע מיט איין האַנט, הייבן זיי מיט דער אַנדערער האַנט אָפּ דאָס היטל . .

:: :: ::

טוט־אָן אַ קליין הינטל אַ מויל־קאָרב, און ער ווערט וויכטיק. אַלע מיינען, אַז ער איז אַ געפֿערלעכער הונט! . . .

:: :: ::

. . . דער גאַרטל איז די גרעניץ צווישן דעם מענטש און דאָס מענטשלעכע!

:: :: ::

ערנסטע מענטשן? מיין גאָט, וועד איז נאָך אַזוי ערנסט, ווי אַ גאַנעוו, וואָס קריכט אַף די טרעפּ, ווי אַ מערדער, וואָס הויבט אויף אַ האַק? ווי אַ טאַליען וואָס זייפֿט אַ שטריק?

:: :: ::

דער עמעס איז נישט „ערנסט" — ער שמייכלט פֿונם הימל אַראָפּ, אַפּילע אַף קופּעס מיט מיסט!

:: :: ::

דאָס געוויסן פֿון דעם קריטיקער „עקס" . . . בייסט נישט, עס האַוועקט בלויז! . . .

:: :: ::

פֿאַראַן מענטשן וואָס גלויבן, אַז זיי קענען דעם פֿויגל, בלויז דערפֿאַר וואָס זיי קענען פֿערזענלעך דאָס איינגל וואָס האָט געגאַנוועט די נעסט אין וועלכן דאָס אייעלע האָט זיך אויסגעפּיקט . . .

:: :: ::

די גלעזערנע העניטשקעס, וואָס געוויסע שרייבער טראָגן, זענען ניט קיין סימען פֿון ריינקייט, נאָר פֿון גיפֿט־מישערייַ.

:: :: ::

קריסטלעכקייט
האַק אים אונטער אַ פֿוס מיט אַ שטעקן און גיב אים דערנאָך דעם זעלבן שטעקן פֿאַר אַ קוליע.

:: :: ::

די פֿען־זוינע אונטערשיידט זיך פֿון דער קורטע־זוינע, בלויז מיט דעם וואָס זי איז — שפּיציקער!

:: :: ::

אַ בלינדער לירישער קרעכץ מיט אַ סייכלדיקן לאָמטערן אין

האַנט, קען אַמאָל טרעפן צום מענטשלעכן האַרץ, אָבער דער לאַמטערן אַליין קען דעם אַדרעס אַסאַך בעסער!

:: :: ::

פאַראַן שרייבער וואָס דו קענסט אַף זיי בעשום־אויפן ניט גלויבן, אַז זיי עקזיסטירן טאַקע אויף אַן עמעס און אַז זיי זענען ניט קיין אויסגעטראַכטע, לעמאָשל: דר. ק. פאַרנבערג . . .

:: :: ::

פאַרגעסט ניט, אַז ווען מ. האַלפּערן האָט געזאָגט וועגן דר. מוק־דוני׳ן, אַז יעדעס מאָל וואָס דער „דאָקטאָר" עפנט ס׳מויל, האָט ער ס׳גאַפּיל ווי אַריינצושפּייען אַהינצו, האָט ער נאָך ניט געהאַט גע־לייענט דעם „דר.׳ס" אַרטיקל וועגן מאָראַל! (אין „מאָרגן־זשורנאַל" פון 7טן אַפּריל, 1935).

:: :: ::

די מענטשן וואָס זאָגן, אַז זיי וואוינען „אין האַרץ פון שטאָט" (מיינענדיק דעם צענטער) האָבן מיסטאָם ווייניק אַנאַטאָמיע געלערנט.

:: :: ::

אַ הייבאַמע קען בלויז אָפּנעמען ס׳קינד בא אייער פרוי, אָבער האָבן עס פאַר אייך קען זי ניט, סיידן מיט וועלכע 9 כאַדאָשים שפּע־טער!

:: :: ::

דאָס ערגסטע וועטער איז אַלץ בעסער, ווי גאָר ניט קיין וועטער!

:: :: ::

טעאָלאָגישע סעמינאַרן זענען אייגנטלעך פאַבריקן, וואָס פאַרוואַנד־לען סעמי־נאַראַנים אין פאָלנע אידיאָטן!

:: :: ::

„ווען דאָ וועט האָר וואַקסן!" — האָט זיך אַ פרומער איד געשוואוירן אויף אַ ליגן, אָנווייזנדיק אויף זיין דלאָניע.

דער כעשבן איז געווען אַז ס׳וועט אים אָנוואַקסן אַ באָרד אַף דער זשמעניע, וועט ער שוין זיין באַוואָרנט מיט פּאַרנאָסע אין קוני־איילאַנד!

:: :: ::

. . . זיין קאָפּ איז געווען אַזוי ענג אָנגעפּיקעוועט מיט אומזין, אַז איין נאַרישקייט האָט געזאָגט צו דער אַנדערער: „רוק דיך!"

:: :: ::

. . . דער דילעטאַנטיזם איז שוין בא אַסאַך געוואָרן אַ שטענ־דיקע פּראָפעסיע.

:: :: ::

. . . ער איז אַזוי מילד און פּאַלטש, ווי אַ קאַסטן ציין אין אַ גלאָז מילך.

:: :: ::

אַז אָקס וויל נעמען דעם אייגענעם שאָטן אַף די הערנער, און ברעכט דאַביי דעם אָקסישן קאָפּ זיינעם.

:: :: ::

פון דעם זעלביקן „גאָט”, וואָס האָט זיך אַליין ניט געקענט ראַטעווען באַם לעבן, פאַרלאַנגט מען פונדעסטוועגן, ער זאָל ראַטעווען אַ גאַנצע וועלט — נאָכן טויט!

:: :: ::

. . . ניטאָ קיין טרויעריקער בילד, ווי אַ מעס, וואָס איז פאַרקעמט מיט אַ רואיקן שרינט, אַף וועלכן עס שיינט די זון!

:: :: ::

מ׳שטעקט־צו אַ פעסל נאַפט, ניט דערפאַר אַז דער נאַפט זאָל ניט אויסוועפּן, נאָר קעדיי דאָס ברענענדיקע ליכט, באַ וועלכן מי צאַפּט דעם קעראָסין, זאָל ניט דערהערן, ווי דער נאַפט רופט עס . . .

:: :: ::

די קירצסטע פאָרם פון שרייבן איז דאָס אַבסאָלוטע שווייגן.
אין דער ליטעראַטור איז נאָך די־אָ הערלעכע פאָרם ביז היינט ניט אויסגעפּריפט געוואָרן . . .

:: :: ::

געוויסע פייגל דערקענען דאָס אָנקומען פון ווינטער, פון דעם וואָס זיי הויבן אָן אַוועקפליען אין וואַרעמערע לענדער.

:: :: ::

אויסלעשנדיק די עלעקטרישע ליכט, האָט דער פיזיקע־פראָפעסאָר געזאָגט צו זיין קלאַס:
אָט ווי איר זעט, מיינע ליבע, מען קאָן איצט גאָר־ניט־זען. פאַרוואָס מען קען ניט זען, וועט איר באַלד זען!

:: :: ::

אַז אַ לואַך זאָגט זיך אַזוי שטילערהייד: „היינט איז 5טער אויגוסט 1828”, וועט אים קיין מענטש אין דער וועלט ניט איבערשפּאַרן.

:: :: ::

אַז דער פראָסט נעמט עפּעס אין די הענט אריין, וועט עס שוין ניט פאַרפוילט ווערן.

באַ אַ טייל אידישע איבערזעצונגען פון היינען איז אַ טאָעס אין דער פונקטאַציע פון דער שורע, וואָס שטייט אונטערן נאָמען פון איבערזעצער. אנשטאָט „איבערזעצט אוים היינע" דאַרף הייסן: „איבערזעצט. אויס היינע!"

:: :: ::

. . . אויב מיט אייך פּאַסירט אַ ליגן, זאָלט איר בעסער קיינעם ניט דערציילן, ווייל מ'וועט אייך ניט גלויבן!

:: :: ::

דער אומאַנגענעמסטער סוינע (אויפן פעלד פון ליט־פּאָלעמיק) איז יענער, וועמען דו קאָנסט באַקעמפן מיט אַ שנאָל אין נאָז, נאָר עס רינט אים פון נאָז . .

:: :: ::

. . . לעב ווי אַ פרייער פויגל, אָבער נישט ווי אַ פרייע בהיימע!

:: :: ::

אַ אידישער שרייבער: מ'האָט אים געלערנט: אנשטאָט „ענט" זאָלסטו שרייבן „אַנט", שרייבט ער: „אַנטגילטיק", אנשטאָט „ענד־גילטיק"!

:: :: ::

. . . זיינע לידער האָבן אַ טאַם ווי אַ זעץ אין עלנבויגן!

:: :: ::

„שווער צו זיין אַ איד"; שווער צו זיין אַ גוי; שווער צו זיין!

:: :: ::

אויסגעלאָסענע וויצן זענען ווי אויסגעלאָסענע פרויען: נאָר די קלוגסטע און שענסטע פון זיי, האָבן וועלכן־עס־איז רייץ!

:: :: ::

די לופט פון „ערעץ־איסראָעל" מאַכט קלוג. דערפאַר פּאַסירט, אַז אזוי גיך ווי אַ מענטש האָט זיך גענוג אָנגעאָטעמט מיט ערעץ־איסראָעלדיקער לופט, פאָרט ער אוועק פון דאָרטן! . . .

:: :: ::

אַז אַן ערלעכער ציאָניסט שטאַרבט, וויינט מען; נישטאָ ווער ס'זאָל פאַרנעמען זיין פּלאַץ!

:: :: ::

דער כילעק צווישן דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און דער רעפּובּליקאַנער פּאַרטיי, איז דערזעלבער ווי דער כילעק צווישן דער אויבערשטער און אונטערשטער זייט פון אַ געפעלשטן האַלבן דאָלאַר!

:: :: ::

דאָרט וואו די פרוי הויבט זיך אָן, דאָרט איז דער סאָף פונם מאַן.

:: :: ::

געזונטע טרויבן זענען — געזונטע טרויבן אָבער ערשט ווען די ווײַנטרויבן צעפֿאַלן און הויבן־אָן קרענקען, ווערט דאַפון — ווײַן.

:: :: ::

בײַ אַ טייל שרײַבער איז דאָס שרײַבן אַ זאַך פון טינט, פּאַפּיר און פעדער; בײַ אַנדערע איז דאָס אַ זאַך פון נעכט אָן שלאָף, טעג אָן רו . . .

:: :: ::

אויב קאַנאַלן(אַפּן שטערן מאַרס) זענען אַ סימן פון לעבן, קען קיין ספק נישט זײַן, אַז די געלע צײַטונג . . . איז די לעבעדיגסטע צײַטונג אין דער וועלט: זי איז איין גרויסער קאַנאַל!

:: :: ::

דער רײַזע־באַשרײַבער עקס, באַשרײַבט אַ לאַנד ווי ער וואָלט געהאַלטן בײַ פאַרקויפן עס!

:: :: ::

בײַ דעם קריטיקער איפּסילאָן קומט אויס, אַז די נעשאָמע איז אַ מין סאָרט מערידן; אַז מ׳קוועטשט זיך, איז אַ סימען, אַז מען האָט עס . . .

:: :: ::

דער ביאָלאָג עקס באַווײַזט מיט עקספּערימענטן, אַז מ׳קען פאַר־בײַטן בײַ אַ וואָרים זײַנע פּאָליוסן. — דאָס הייסט: מ׳קען מאַכן פון זײַן קאָפּ אַן עק, און פאַרקערט.

קומט אײַך נישט אין זינען דער געלונגענער עקספּערימענט מיט דעם רעדאַקטאָר איגרעק?

:: :: ::

. . . אַז איך האָב אים אַ ריינע וואונד געמאַכט מיט מײַן שווערט, האָט ער נישט קריק־געשלאָגן ביז מיט עטלעכע וואָכן שפּע־טער. זײַן קאַמף־מיטל איז די פאַרזשאַווערטע שפּילקע. ביז ער לאָזט זײַנע געדאַנקען־שפּילקעס פאַרזשאַווערן, נעמט צײַט!

:: :: ::

יעדער טויט איז אומאַנשטענדיק. דערפאַר איז נישט מעגלעך אָנשטענדיק צו דערהאַרגענען אַ סוינע. אָבער מאַכן אים אַן אַנ־שטענדיקע לוואַיע — ביטע שיין!

:: :: ::

. . .ער טראָגט אַ צאַדיק פון פאָרנט, אַ צאַדיק פון הינטן. וואו איר ווילט אים אָנגרייפן איז . . . לויטער פרעמדע אידן !

:: :: ::

. . . איינער פּאַרקויפט „הייליקע ערד“, איינער פּאַרקויפט „הייליקע יעסורים“ און איינער פּאַרקויפט... „הייליקע דופּטלעך“ !

:: :: ::

ער האָט ליב די אידישע שפּראַך ווי אַ צירונג־סויכער האָט ליב זיין געשעפט. אין לעצטן פאַל, קאָן ער זיך פונדעסטוועגן נעמען צו עפּעס אַן אַנדערער פּאַרנאָסע.

איך בין מיט איר אייגס, ווי מיט מיין צונג. קיין נייע צונג קען מען זיך נישט אריינשטעלן ! . . .

:: :: ::

באַטראַכט די „לייטע מיט די הענגוואָגן“ וואָס שלעפּן זיך אַרום אין די קור־ערטער ! זיי האָבן גאַרנישט צו פּאַרקויפן. זייער געשעפט איז בלויז אייך אָפּצואָווענגן פּאַר צוויי גראָשן . . .

קענט איר זיך פאָרשטעלן, אַז די וואָג־לייט גייט טאַקע בעעמעס אָן וויפיל איר ווענט ? און אַז זיי גערענקען עס שפּעטער ?

:: :: ::

ס'איז אַ כילעק, אַז אַ דאָקטאָר ווענט און אַז אַ „ווענער“ ווענט. דער ערשטער ווענט אייך אָפּ, קעדיי אייך צו היילן, דער אַנדערער ווענט אייך אָפּ, קעדיי צו פּאַרדינען צוויי פעניג . . .

:: :: ::

. . . זיין געהירן אַרבעט ווי אַ זייגער וואָס האָט אַלצדינג וואָס אַ זייגער דאַרף האָבן — אַכוץ ווייזערס ! . .

:: :: ::

איך קאָן אַ געוויסע בעהיימע וואָס איז אַף די עלטערע יאָרן געוואָרן אַזוי קינדיש אַז ווען מ'האָט זי געקוילעט האָט זי געהאַט אַ טאַם פון . . קאַלבפליייש

:: :: ::

. . . אַ טייל שרייבער ווערן געבילדעטע מענטשן דאַפּון וואָס זיי לייענען . . . זייערע אייגענע ביכער

:: :: ::

. . . ווען די וועלט (ווי די גריכן זאָגן) זאָל האָבן באַשאַפן געוואָרן פון פרויען (געטינעס) וואָלט אַף דער זון אַוואַדע געהאַנגען אַ פּורהענגל, און ביידע פּאָלוסן פונם ערד־רונד וואָלטן געווען באַ־פּוצט מיט סטענגעלעך . . .

:: :: ::

די דייטשע פרויען האלטן פאר אומאנשטענדיק צו קוקן אף נאקעטע שטיין פיגורן פון מענער, אכוץ אויף דער „לעבנס־גרויסע" פיגור פון הערקולעס.

בא אזעלכע דימענזיעס איז שוין, פארשטייט זיך, נישט שאיך צו זאגן אומאנשטענדיק.

:: :: ::

איך קאן מענטשן וואס זענען בא זיך אזוי שטאלץ, אז סי שטייעט זיי נישט אן צו רעדן מיט זיך אליין . . .

:: :: ::

. . . דער וועג איז אזא שרעקלעך ווייטער, אז מער ווי אהין קען אן עלטערער מענטש נישט פארן!

:: :: ::

א גוטער אקטיאר דארף זיך קענען נישט נאר פארשטעלן זיך אליין, נאר ער דארף אויך קענען אמאל פארשטעלן זיין טאלאנט, אז מ'זאל מיינען, אז ער וויל גוט שפילן און קען נישט . . .

. . . אבער דא דארף מען שוין אכוץ פארשטעלן אויך קענען איינשטעלן דעם נאמען, די פארנאסע. און זייער ווייניק אקטיארן האבן מוט דאצו.

:: :: ::

. . . אז א מענטש קען אזוי קינסטלעריש גאנווענען, פארדינט ער זיך ערלעך זיין שטיקל ברויט.

:: :: ::

ס'איז ביטער גענוג, אז א פארשער פארשט צוליב דעם עסן. אבער צום שטוינען איז, אז מען רופט אן א מענטשן „פארשער", דאפאר וואס ער פארשט אין דער אייגענער קיך, צי ס'איז דא עפעס צו עסן.

:: :: ::

נישטא קיין עלענדערע זאך ווי א מעם וואס איז פריש אפראזירט, און א ביים־אוילעם אף וועלכן עס שיינט די זון! . . .

:: :: ::

. . . טויטע גערדאנקן — זיי האבן נישט מער וואס צו טאן!

:: :: ::

מענטשן ווערן געוויינלעך באשאפן אין דער פינצטער. דעריבער אזא נאטירלעכער פארלאנג צו . . . פינצטערניש!

:: :: ::

אן עלטערע קו מעג זיך טאקע פילן „יונג אין גייסט", אבער איר פלייש מוז זיך לייגער קאכן! . . .

. . . אַז מ׳האָט געקווילעט דעם „שויכעט” אַליין, האָט מען ערשט געזען, ווי טרייף ער איז געווען אַלע זיינע יאָרן!

:: :: ::

. . . אַ פּונק האָט געזאָגט צו׳ן אַן אַקאַלאַט שטרוי: „ברודער!”, בעאיים ער איז אים אַרויפגעפאַלן אַפן אַקסל.

:: :: ::

ווי איינזאַם אַ וועג זאָל נישט זיין, גייט ער פאָרט אַהין און... קריק!

:: :: ::

פיינט האָבן קען מען בלויז אַזעלכע מענטשן, וואָס מען קען זייער גוט, אָדער . . . גאָרנישט!

:: :: ::

דער קריטיקער עקס האָט אויף דער עלטער גענומען אָנפילן זיין שפּריצפּעדער מיט . . . מילך, צי געבן קינדער צו זויגן!

:: :: ::

דער זעלבער קריטיקער האָט די לעצטע צייט אויפגעהערט „קנייפּן אונטערן טיש” און גענומען רייבן פּרעמדע באַקן מיט זאַמדפּאַפּיר — מ׳זאָל מיינען, אַז ער גלעט זיי!

:: :: ::

מיין טייערע, איך האָב דיך אייביק ליב — אַצינד!

:: :: ::

. . . נישטאָ קיין ערגערע ריזיקע באַם טעאַטער ווי . . . נישט צו שפּעקולירן!

:: :: ::

איך האָב פיינט אַלע אומווערדיקע מענטשן. נאָך מער האָב איך פיינט יענע פון זיי, אַף וועלכע איך קען נישט געפינען קיין גוטן טערעץ פאַרוואָס איך דאַרף זיי פיינט האָבן!

:: :: ::

. . . איר זאָגט, אַז דאָס וואָס איר באַשרייבט אין אייער עסקיז, האָט מיט אייך אַליין פּאַסירט? אויב אַזוי, מיין ליבער פריינט, האָט מיט אייך פּאַסירט אַ ליגן!

:: :: ::

אַ טייל שרייבער גיבן די מענטשן פון דער אַלטער צייט אַזוי, אַז מען באַקומט דעם איינדרוק, אַז מיט יאָרן קריק זענען אַלע מאַנצבילן געווען זיידעס, אַלע פרויען — באָבעס!

:: :: ::

עס זענען פאַראַן דרייערליי וועגן ווי אַזוי צו מאָלן די אַלטע

צייט. איינס: געבן בלעך־בילדלאך פון יענער פעריאָדע — פאַר־ווישטע און קוים צום אָנזען. דאָס פאָטאָגראַפי־בלעכל אליין (דער „דעגעראָטיפּ״) טראָגט שוין מיט זיך אַן אַלטן פעריאָד.

צוויי: געבן „טיפּן״ פון יענער צייט—זייערע קליידער, זייערע פּאַרוקן.

דריי: געבן דאָס וואַסער און דאָס ברויט און דאָס פלייש, אַף וועלכע יענער „טיפּ״ האָט זיך אויפגעהאָדעוועט.

אַ טייל שרייבער באַנוצן זיך אינגאַנצן נישט מיט די אויסגע־רעכנטע מעטאָדן. זיי האָבן אַ גרינגער מיטל: זיי פאָטאָגראַפירן אַ לועך פון יענעם יאָר, מיט בעפיירישע דאַטן פון יאָר, טאָג און כוי־דעש . . .

:: :: ::

ס'איז גרינג צו דערקענען אַ נאַר אין דעם, וואָס באַ אים איז זייער גרינג צו דערקענען ווער ס'איז אַ נאַר און—ווער נישט!

:: :: ::

גלויבן און נישט־גלויבן —ביידע קומען פונם זעלבן קוואַל: די ווייסט נישט — גלויבסטו; איך וויים נישט — גלויב איך נישט.

:: :: ::

איך קען אַ אידישן אַטעאיסט, וואָס גלויבט אין אינגערסאָלין ווי אין אַ גאָט . . .

:: :: ::

זיין שרייבן איז ווי אַן אונגאַרישער גולאַש — צונויפגעזוכט פון אַלטע שטיקלעך, אָפּשניצלעך, אָפּט זייער ווידערשפּרעכנדיקע. פון אויבן באַשיט ער עס מיט פעפער, קעדיי מ'זאָל נישט דערקענען ווי נישט פריש דאָס איז — !

:: :: ::

אַז גאָט געפינט ערגעץ אַפן בוידעם אַן איבעריקע באָרד, וואַרפט ער שוין צו אַ . . . ראָוו, אָדער אַ גאַלעך, קעדיי באָרד זיל נישט אומגיין ליידיק, און קעדיי געוויסע „קריכערלעך״ זאָלן האָבן אַף וואָס צו לעבן.

:: :: ::

דאָס נאָכמיטאָג־בלאַט . . . אַף אַ ווייל, שטינקט אַף אַ מייל!

:: :: ::

אַ מענטש וואָס גאָט האָט גענומען (אָן זיין וויסן) און אים פאַר־שלייערט צו דער „בלינדער קאַלע״: לעבן, פאַרדינט ערלעך אַז מ'זאָל אים געבן פרייע קעסט אַף אייביק, און צום מינדסטנס הונדערט טויזנט דאָלאַר אין מעזומען געלט . . .

. . . איך בין אַזוי פול מיט פרייד, אַז ווען עמיצער גיט אַ לעק מיין האַרץ, וואָלט ער געוואָרן שיקער!

:: :: ::

דאָס פריילין עקס איז אַזוי נאַאיוו, אַז זי ווייסט אפילו נישט, אַז מען דאַרף טראָגן אונטערשטע וועש, אַז דו רעדסט צו איר, קייט זי אַ שפּיץ פון איר קליידל . . .

:: :: ::

אַ טייל מענטשן געדויערט אַזוי לאַנג צו כאַפּן וואָס אַ שרייבער מיינט, אַז ווען זיי הויבן עס שוין סאַפּקאַלסאָף אָן צו פאַרשטיין, הערט עס שוין אויף צו מיינען דאָס וואָס דער שרייבער האָט גע־מיינט . . .

:: :: ::

קלוגע מענטשן טראַכטן אויס נאַרישע געדאַנקען און נאַראָנים פאַרשפרייטן זיי.

:: :: ::

ער שפּרודלט מיט . . . נאַרישקייט!

:: :: ::

. . . וואו ער קומט, לויבט ער זיך אַזוי שטאַרק, אַז ווײַדוויך ווערט באַלד טייערער, און אָרימע לייט קאָנען זיך נישט פאַרגינען צו קויפן לאָרבער־בלעטלעך אויף איינצומאַרינירן הערינג.

:: :: ::

די דייטשע פרויען זינדיקן — בלויז אין זייערע טאָג־ביכער.

:: :: ::

דער דענקער „עקס" איז מער פריינט פון געדאַנקען, ווי פון מענטשן . . .

:: :: ::

אויב ס'איז עמעס, אַז יעדער, וואָס שטאַמט אָפּ פון אַ אידן, איז בעטייווע אַ קאַרגער, דאַן מוז דער קריטיקער „עקס" שטאַמען פון מערערע אידן . . .

:: :: ::

דאָס פייער וויינט אַז מען הײַלט עס מיט וואַסער.

:: :: ::

דער געצאַמטער וואָלף איז אַ הונט קעגן זיך אַליין.

:: :: ::

דער געוויסער באַנקיר „עקס" האָט באַנקראָטירט און — גע־עפנט אַ גרעסערע באַנק.

:: :: ::

וויץ און נאַרישקייט זענען אַ צווילינג, נאָר איינער פון זיי איז געבוירן געוואָרן מיט אַ מינוט פריער . . .

:: :: ::

דער לועך (ווי אַ קריטיקער) קאָן הונדערט מאָל זאָגן „שאַבעס", אָבער דעם טאַם פון קוגל ווייסט ער פאָרט נישט.

:: :: ::

:: :: ::

זי האָט זיך מעיאַשעוו געווען און האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַביסל עלטער . . .

:: :: ::

אַ גרויסער קאָלומבוס האָט אַנדעקט אַמעריקע. אַ קליין טאַטע־לע האָט באַשאַפן קאָלאָמבוס'ן!

:: :: ::

גלעזערנע הויזן זענען עפּשער עמעסער און ריינער, אָבער לייווענטענע זענען אַנשטענדיקער!

:: :: ::

אַ לוי־איצלעך האָט שטענדיק מוירע טאָמער שטאַרבט ער מאָרגן, עסט ער דערווייל, לעבט ער.

אַ פּראַקטישער מענטש האָט שטענדיק מוירע טאָמער לעבט ער מאָרגן, פאַרגינט ער זיך ניט ס'לעבן — שטאַרבט ער.

:: :: ::

איך קען „אַנשטענדיקע לייטע", וואָס צוליב ריינקייט, נוצן זיי שטענדיק איינס און דאָסזעלבע נאָזטיכל . . .

:: :: ::

ניו־יאָרק מוז מען באַוואונדערן, פּאַריז מוז מען ליב האָבן!

:: :: ::

נאָכדעם ווי די זיבן מאָגערע קי האָבן איינגעשלונגען די פעטע, האָבן זיי זיך אַזוי פּאָפּראַוועט, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן האַלטן בלויז פון . . . פעטע בעהיימעס!

:: :: ::

לעסינג זאָגט: „ווען ראַפאַעל זאָל געווען געבוירן ווערן אָן הענט, וואָלט ער אַלץ געווען אַ מאָלער".

אָפּ דעם אַרויף קאָן מען זאָגן, אַז ווען דער קריטיקער עקס זאָל געווען געבוירן ווערן אָן אַ קאָפּ, וואָלט ער אַלץ געווען געמאַכט אַ לעבן פון . . . קריטיק

:: :: ::

אַף קיין שפּראַך קען מען נישט זאָגן מיט אזוי פיל ביטול „ווייסיך וואָס, אידיש איז עך־מיר א שפּראַך!" ווי — אַף אידיש!

:: :: ::

דעם דיכטער עקס האָב איך קיינמאָל נישט געלייענט. נאָר איך שטעל מיר פאָר, אז ער דאַרף שרייבן אומגעפער אזוי ווי דער דיכטער איפּסילאָן, — וועמען איך האָב אויך קיינמאָל נישט געלייענט.

:: :: ::

צומערשטן האָבן זיך די געטער צעבראָכן די קעפּ, ווי אזוי צו באשאַפן די וועלט פון דער פינצטערניש ארויס. איצט איז די וועלט אזוי ליכטיק, אז די געטער ברעכן דאָביי די קעפּ!

:: :: ::

. . . איך האָב ליב דאָס אידישע פאָלק — פערזענלעך.

:: :: ::

א מענטש מעג נישט קענען גוט קיין גראַמאַטיק, האָבן א שלעכ־טע האַנטשריפט, נישט האָבן דורכגעמאַכט אפילו קיין עלעמענטאַר שול און פונדעסטוועגן זיין זייער א שלעכטער שריפטשטעלער!

:: :: ::

דעם אונטערגאַנג פון דער שרייענדיקער זון באַזינגען אלע, אָבער וואו זענען די זינגער וואָס באַזינגען דאָס אונטערגיין פון דער לעוואָנע? וואו זענען די דיכטער וואָס מערקן דעם באַשיידענעם אונטערגאַנג פון די שטערן?

:: :: ::

שטיל ווי א טראָפּן וואסער אין א פעסל אקוויט —

:: :: ::

דאָס הייליקע ליכט ווערט צעשמאָלצן פון נאַכעס, דאָפון וואָס דער יונגער קנויט גייט אויס!

:: :: ::

אז מ'ווייזט דער נאַטור א שפּיגל, פאַרשעמט זי זיך און ווערט רויט.

:: :: ::

איך גלויב אין דער מיסטעריע פונם וואָרט, ווען עס זאָל מעגלעך זיין, אז צוויי דיכטער זאָלן שרייבן אַקוראַט דיזעלבע צוויי לידער, וואָלטן זיי פונדעסטוועגן געמיינט בא יעדן עפּעס אַנדערש!

:: :: ::

דער רעדאַקטאָר עקס איז פלאַך אין אלע דריי דימענזיעס!

:: :: ::

די ראָמאַנטיקער פלעגן באַזינגען דעם בוים צוליב דעם פיינעם

דופט פון דער בליאונג, די וויזיאָניסטן פלעגן אים באַזינגען צוליב דער שיינקייט פונם צוועט. — אָבער עמעסע דיכטער באַזינגען אים צוליב דער נוצלעכקייט פון זיין פרוכט . . .

:: :: ::

זייער־זייער ווייט אין מזרח איז . . . מערב!

:: :: ::

:: :: ::

. . . ווען אַ שטיין פאַלט אויף איר האַרץ, וואָלט ער זיך צע־בראָכן!

:: :: ::

. . . דו פרעגסטמיך ווי סי געפעלט מיר פּאַריז? איך קען דיר בלויז זאָגן, אַז ווען צוויי פיש טרעפן זיך אין דער סעין, און איינער פרעגט באַם אַנדערן ווי אַזוי ער פילט זיך, ענטפערט ער „אַזוי ווי . . . נאַדיר אין פראַנקרייך".

:: :: ::

. . . דער הימל האָט איבערגעקערט אויף אונדזערע קעפּ אַ גאַנצן פאַמעשאַף מיט שטערן!

:: :: ::

האָב ליב דיין ווייב און דיין שאָכן, האָב ליב דיין ווייב ווי דיין שאָכן האָט זי ליב!

:: :: ::

ווען די זינד וועט איר טאַם פאַרלירן, וואָס וועט פון אונדזער וועלט ווערן? . . .

:: :: ::

אין דער ברוסט פון דער „פרוי ציוויליזאַציע" איז די מילך אַזוי איבערטריבן זיס, אַז ווער עס זויגט פון איר, ווערט יענעם אין מויל זויער . . .

:: :: ::

. . . צי זי איז טאַקע געווען אַזוי אומשולדיק — דאָס ווייס איך נישט, אָבער מיאוס איז זי זיכער געווען און בײַ אַ פרוי איז די מיאוסקייט אַליין שוין מער ווי אַ האַלבע אומשולד . . .

:: :: ::

נאָך דער גאַנצער דערהויבנקייט פונם מענטשן צו „דער קרוין פון דער וועלט", מוז מען די בעסטע און שענסטע זינגערין פאַר־גלייכן צו אַ פייגעלע, קעדיי צו האָבן אַ באַגריף ווי איבערמענטשלעך זי איז . . .

:: :: ::

. . . די שלאַנג שטעקט אַריין איר גיפטיק צינגל אין דער הוילער לופט, און איז באַ זיך זיכער, אַז זי האָט פאַרסאַמט דעם טאָג.

ווען די נאַכט קומט אָן, ליגט זי באַרואיקט אונטערן שטיין, זי ווייסט אַז דאָס איז דער טאָג געשטאָרבן פון דער וואונד וואָס זי האָט אים געמאַכט.

:: :: ::

די אנשטענדיקע פרוי אַזוי־און־אַזוי, האָט פונדעסטוועגן שטילער־הייד געהאַט זייער אַ האָריזאָנטאַלע באַשעפטיקונג.

:: :: ::

איך האָב גענומען לייענען ...ערס לאַנגווייליגע קריטיק און בין אנשלאָפן געוואָרן. אין כאַלעם האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך לייען ווייטער דיזעלבע קריטיק, און עס איז מיר געוואָרן אַזוי נודנע, אַז איך האָב גענומען געניצן פון שלאָף, און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט.

:: :: ::

פאַראַן „דענקער" וואָס די קריטיק" זאָלבט זיי, גיסט זיי אויל אַפן קאָפּ.

דער נעמלעכער זאַלב־אויל, שטילט־איין דאָס ביסל אויפגעשטורמטע געדאַנקען, ווי בוימל שטילט־איין די פאַליעס פון אַ וואַסער . . .

:: :: ::

די מענטשן טיילן זיך אַף צוויי קלאַסן — די וואָס טיילן די מענטשן אַף צוויי קלאַסן, און די וואָס טיילן נישט די מענטשן אַף צוויי קלאַסן!

:: :: ::

. . . אַ קנעפּל וואָס פאַרבלאָנזשעט נישט־אין־דער־ריכטיקער פּיטעלקע איז — אַן אומאַנשטענדיק קנעפּל.

:: :: ::

אינם אָריענט לעבן אַסאַך מענטשן דאָפּן, וואָס זיי טראָגן דער וועלטס לאַסטן — אַפן קאָפּ. דערפאַר איז דער אָריענט אַזוי פול מיט פילאָזאָפן.

:: :: ::

אַז מ'זעט וויפיל אידישע מענטשן עס האַלטן זיך באַ דער „קונסט" און באַ דער „קריטיק", זעט מען ערשט וואָס פאַר אַ פאָלק פון אַקשאָנים מיר זענען!

:: :: ::

זיי זאָגן: אין דער קונסט איז די פאָרם — אַלדינג, דער שטאָף — גאָרנישט.

איך וואָלט געוואָלט זען, צי יענע וואָס גלויבן, אַז די „פאָרם איז אַלדינג" וואָלטן געוואָלט באַצאָלן 45 דאָלאַר פאַר אַן אַנצוג, אָן שטאָף, בלויז דערפאַר וואָס דער שניידער האָט זיי גענומען זייער אַ שיינע מאָס!

:: :: ::

ווען דער רעדאַקטאָר „עקס וואָלט געהאַט אַביסל מער סייכל, וואָלט ער געווען אַ פולשטענדיקער אידיאָט!

:: :: ::

:: :: ::

דער ציילעם איז אַן עכט־אידישער סימבאָל: ליגסטו אין דער ליינג ליג איך אין דער ברייט . . .

:: :: ::

דער מאָגן־דאָוויד איז דורכאויס העלעניש. שוין מיט דעם וואָס אַ פּאָר (טריאַנגלען) ליגן אין סימעטרישער שיינקייט איינס אַפ'ם אַנדערע.

די גאַנצע אידישקייט פונם מאָגן־דאָוויד איז בלויז אין די שפּיצן . . .

:: :: ::

איך וואָלט געראָטן, אַז קעדיי־פּאָטער צו ווערן פון דער אידן־פראַגע, זאָל מען מאָלע זיין באַ די אידן — די נעז . . .

:: :: ::

. . . ס'איז גאָרנישט געווען קיין קלוגער אויפטו פון משה בן עמרם אַרויסצופירן די אידן פון מצרים און זיי אַריינפירן אין דער מדבר אַריין.

מער כאָכמע וואָלט געווען, ווען ער פאַרנאַרט די עגיפּטער אין דער מדבר אַריין און לאָזט די אידן אין דער היים . . .

:: :: ::

. . . אַז אַ קיעווער אידענע איז אַרומגעגאַנגען אין דער מדבר און געפרעגט: „וואו איז מיין מאַן?" האָט מען נישט געוואוסט, צי עס פעלט איר דער מאַן, צי חיונה . . .

:: :: ::

וויפיל מענטשלעכע קאָרבאָנעס האָט שוין דער וועלט געקאָסט דער „הייליקער דורכשניט"!

:: :: ::

די אידן שמעקן נישט די אַלע פּעלקער, וואָס האָבן ווייניקער מיט וואָס צו שמעקן!

:: :: ::

א גאַליציאַנער איד, וואָס האָט אריבערגעשטעקט א האנט איבער דער רוסישער גרעניץ, האָט זי באַלד קריקגעכאַפּט און באַמערקט:
„אָ־וואַ, אין רוסענלאַנד איז טאַקע קעלטער ווי בא אונדז!"

:: :: ::

אין דער שטאָט... איז יעדערדריטער מענטש א נאַר; די ערשטע צוויי זענען — נאַראָנימלעך.

:: :: ::

א טייל שרייבער שרייבן דערפאַר ווייל זיי מוזן אַנדערע שרייבן דערפאַר, ווייל זיי ווייסן ווי אַזוי.

:: :: ::

די צאָרע מיט דער וועלט איז, וואָס עס זענען פאַראַן בלויז צוויי געשלעכטער, און זיי זענען אויך נישט פון די סאַמע בעסטע.

:: :: ::

ס'איז זיכער, אז דער באַשאַפער פון דער וועלט איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי „יעהאָוואַ".

א „גאָי" (אפילע א גאָט) וואָלט זיך נישט גענומען צו אַזא ריזי־קאַליש געשעפט, און דערצו נאָך אָן א גראָשן מעזומענע געלט.

פון 1930 ביז 1935.

# אינהאַלט

# אנדערע ביכער פונזעלבן מעכאבער:

ווילדע רויזן ליטעראַרישער פאַרלאַג, ניו יאָרק.

פון מענטש צו־מענטש, פאַרלאַג „ווערבע", ניו יאָרק.

אויף געלעכטער, " " "

מעשהילאַך מיט אַ מאָראַל, " " "

קום שפּאַצירן, געליבטע! " " "

מיינע הענט האָבן פאַרגאָסן דאָסדאָזיקע בלוט, "

(צווייטע אויפלאַגע פון דיזעלבע לעצטע זעקס ביכער, פאַרלאַג מייזל, נ. י.)

Peh-el-Peh,

Pagan Publishing Co., New York

פון נעכטן ביז מאָרגן, פאַרלאַג ב. קלעצקין, ווארשי.

דער פאַרזונקענער גלאָק (איבערגעדיכטעט) "

פון־מענטש־צו־מענטש (נייע פאַרבעסערטע אויפלאַגע), פאַרלאַג ב. קלעצקין, וואַרשע.

אַ לאָמפּ אַפן פענצטער, (לידער), פאַרלאַג נאַראַיעוו, נ. י.

דערלאַנג אַהער די וועלט, בורזשוי, פאַרלאַג „פרייהייט", נ. י.

אונטער דער זון פאַרלאַג „פרייהייט", נ. י.

פון מיר צו דיר, פאַרלאַג „קולטור־ליגע", קיעוו.

געקליבענע ווערק (רעווידירטע אויפלאַגע פון די גאַר ערשטע ביכער. אין 5 בענד, צישן וועלכע עס געפינט זיך דאָס שפּעטערע און נייע בוך „פון נעכטן ביז מאָרגן"), פאַרלאַג ב. קלעצקין, וואַרשע.

ריווינגטאָן סטריט, (פּאָעמאַ), פאַרלאַג „מאָרגן־פרייהייט", נ. י.

טעג פון מיינע טעג, " " " "

פּאָלעמיק, אידביוראָ פאַרלאַג, ניו־יאָרק

טויט און פעדער, " "

קינד און קייט, פאַרלאַג אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן, נ. י.